א. ריקלים.

# ליעוו טאָלסטאָי

(זײַן לעבען און זײַנע ווערק).

פֿערלאַג
„וועלט-ביבליאָטעק".

וואַרשא. תרע״א.

דרוק י. עדעלשטײַן, נאַלעווקי 38.

# די וואנדער־יאהרען.

וואו דארף מען זוכען די אמת'ע לעבענס־געשיכטע פון א קינסטלער. — טאלסטאי'ס פאמיליע און די ערשטע קינדער־יאהרען. — די ערשטע ערשיינונג פון טאלסטאי'ס „איך". — קינ'ס שטעמפעל. — קדושה און טומאה. — טאלסטאי'ס ערשטע מאראלישע איבערלעבונגען. — נעכליודאוו־טאלסטאי און זיין ערשטע ענטוישונג. — טאלסטאי אויף קאווקאז. — דער אנהויב פון זיין קינסטלערישער טעטיגקייט. — אין סעוואסטאפאל. — ווי אזוי טאלסטאי האט פערשטאנען טאפפערקייט. — אין רוסלאנד און אין פעטערבורג. — טאלסטאי'ס פעדאגאגישע טעטיגקייט און זיין אנארהישע שולע.

ווען איינער א פערלעגער האט זיך צוריק מיט א צייט געווענדעט צו א בעוואוסטען רוסישען שריפטשטעלער מיט א פארשלאג אנצושרייבען זיין אייגענע ביאגראפיע, האט יענער קורץ אבגעענטפערט: „איך בין געבוירען אין אזא און אזא יאהר, חתונה געהאט אזוי פיעל און אזוי פיעל מאל, אלט בין איך אזוי פיעל און אזוי פיעל יאהר, דאס איבעריגע קאנט איהר אליין צוטראכטען"...

די דאזיגע קורצע הומאריסטישע ווערטער זענען א גוטער ענטפער פאר די אלע, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט די פאקטען, ערוויינערונגען און אנעקדאטען פון גרויסע מענשען, פאר די אלע, וועלכע מיינען, אז פערשטעהן די נשמה פון גרויסע מענשען קאן מען דורך ערלערנען די פאקטען פון זייער לעבען. דען וואס דערצעהלען פאקטען וועגען אינערליכען לעבען פון א גרויסען קינסטלער אדער פאעט? לעבט דען אין פאקטען דער מענש, ובפרט נאך דער קינסטלער? א קינסטלער האט נאר דאס, וואס ער האט געשאפען, פאקטען איילוסטרירען נאר זיינע אינערליכע איבערלעבונגען. וויל מען א קינסטלער פערשטעהן, מוז מען זיך פריהער פון אלץ ווענדען צו זיינע ווערק. און אויך דער קינסטלער אליין, ווען מען פרעגט איהם, ווי

אַזוֹי ער האָט געלעבּט, וואָס ער האָט געזעהען און געדענקט אויף זיין לעבּען, קאָן נאָר אָנווייזען אויף זיינע ווערק: אָט דאָס איז אַלין, וואָס איך האָבּ געשאַפֿען און אָט דאָ קאָנט איהר געפֿינען דעם שליסעל צו מיין נשמה.

נאָך מעהר איז דאָס אָנגעווענדעט צו דער לעבּענס-געשיכטע פֿון גראַף טאָלסטאָי.

ווער עס וויל פֿערשטעהן טאָלסטאָי'ען אין זיין גאַנצער גרויס, מוז פֿריהער פֿון אַלץ שטודירען זיינע ווערק, דען עס איז שווער צו געפֿינען נאָך אַזאַ קינסטלער, וועמענס פּערזענליך אינערליך לעבּען זאָל זיך אַזוֹי אויסדריקען אין זיין שאַפֿונג און וועמענס שאַפֿונג זאָל זיין אַזוֹי צוזאַמענגעבּונדען מיט די אינערליכע איבּערלעבּונגען, ווי גראַף טאָלסטאָי. טאָלסטאָי'ס לעבּען — דאָס זענען זיינע ווערק און דערצעהלען די לעבּענס-געשיכטע פֿון טאָלסטאָי, הייסט, דער-צעהלען דעם אינהאַלט פֿון אַלע זיינע ווערק, אַלס קינסטלער, רעפֿאָר-מאַטאָר און מאָראַליסט.

דאָס לעבּען און שאַפֿען פֿון גראַף טאָלסטאָי איז אַ געשיכטע פֿון אַ געניאַלען מענש, וועלכער האָט פֿון קינדרווייז אָן ביז די לעצטע טעג פֿון זיין טראַגישען טויט געהאַט אויסצושטעהן אַ געוואַלדיגען אינערליכען קאַמפּף, זוכענדיג דעם אמת, שטרעבּענדיג צו בּויען זיין אינערליכע מאָראַלישע וועלט-אַנשויאונג. אַלע זיינע ווערק, פֿריהער די קינסטלערישע, דערנאָך די מאָראַליסטישע און פֿילאָזאָפֿישע, זענען ניט מעהר, ווי אַ אויטאָבּיאָגראַפֿיע פֿון אַ געניאַלען מענש, פֿון אַ גרויסען „איך”, וועלכער איז. שאַפֿענדיג מיט זעלטענער רוהיגקייט און אַנשוילּיכע אָבּיעקטיוויטעט אַ וועלט מיט העלדען און טיפּען, דאָך שטענדיג געבּליבּען אינערליך סובּיעקטיוו און נאָר געשטרעבּט צו איין ציעל: געפֿינען דעם ריכטיגען לעבּענס-וועג, דעם איינ-פֿאַכען אמת.

ווען מיר ווילען, אַלזאָ, פֿערשטעהן די אינערליכע איבּערלע-בּונגען פֿון גראַף טאָלסטאָי אין פֿערשידענע עפּאָכען פֿון זיין לעבּען, מוזען מיר זיך ווענדען צו זיינע ווערק, און אויך, פֿערקעהרט, אויבּ מיר ווילען פֿערשטעהן זיינע שאַפֿונגען אַלס עטוואָס גאַנצעס, מוזען מיר אַלערערשטענס דורכשטודירען יענע גרויסע עוואָלוציע, וועלכע עס האָט דורכגעמאַכט טאָלסטאָי'ס געניוס אין זיין שווערען לאַנגען לעבּענס-גאַנג.

גראַף ליעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי איז געבוירען געוואָרען דעם 26־טען אויגוסט 1828. ער שטאַמט פון אַן אַלטער רוסישער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, פון זיין מוטער'ס צד איז ער אַ איינינקעל פון די „ריוריקאָוויצעס“ און מיט דער דאָזיגער אַריסטאָקראַטישער אָבשטאַמונג פלעגט טאָלסטאָי שטאָלצירען פיעל יאָהרען ביז דעם גרויסען קריזיס, ווען ער האָט ראַדיקאַל געביטען זיינע אַנשויאונגען און געוואָרען אַ „נייער מענש“. טאָלסטאָי'ס פאָטער, ניקאָלאַי איליאיטש, האָט געדיענט אין דער אַרמעע און אַלס אָנגעזעהענער מענש האָט ער געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט. בעקומענדיג פון זיין פאָטער אַ אימעניע, וועלכע איז געוועזען פאָלקאָם רואינירט און געהאַט אויף זיך פיעל בעלי־חובות, האָט טאָלסטאָי'ס פאָטער, ווי עס פאַסט פאַר אַ אַריסטאָקראַט, פריהער פון אַלץ אָבגעצאָהלט די בעלי־חובות און אַליין געבליבען ביי גאָרנישט. כדי אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער דאָזיגער אונאַנגענעהמער לאַגע, האָט מען טאָלסטאָי'ס פאָטער געצוואונגען, ווי עס האָט זיך געפיהרט אין יענע צייטען, חתונה צו האָבען מיט דער פירשטין וואָלקאָנסקאַיאַ, זעהר ניט קיין שענע, נאָר איינע פון די רייכסטע אין רוסלאַנד. דאָס לעבען פון טאָלסטאָי'ס עלטערען איז געגאַנגען פרידליך און גליקליך, נאָר ווען דער קינפטיגער געניאַלער שרייבער ליעוו ניקאָלאַיעוויטש איז נאָך קיין דריי יאָהר ניט אַלט געוועזען, איז שוין געשטאָרבען זיין מוטער. מיט 6 יאָהר שפעטער איז אויך געשטאָרבען דער פאָטער, און צו 9 יאָהר איז ליעוו ניקאָלאַיעוויטש שוין געוועזען אַ יתום פון פאָטער און מוטער.

אָט דאָס איז אַלץ, וואָס מיר ווייסען פון טאָלסטאָי'ס קינדער־יאָהרען אין אויסערליכען זינן. דאָס איבעריגע געפינען מיר אין זיין ערשטען ווערק, „Дѣтство, отрочество и юность“ וועלכעס זאָגט אונז פיעל מעהר, איידער די אויסערליכע פאַקטען.

לויט ווי עס דערצעהלען טאָלסטאָי'ס ביאָגראַפען, האָט טאָלסטאָי פריהער געהאַט אַ גראַנדיעזען פלאַן אָנצושרייבען אַ גרויסען ראָמאַן, אין וועלכען ס'זאָל דורכגעהן דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען, אָנהויבענדיג פון וויעגעל ביז דעם טויט. נאָר פון דעם פלאַן איז גאָרניט געוואָרען, און טאָלסטאָי האָט זיך געמוזט בעגנוגענען מיט די ערשטע דריי עפאָכען פון'ם מענשענס לעבען: די קינדער־יאָהרען, יונגעל־יאָהרען און דערנאָך בחור־יאָהרען. דאָס דאָזיגע ווערק איז בעשטימט אַ אויטאָ־ביאָגראַפיע, נאָר שוין דאָ זעהען מיר די זוימען, פון וועלכע

עס וועט זיך דערנאָך ענטוויקלען דער קינפטיגער געניאַלער מענש.

אין „Дѣтство“ זעהען מיר פאַר זיך אַ בעגאַבטע נאַטור, מיט זעהר פיהלבאַרע איידעלע נערווען, אַ קינד מיט אַ גרויסע אייגענליעבע, וואָס קאָן נאָך זיך ניט בעהערשען, נאָר וואָס פרעגט שוין שאלות, הויבט זיך אָן פערטיעפען אין זיך און אַנאַליזירען די אינערליכע איבערלעבונגען און אויך די אַרומיגע סביבה. דער העלד פון „Дѣтство“ ניקאָלינקאַ אירטעניעוו, ד. ה. טאָלסטאָי אַליין, הויבט שוין אָן אין די קינדער־יאָהרען שפירען דעם קאָנטראַסט צווישען דער ווירקליכקייט און חלום. דאָס ערשטע, וואָס טאָלסטאָי האָט דערזעהען אויף דער וועלט, איז געוועזען ער אַליין, זיין אייגען קליין וועלטעל און שוין אין „דיעטסטוואָ“ שפירט זיך דער קינפטיגער טאָלסטאָי מיט זיין אינערליכען קאַמפף און גרויסען עגאָאיזם. דאָס קינד וויל אַלעמען געפעלען ווערען, אָבער צוזאַמען דערמיט שפירט ער זיין אונבעהאָלפענהייט און ער ליידט שוין שטיל, פערטיעפענדיג זיך אין זיינע קינדישע חלומות; איהם מוטשעט, וואָס ער איז ניט שען, וואָס ביי איהם זענען די אויגען גרוי, די נאָז ברייט; ער ליידט, וואָס ער קאָן ניט נאָכטהון די גרויסע און וואָס ער איז אַזוי אונבעמערקבאַר אין דער אַרומיגער סביבה — און דאָס עגאָאיסטישע קינד, וואָס שטרעבט שוין צו שאַפען עפּעס, בעמערקבאַר צו זיין, הויבט שוין אָן שפירען דאָס ערשטע געפיהל פון איינזאַמקייט און פון וועלען. דאָס זענען די ערשטע סמנים פון דער קינפטיגער גרויסער שעפערישער נאַטור, אָבער דערווייל איז דאָס אַלץ נאָך ניט קיין ליידען, און דער אויסערליכער גלאַנץ, דער אַרומיגער סטיל פון אַן אַלטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע פערגלעט די ערשטע אינערליכע קליינע ליידען פון דער קינדישער נשמה.

נאָר די גליקליכע קינדער־יאָהרען זענען באַלד פאָראיבער. צו 12 יאָהר איז געשטאָרבען די אפּוטרופּסית פון די יתומים, גרעפין אָסטען־סאַקען און די יתומים — טאָלסטאָי זענען איבערגעגאַנגען אונטער דער השגחה פון זייער מוהמע יושקאָוואַ, וועלכע האָט געוואוינט מיט איהר מאַן אין קאַזאַן. אַהין איז אויך אַריבערגעפאָהרען די גאַנצע פאַמיליע טאָלסטאָי'ס. יושקאָוואַ איז געוועזען אַ רייכע אַריסטאָקראַטישע דאַמע, אין איהר הויז פלעגען קומען „די בעסטע געזעלשאַפט“ און דער 12־יעהריגער טאָלסטאָי איז באַלד אַריבער צו אַ קאָמפאָרט־לעבען פון דער שטילער סביבה אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

די גליקליכע קינדהייט איז פֿערשוואונדען און פֿאַר טאָלסטאָי'ען האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע, די יונגעלשע יאָהרען. דעם איבערגאַנג צו דער עפּאָכע בעשרייבט טאָלסטאָי אַליין אין זיין ווערק אַזוי:

„ציי איז אייך אויסגעקומען, לעזער, אין אַ געוויסע עפּאָכע פֿון לעבען פּלוצלונג אָנהויבען בעמערקען, אַז איהר הויבט אָן אַנדערש קוקען אויף דער וועלט, גלייך ווי אַלע זאַכען, וואָס איהר האָט געזעהען ביזהער, האָבען זיך אויסגעדרעהט צו אייך מיט אַנאַנדער, נאָך ניט בעקאַנטער זייט. אַזאַ אַרט מאָראַלישע ענדערונג איז פֿאָרגעקומען אין מיר דאָס ערשטע מאָל, בעת אונזער רייזע, פֿון וועלכער איך רעכען דעם אָנהויב פֿון מיינע יונגעל-יאָהרען.

„מיר איז צום ערשטען מאָל געקומען אין קאָפּ אַריין אַ קלאָרער געדאַנק וועגען דעם, אַז ניט מיר אַליין, ד. ה. אונזער פֿאַמיליע, לעבען אויף דער וועלט, אַז ניט אַלע אינטערעסען דרעהען זיך אַרום אונז, און אַז עס עקזיסטירט אַנאַנדער לעבען פֿון מענשען, וועלכע האָבען קיין געמיינזאַמעס מיט אונז ניט, וועלכע מיר געהען ניט אָן, און וועלכע וויסען זאָגאַר ניט וועגען אונזער עקזיסטענץ.

„ווען איך האָב געקוקט אויף די דערפֿער און שטעדט, וועלכע מיר זענען דורכגעפֿאָהרען, וואו אין יעדען הויז האָט געוואוינט חינציגסטענס אַזאַ פֿאַמיליע, ווי אונזערע; אויף די פֿרויען און קינדער, וועלכע האָבען מיט אַ מינוט-נייגיעריגקייט געקוקט אויף אונזער קאַרעטע און דערנאָך פֿערשוואונדען געוואָרען; אויף די קרעמער, פּויערען, וועלכע האָבען ניט בלויז אונז ניט געגריסט, נאָר זאָגאַר אויף אונז קיין קוק ניט געוואָלט געבען, — דאַן איז מיר צום ערשטען מאָל איינגעפֿאַלען דער געדאַנק: וואָס זשע דען קאָן זיי אינטערעסירען, ווען מיר געהען זיי גאָרנישט אָן? פֿון דער פֿראַגע זענען ענטשטאַנען אַנדערע: ווי און מיט וואָס לעבען זיי, ווי אַזוי ערציהען זיי זייערע קינדער, לערנען זיי זיי, לאָזען זיי זיי שפּיעלען, שלאָגען זיי זיי?...

„צווישען די מיידלעך און אונז איז אויסגעוואַקסען עפּעס אַ אונבעמערקבאַרע מחיצה: ביי זיי און ביי אונז זענען שוין געוועזען בעזונדערע סעקרעטען, גלייך ווי זיי זאָלען שטאָלצירען געגען אונז מיט זייערע קליידלעך, וואָס זענען געוואָרען אַלץ לענגער, און מיר געגען זיי — מיט אונזערע פּאַנטאַלאָנען".

ניקאָלינקאַ אירטעניעוו (טאָלסטאָי), וועלכער האָט אין די קינדער-יאָהרען פֿריהער פֿון אַלץ דערזעהען זיין אייגענעם קליינעם

„איך", האָט יעֶצט דאָס ערשטעֶ מאָל דערזעהען די וועלט, דאָס ער־שטע מאָל דערזעהען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסע וועלט, אויף וועל־כער ס'לעבען מיליאָנען מענשען. דער יונגער ליעוו טאָלסטאָי שטרענגט שוין אָן זיינע שוואַכע קרעפטען צו בעפרייען זיך פון דער ענגער סביבה זיינע, פון זיין קלאַסען־פּסיכאָלאָגיע און אין דער זעלבער צייט פערשטאַרקען זיך אין איהם יענע ליידענס־מאָטיווען, וועלכע מיר בעמערקען אין איהם אין אַ שוואַכער פאָרם נאָך קינדווייז, אָפטע טרעהרען אָהן שום אויסערליכע סבה, אָפטע צורייצטע מאָמענטען, געפיהל פון בעליידיגונג און מעלאַנכאָליע. דאַכט זיך, וואָס פעהלט איהם? דער יונגער ניקאָלינקאַ איז אַרומגערינגעלט דורך אַ ליעבענדע פאַמיליע, לעבט אין קאָמפאָרט, נאָר אַזוי איז שוין דער גורל פון אַלע געניאַלע מענשען: נאָך פון קינדווייז אָן צו שפירען אויף זיך די איינזאַמקייט. דער אינערליכער קוואַל פון לעבענס־ענערגיע איז גרויס, די פאַנטאַזיע אַרבייט, די אייגענע סביבה זעהט־אויס צו קליין. און דעם יונגען ניקאָלינקאַ ווייזט זיך אויס, אַז אַלע האָבען איהם פיינד, אַלע רודפ'ן איהם, און דאָ הויבט ער אָן זיך אַריינ־לאָזען אין פאַנטאַזיעס: אָט איז ער איבערצייגט, אַז ער איז ניט קיין זוהן פון זיין טאַטע־מאַמע, נאָר אונטערגעוואָרפען; אָט זעהט ער זיך אַלס הוזאַרען־גענעראַל און אָט איז ער גאָר אין קבר און זעהט זיך מיט זיין פערשטאָרבענע מאַמע. אויפ'ן באָדען פון אַזאַ מאָראַלישע איינזאַמקייט וואַקסען־אויס משונה'דיגע רעיונות, משונה'דיגע פראַגען.

„אין פערלויף פון יאָהר — דערצעהלט טאָלסטאָי — אין דער צייט, ווען איך האָב געפיהרט מיין איינזאַם לעבען, קאָנצענטרירט אין זיך אַליין, האָבען מיר זיך שוין פאָרגעשטעלט אַלע אַבסטראַקטע פראַגען וועגען דער מיסיע פון מענשען, וועגען לעבען נאָכ'ן טויט, השארת הנפש, און מיין שוואַכער קינדישער שכל האָט זיך מיט דער גאַנצער היץ פון אַן'אונערפאַהרענעם זיך געסטאַרעט קלאָר־מאַכען יענע פראַגען, וועלכע זענען שוין דער העכסטער שטאַפּעל, ביז וועלכע עס קאָן דערלאַנגען דער מענשליכער שכל, אָבער וועלכע ער איז ניט פעהיג צו לעזען".

איינמאָל קומט איהם אַריין אַ געדאַנק, אַז זיין גליקליך קאָן נאָר דער, וואָס איז צוגעוועהנט איבערצוטראָגען יסורים, און כדי זיך צוגעוועהנען צו יסורים, לויפט ער אַוועק אין שטאַל און שמייסט זיך אַזוי שטאַרק מיט אַ שטריק איבער דער נאַקעטער פלייצע, אַז

טרעהרען טרעטען איהם אַרויס פון די אויגען. אַנ'אַנדערס מאָל בעשליסט ער גאָר פלוצלונג, אַז איהם וואַרט־אָב יעדע שעה דער טויט, אַז אַ מענש קאָן לעבען נאָר מיט דער יעצטיגער מינוט, און ער וואַרפט אַוועק די לעקציעס, פערמאַכט זיך אין זיין צימער און פערנעהמט זיך נאָר דערמיט, וואָס ער ליגט דריי טעג נאָכאַנאַנד אויפ'ן בעט, לייענט אַ בוך און עסט לעקעכלעך...

די אַלע ליידען פון יונגען טאָלסטאָי זענען, נאַטירליך, אויסגעטראַכטע, אָהן אַ פעסטען גרונד אין דער ווירקליכקייט, אָבער דאָ בעמערקען מיר שוין יענעם שטריך, וועלכער וועט פערנעהמען אַנ'אָנגעזעהען אָרט אין דער שפּעטערדיגער טעטיגקייט פון טאָלסטאָי אַלס מאָראַליסט: איהם ציהט עפּעס אָרגאַניש צו אַלע „פערשאָלטענע" פראַגען און נאָך יונגעלוויז זוכט ער שוין אַ מאָראַלישע דאָגמע, אַ מאָראַלישע וועלט־אַנשויאונג. נאָך אַ וויכטיגען שטריך בעמערקען מיר אין איהם: דער יונגער ניקאָלינקאַ ליידט שוין אין די יונגע יאָהרען פון דעם פסיכאָלאָגישען אַנאַליז פון זיינע אייגענע געפיהלען און געדאַנקען, און דאָ האָבען מיר שוין פאַר זיך דעם אָנהויב פון יענער אינערליכער צובראָכענהייט, דורך וועלכע עס איז דורכגעגאַנגען דער גאַנצער געניוס פון טאָלסטאָי'ען. דאָס זענען נאָך דערווייל די יונגע פליגלען פון קינפטיגען גרויסען אָדלער, וועלכער קעמפּפט מיט זיך אַליין און אין דעם קאַמפּף ענטוויקעלט ער זיין געניאַלען טאַלענט.

צו 15 יאָהר איז טאָלסטאָי אַריינגעטרעטען אין קאַזאַנער אוניווערזיטעט, און דאָ הויבט זיך אָן די דריטע עפּאָכע: די יוגענד־יאָהרען. אין אוניווערזיטעט האָט זיך טאָלסטאָי געלערנט זעהר שלעכט, נאָר דאָס איז קיין וואונדער ניט, דערמאָהנענדיג זיך, ווי נידעריג עס איז דאַמאָלס געשטאַנען די וויסענשאַפט אין די רוסישע אוניווערזיטעטען. די פּראָפעסאָרען זענען איבערהויפּט געווען דייטשען, צו וועלכע די סטודענטען האָבען זיך בעצויגען מיט שפּאָט און געלעכטער. די וויסענשאַפט פון די פּראָפעסאָרען איז געשטאַנען אויף אַ נידעריגע מדרגה, און אויך דאָס אַפילו, וואָס זיי האָבען יאָ געוואוסט, האָבען זיי ניט געקאָנט אַרויסגעבען, ווייל אַליך איז דאַמאָלס שטרענג צענזורירט געוואָרען און די מעטאָדען פון לערנען זענען געווען קאַזיאָנע אָהן לעבען, אָהן גייסט. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, ווען די סטודענטען, און צווישען זיי אויך טאָלסטאָי, האָבען זיך בעצויגען

צו דער וויסענשאַפּט לייכטזיניג און אָהן שום ליעבע. דאָס לעבען פון די סטודענטען איז דאַמאָלס בעשטאַנען בלויז אין טרינקען, אין ווילדע תענוגים, שכרות, קאָרטען־שפּיעל און פרויען, אָדער אין בעסטען פאַל ספּעקטאַקלען, שטענדיגע בעלער און פרעהליכע געבּט־פערברענגען.

פון תענוגים האָט זיך ניט אָבגעזאָגט אויך טאָלסטאָי, הגם ער האָט זיך געהאַלטען ווי אַ „רייכער אַריסטאָקראַט", שטענדיג געזע־סען אין אַ פּאָזע פון פּעראַכטונג צו אַלעמען און פלעגט זאָגאַר מיט קיינעם זיך ניט גריסען. אָבער אונטער דער דאָזיגער אויסערליכער מאַסקע פון גלייכגילטיגקייט און פעראַכטונג, האָט טעטיג אין איהם געאַרבייט דער מח און עס האָט זיך פערשטאַרקט דאָס שטרעבען צו געפינען אַ מאָראַלישען קריטעריום. די גרויסע אייגענליעבע האָט געבוירען אין יונגען טאָלסטאָי אַ שטאַרקען פערלאַנג צו זיין קלוגער פון אַלעמען, שטאַרקער פון אַלעמען, העכער פון אַלע. אויסערליך איז ער געווען קאַלט צו אַלע און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיין וואָרהאַפּטיג און איינפאַך איז פאַר איהם אונמעגליך, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער איינזאַם געליטען און געזוכט אַ וועג צו דער איינפאַכקייט און וואָרהייט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון גרויסען קאַמפּף, וועלכען טאָלסטאָי האָט דערנאָך געפיהרט מיט זיך אַליין זיין גאַנץ לעבען.

די נייע שטימונג פון טאָלסטאָי'ען אין דער עפּאָכע פון יוגענד דריקט זיך אויס אַמבעסטען אין פאָלגענדע ווערטער פון ניקאָלינקאַ אירטעניעוו: „ווי האָב איך געקאָנט ניט פערשטעהן דאָס (אַז שענהייט, גליק און גוטס זענען פאַר איהם מעגליך), ווי שלעכט בין איך געווען פריהער, ווי וואָלט איך געקאָנט און קאָן יעצט זיין גוט און גליקליך אין דער צוקונפט!" „מען דאַרף וואָס גיכער, די מינוט, ווערען אַנ'אַנדער מענש און אָנהויבען אַ ניי לעבען".

וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער דאָזיגער שטרעבונג צו ווערען אַ נייער מענש? ביי אירטעניעוו'ן האָט זיך די דאָזיגע שטרעבונג אויסגעדריקט אין אַ רייהע טרוימען: ער האָט געטרוימט וועגען דעם, אַז יעדען זונטאָג וועט ער געהן אין קירכע, אַז ער וועט פון זיין געלד העלפען אָרימע, אַז ער וועט אַליין רוימען זיין צימער, כדי ניט צו בעמיהען קיין מענשען; ער האָט אויך געטרוימט וועגען דעם, אַז ער וועט ווערען דער ערשטער געלעהרטער אין איראָפּאַ, אַז ער

וועט זיך אָבריינינגען פון אַלע זיינע זינד, וועלכע מוטשען איהם אַזוי, און אַז ער וועט שפּאַצירען איבער די בערג און בעגעגענען דאָרט „זי״, די פאַנטאַסטישע פּרויענצימער, וועלכע איז פאַר איהם אַ ביסעל מאָניעטשקאַ, אַ ביסעל מאַשאַ, דעם קוטשער׳ס ווייב אין דער צייט, ווען זי וואַשט דאָס וועש ביים טייך, און אַ ביסעל אַ פרוי־ענצימער מיט פּערל אויפ׳ן ווייסען האַלז, וועלכע ער האַט אַמאָל געזעהען אין טעאַטער...

אויף אַזאַ אופן מישען זיך אויס אין יונגען ניקאָלינקאַ דער חטא און די קדושה, די ריינע חלומות וועגען „זי״ און די מיאוסע מעשים, און וואָס שטאַרקער עס ווערט אין איהם די שטרעבונג צו וואָרהייט און מאָראַלישען אמת, אַלץ שטאַרקער ווערט אין איהם צו דער זעלבער צייט די פאַלשקייט און דער פערלאַנג פון מאַכט, פון שאַפונג. די רייכע אינסטינקטען קעמפפען מיט דעם סקעפּטישען אַנאַליז פון די אייגענע געפיהלען און איבערלעגונגען. די דאָזיגע שטימונג אין דער יוגענד־עפּאָכע ווערט אַמבעסטען געשילדערט דורך דעם פראַכטפאָלען פּאָעטישען בילד, וועלכעס דערצעהלט וועגען די יוגענד־טרוימען פון ניקאָלינקאַ אין אַ קלאָרער זומער־נאַכט:

„אַלץ האָט בעקומען פאַר מיר אַ משונה׳דיגען זינן — אַ בעדייטונג פון צו אַ גרויסע שענהייט און עפּעס אַ ניט־דערענדיגט גליק. און אָט איז געקומען זי, מיט אַ לאַנגען שוואַרצען צאָפּ, מיט אַ הויכע ברוסט, שטענדיג אַ טרויעריגע און שענע, מיט נאַקעטע הענד און ליידענשאַפטליכע אָרעמס. זי ליעבט מיך, איך וואָלט געאָפּפערט מיט מיין גאַנץ לעבען פאַר איין מינוט פון איהר ליעבע. נאָר די לבנה איז אַלץ העכער און העכער, ליכטיגער און ליכטיגער געשטאַנען אויפ׳ן הימעל, דער פראַכט־גלאַנץ פון טייכעל, וואָס פערשטאַרקט זיך האַרמאָניש, איזה, ווי אַ קלאַנג, געוואָרען אַלץ העלער און העלער, די שאָטענס זענען געוואָרען אַלץ שוואַרצער און שוואַרצער, דער שיין דורכזיכטיגער, און אומקוקענדיג זיך און איינהערענדיג זיך אין דעם אַלעם, האָט מיר עפּעס גערעדט, אַז זי מיט די ענטבלויזטע הענד און הייסע אָרעמס איז נאָך ניט דאָס אמת׳ע גליק; און וואָס מעהר איך האָב געקוקט אויף דער הויכער קלאָרער לבנה, אַלץ העכער און העכער האָט מיר אויסגעזעהען די אמת׳ע שענהייט און גליק, אַלץ נעהענטער צו גאָט, צום מקור פון אַלעם שענעם און גליק־

ליכעס, און טרעהרען פון עפעס אַ אונבעפרידיגטע, נאָר אויפרעַ-
גענדע פרייד האָבען מיר זיך געגאָסען פון די אויגען".

---

אין יאָהר 1847 טרעט טאָלסטאָי פלוצלונג אַרויס פון אוניווער-
זיטעט, פאָהרט אַוועק צו זיך אין דאָרף קיין יאַסנאַיאַ פאָליאַנאַ, וואו
ער בלייבט ביז 1851. דאָ בעמערקען מיר אין טאָלסטאָי'ען אַ נייעם
שטריך: ער הויבט אָן ערנסט טראַכטען וועגען אָבגעבען זיין לעבען
פאַר די פויערען און זיך זאָרגען וועגען זייער גליק. וועגען טאָלסטאָי'ס
אינערליכע איבערלעבונגען צו יענער צייט זעהען מיר אַמבעסטען
אין זיין ערצעהלונג פון יענער צייט „Утро помѣщика".

פירשט נעחליודאָוו, ד. ה. טאָלסטאָי אַליין, הויבט-אָן זיך
צוקוקען צום לעבען פון די פויערען, וועלכע געפינען זיך ביי איהם
אין קנעכטשאַפט אַלס אייגענטום. ער סטאַרעט זיך פערשטעהן זייערע
בעדערפנישען, אַריינדרינגען אין זייער וועלט און העלפען זיי מיט
ברויט, געלד און עצות. איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען מאַכט פירשט
נעחליודאָוו אַ שפּאַציר איבער די פויערישע הייזלעך, בעקענט זיך
מיט זייער לעבען, און אומעטום לעגט ער פאָר זיין הילף מיט געלד
און ראַט. נאָר דאָ בעמערקט ער צום ערשטען מאָל, אַז צווישען
איהם און דעם פויער שטעהט אַ פעסטע וואַנד, אַ גרויסע מחיצה,
אין וועלכער ס'זענען שולדיג די עטליכע דורות פון קנעכטשאַפט,
אַז איהם ווערט זיך אַזוי לייכט ניט איינגעבען אַריינצודרינגען אין דער
אינערליכער נשמה פון די פויערען, וועלכע זאָגען זיך אָב פון זיין
הילף און פאַלען איהם צו די פיס, בעטענדיג, ער זאָל זיך ניט
אַריינמישען אין זייער לעבען, זיי לאָזען צו רוה און ערלויבען זיי
צו לעבען, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען געלעבט.

די רעפאָרמען, וועלכע נעחליודאָוו-טאָלסטאָי האָט געוואָלט
מאַכען, האָבען זיך ניט איינגעגעבען און מיט אַ אויפגערעגטער שטימונג
פון מאַכטלאָזיגקייט געגען דעם פער'עקשנ'טען פויער, פערלאָזט
טאָלסטאָי זיין פילאַנטראָפיע און לעבט זיך ווידער אַליין.

דריי יאָהר לעבט אָב דער יונגער טאָלסטאָי אין יאַסנאַיאַ פאָ-
ליאַנאַ, נאָר די איביגע גייסט-וואַנדערונג, מיט וועלכע גאָט האָט
געבענשט אַלע געניוסען, לאָזט איהם ניט אָב, און נאָך דריי יאָהר
פון שטילע אינערליכע בלאָנדזשעניש, הויבען זיך פאַר טאָלסטאָי'ען
ווידער אָן די וואַנדער-יאָהרען: ער פאָהרט אָב קיין קאַווקאַז.

די נאָהענטסטע סבה דאַצו איז געווען דאָס, וואָס טאָלסטאָי האָט איינמאָל פערשפּיעלט אין קאָרטען אַ גרויסע סומע געלד און דאָס האָט אויף איהם געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק; אָבער ניט דאָס נאַטירליך איז געווען דער עיקר. די אמת'ע סבה איז געווען, וואָס טאָלסטאָי האָט זיך אויפגעחאַפּט מיט אַ קלאָרען בעוואוסטזיין, אַז ער שטעהט ביי אַ אָבגרונד, אַז ער האָט נאָך אַלץ ניט געפונען זיין אמת'ן „איך" און ער מוז אַרויסגעהן פון דער דאָזיגער שרעקליכער לאַגע. אויף קאַווקאַז האָט געדיענט אין דער אַרמעע טאָלסטאָי'ס ברודער ניקאָליי, מיט וועלכען ער איז געווען בעזונדערס נאָהענט און פריינדליך. טאָל־סטאָי האָט פריהער ניט געדעכט אריינצוטרעטען אין דער צ־מעע, נאָר בעגעגענדיג זיך מיט איינעם פון זיינע נאָהענטסטע פריינד, וועל־כער האָט פערנומען אַ הויכען פּאָסטען אין שטאַב, האָט טאָלסטאָי מסכים געווען אַריינצוטרעטען אין דער אַרמעע אַלס אָפיציער און ניט איינמאָל זיך בעטייליגט אין די קליינע צוזאַמענשטויסען פון דער מי־ליטער מיט די קאַווקאַזער גאָרצעס.

די בעציהונגען צווישען רוסלאַנד און די קאַווקאַזער איינוואוינער צו יענער צייט האָבען נאָך געטראָגען אַ אונבעשטימטען כאַראַקטער, אַזוי, אַז מען האָט דאָס ניט געקאָנט אָנרופען ניט קיין אָפענע מלחמה, ניט קיין שלום. רוסלאַנד האָט געמוזט האַלטען דאָרט אַ גרויסע אַרמעע און פיהרען אַ שטענדיגען אונרוהיגען קאַמפף געגען די פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלען און צוזאַמענשטויסען מיט די ווילדע פעלקער פון קאַווקאַז.

פאַר דער רוסישער געזעלשאַפט איז נאָך דאַן קאַווקאַז געווען אַ אונבעקאַנטער, כמעט לעגענדאַרישער קאַנט און פאַר די, וועלכע האָבען ניט געקענט די דאָזיגע וואונדערבאַרע רייכע געגענד מיט איהר ווילדער פּאָעזיע און גרויזאַמע נאַטור, איז קאַווקאַז געווען עפּעס אַ צויבער־לאַנד. די הייסע ברענענדיגע זון, די שטורמישע טייכען, דער קלאָרער הימעל, די הויכע בערג, ביי וועלכע די שפּיצען זענען בעדעקט מיט אייביגען שניי, די פּראַכטפאָלע בערג־וואַסערען, די אייביגע געדיכטע וועלדער מיט זייערע אור־אַלטע איינוואוינער, וועלכע האָבען פערצווייפעלט געקעמפט פאַר זייער פריי־הייט — דאָס אַלץ האָט געוועקט די פאַנטאַזיע און פון דער ווייטענס בעצויבערט אַלע ראָמאַנטיש־געשטימטע מענשען.

קיין קאַווקאַז פלעגען זיך דאַמאָלס אַוועקלאָזען פיעל פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע, מענשען, וועלכע האָבען איבערגעלעבט עפּעס

אַ דראַמע און געוואָלט פון פערצווייפלונג געהן דער ווילדער געפאַהר אנטקעגען, אָדער ראָמאַנטישע נשמות, וואָס האָבען געזוכט פאַר זיך עפּעס אַלעגענדע, עפּעס אַ פאַנטאַסטישען צופאַל, וואָס זאָל בעפליגלען זייער פאַנטאַזיע.

וואָלט אויך טאָלסטאָי ניט געווען קיין גרויסער קינסטלער, נאָר סתם אַ אינטעליגענטע נשמה, וועלכער דאַרף האָבען איינדריקען און אידעען, וואָלט ער, ווי פיעל אַנדערע, געקאָנט אין קאַווקאַז געפינען פאַר זיך אַ גרויסען פלאַץ און צופרידען בלייבען. וואָלט ער ווידער געווען אַ ראָמאַנטיקער, אַ מין בייראָן, וואָלט ער אויף קאַווקאַז געפינען פאַר זיך די ראָמאַנטישע שטימונג, פון וועלכע ער וואָלט געשפּייזט זיין נשמה און ווי אַלע ראָמאַנטישע קינסטלער זיך בעפרידיגט מיט דער אַנערקענונג פון זיינע קאָנטראַסטען, זיך אַרומגעטראָגען מיט זיין אינערליכע ציבראָכענהייט און וועלט־שמערץ, און דאָס אַליין וואָלט איהם געגעבען די נויטיגע האַרמאָנישע רוה, די אינערליכע צופרידענהייט.

טאָלסטאָי איז אָבער געווען אַ גרויסער קינסטלער און דאַצו אַ טיעפער רעאַליסט, ביי וועלכען דער אמת, דער קינסטליכער רעאַליסטישער אמת איז פריהער פון אַלץ. אַלס קינסטלער האָט טאָלסטאָי געמוזט האָבען אַן'אייגענע אינערליכע בעציהונג צו דער אַרומיגער וועלט: פאַר אַ קינסטלער איז ווינציג צו האָבען אַ בעגריף וועגען דער וועלט, ער מוז נאָך אַלץ זעהען מיט זיינע אייגענע אויגען, אַלץ ערקענען אַליין, אַלץ אַ אייגענעם נאָמען געבען, די אייגענע ווערטער געפינען. אַלס רעאַליסט ווידער האָט טאָלסטאָי פיינד אָרגאַניש יעדען „פאַלש“, יעדען ראָמאַנטישען שלייער, יעדע רעפלעקסיע פון צובראָכענעם אינטעליגענט, און דערמיט ערקלערט זיך, וואָס טאָלסטאָי קאָן נאָר שילדערען דאָס, וואָס ער האָט אַליין געזעהען, אַליין איבערגעלעבט, מאָהלט מיט אַ אונגעוועהנליכער אָביעקטיוויטעט, קלאָרהייט און רוהיגקייט, און אין דער זעלבער צייט איז אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפען — זיינס, אייגענס. אַט דערפון האָט זיך גענומען טאָלסטאָי'ס בונט, דער שרעקליכער בונט, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין זיין נשמה נאָך פון די יונגע יאָהרען אָן. ער זוכט דעם אמת, דעם ריינעם רעאַלען אמת און אין דער זעלבער צייט זוכט ער זיין אייגענעם איך, און פון אַלע זיינע קינסטלערישע ווערק הערט זיך דער טראַגישער געשריי: ווער בין איך און ווער איז די וועלט?

אויף קאַווקאַז האָט טאָלסטאָי געפונען אַ נייעם לאָזונג: גליק הייסט זיין מיט דער נאַטור, זעהן זי, רעדען מיט איהר.

טאָלסטאָי בעזעצט זיך אין אַ שטיבעל פון אַן'אַלטען קאַזאַק יעפּישקאַ, אויפ'ן לינקען ברעג פון טייך טערעק. דאָ האָט טאָלסטאָי געזעהען אַרום זיך גאַנצע מענשען, וועלכע לעבען אָהן שום אַפעקטאַציע, אָהן צובראָכענהייט, פּראָסט, אַזוי, ווי עס לעבט דאָס גראָז אויפ'ן פעלד, מענשען, וועלכע טראָגען זיך ניט אַרום מיט זייער פּערזענליכקייט, וואָס זוכען ניט קיין העלדענטהאַטען, קיין ראָמאַנטישע מעשות און טראַכטען ניט וועגען קיין שום כבוד, גרויסקייט און פערגעניגען. געגען די דאָזיגע נאַטור=מענשען האָט טאָלסטאָי געהאַט די אינטעליגענטע נשמות, זיך אַליין, מענשען, וואָס טראָגען זיך שטענדיג אַרום מיט זייער איך, לעבען איבער טראַגעדיעס, זוכען שפּייז פאַר דער נשמה, פאַהרען קיין קאַווקאַז זעהען די ווילדע נאַטור, די פאַנטאַסטישע בערג און טהוען אויך דאָס נאָר צוליעב זייער עגאָאיזם, צוליעב זייערע „איבערלעבונגען“, וועלכע געהען סוף=כל=סוף איבער און לאָזען אין דער נשמה נאָר אַ רעפלעקסיע, אַ אַבסטראַקטען עפעקט. טאָלסטאָי האָט פערגלייכט זיך און די אַרומיגע נאַטור=מענשען און זיך געשטעלט די פראַגע: ווער לעבט אמת'ער און גליקליכער: ער מיט זיין אינטעליגענטער נשמה, אָדער יעפּישקאַ און זיין גלייכען? אַלס קינסטלער, וואָס זוכט שטענדיג דעם רעאַלען אמת, האָט טאָלסטאָי געמוזט ענטפערען: איינפאַכער, אמת'ער לעבט יעפּישקאַ, דער אַלטער ליעבהאָבער פון וויין און ליעדער, די גאַנצע פּערזענליכקייט. דערנאָך איז שוין געקומען אויך טאָלסטאָי דער דענקער און צוגעגעבען: „יעפּישקאַ לעבט ניט בלויז אמת'ער, נאָר אויך גליקליכער — גליק הייסט לעבען מיט דער נאַטור“.

די דאָזיגע איבערלעבונגען האָט טאָלסטאָי אויסגעדריקט אין זיינע קאַווקאַזער בילדער. אויף קאַווקאַז האָט ערוואַכט טאָלסטאָי'ס רוח=הקודש, דאָרט האָט ער צום ערשטען מאָל דערשפּירט, אַז ער האָט עפּעס וואָס צו זאָגען, דאָרט האָט ער אָנגעשריבען זיין „דיעטסטוואָ“ און דאָרט זענען אויך אָנגעשריבען געוואָרען זיינע קאַווקאַזער בילדער, צווישען וועלכע די ערצעהלונג „קאַזאַקי“ איז אַן'אמת'ער פּערל. ווי אין דאָס רוב טאָלסטאָי'ס ווערק, איז אויך אין „קאַזאַקי“ פריהער פון אַלץ טאָלסטאָי אַליין.

אַ יונגער אַריסטאָקראַט, אַ מאָסקווער „באַרין“, אָלענין, וועלכער

האָט דורך קאָרטען און פֿערשיִעדענע פּוסטע פֿערגעניִגענס פֿערלויִרען אַ גרויסען טיִיל פֿון זיַין פֿערמעגען, געזעגענט זיִך אָב מיִט זיַינע פֿריַינד און פֿאָהרט פּלוצלונג אָב קיַין קאַווקאַז. דאָס לעבען, וואָס ער האָט פֿריִהער געפֿיִהרט, איִז איִהם נמאס געוואָרען, ער בעשליִסט ווערען אַ ניַיער מענש. ער בעזעצט זיִך ביַי אַ קאַזאַקען־פֿאַמיִליע, ביַים אַלטען יעראָשקאַ (יעפֿיִשקאַ), אַ גרויסער ליִעבהאָבער פֿון וויַין און ליִעדער, וועלכען אָלעניִן פֿערטרויט אַלע זיַינע סודות און דערצעהלט איִהם, אַז ער האָט בעשלאָסען אָראָבוואַרפֿען פֿון זיִך דעם גאַנצען שטויב און לעבען מיִט דער נאַטור. אָלעניִן לעבט צוזאַמען מיִט די קאַזאַקען, עסט, טריִנקט, וויִ זיִי, געהט צוזאַמען מיִט זיִי אויף געיעג און סטאַרעט זיִך ווערען אַ אמת׳ער קאַזאַק. אָלעניִן פֿערליִעבט זיִך ביִסלעכוויַיז איִן דער שענע מאַריאַנקאַ, די טאָכטער פֿון די, ביַי וועמען ער וואוינט, און די ליִעבע איִז אַ אמת׳ע, אַ טיִעפֿע. ביִז אַהער — זאָגט דיִר דיַיטשער קריִטיִקער צאַבעל — וואָלט אַ ראָמאַניִסט פֿון דער אַלטער שולע געמאָלט די פֿאַבולאַ אַזוי, וויִ עס טהוט דאָס טאָלסטאָי, אָבער דאָ טרעט אַריַין איִן זיַינע רעכטען דער רעאַליִזם, וועלכער כאַראַקטעריִזיִרט אַזוי טאָלסטאָי׳ען, און די גאַנצע מעשה נעהמט אָן גאָר אַנאַנדער ווענדונג.

די ליִידענשאַפֿט פֿון אָלעניִנ׳ען צו דעם יונגען מיִידעל בליַיבט איִנגאַנצען ניִט־פֿערשטאַנען. מאַריאַנקאַ איִז אַ שענע, אַ שטאַרקע, אַ שטאָלצע, מיִט אַ ריַיכען נאַטיִרליִכען שכל, אַ קאַזאַטשקע מיִט דער גאַנצער נשמה און לעבט איִן אַזאַ ספֿערע, וועלכע איִז גאָרניִט פֿערשטענדליִך פֿאַר אַ קולטורעלען מענשען, וועלכער וואָלט גערן וואָלט בייטען זיַין לעבען, אָבער ביַי זיַין גאַנצען פֿערלאַנג קאָן ער דאָס ניִט טהון. מאַריאַנקאַ איִז בעשאַפֿען געוואָרען פֿאַר אַ זוהן פֿון דעם פֿאָלק, צו וועלכען זי אַליִין געהערט. זיַין אַ אמת׳ער קאַזאַק, גנב׳ענען פֿערד, זיִך צוגיִסען איִן ליִעדער, זיִך אָנטריִנקען און ביַינאַכט זיִך אַריַינגנב׳ענען צו איִהר — אַזעלכען קאָן די שטאָלצע מאַריאַנקאַ ליִעבען. דאָס אַליִץ, מיִט וואָס אָלעניִן וויִל אַרויסוויַיזען זיַין ליִעבע, קאָן די געזונדע, פּראָסטע נאַטור פֿון דער שענער מאַריאַנקאַ ניִט בעצויבערען. זי איִז איִנערליִך לחלוטין גליַיכגיִלטיִג צו איִהם, ניִט קוקענדיִג אויף זיַין יחוס, זיַינע מאַניִערען און וועהען איִהר איִם משונה׳דיִג און זי הויבט זאָגאַר אָן מורא האָבען פֿאַר איִהם. מיִט אַ שווער האַרץ, נאָך צובראָכענער, איִידער פֿריִהער, מוז אָלעניִן אָבפֿאָהרען, און וועַן

מען שפּאַנט די פערד און אָלענין פאָהרט אָב, שטעהען מאַריאַנקאַ און
יערָאשקאַ און שמועסען זיך רוהיג וועגען זייערע זאַכען, און געבען
אַפילו ניט אַ קוק אויף דעם אומגליקליכען אָלענין.

אָלענינ'ס טראַגעדיע בעשטעהט דערין, וואָס ער פערשטעהט
מאַריאַנקאַ'ן און די אַלע איהריגע פּראָסטע נאַטור-מענשען, וועהרענד
זיי איהם פערשטעהען ניט. געוויס שטעהט אָלענין אין קולטורעלען
הינזיכט העכער פון די קאָזאַקען, אָבער דערין איז טאַקע די טראַגעדיע,
וואָס אָלענין פערשטעהט, וועהרענד נאַטור-מענשען וויסען נאָר פון
געפיהלען; וואָס אָלענין פערשטעהט אַנדערע, פערשטעהט אָבער אויך
זיך; פערשטעהט, אַז דערמיט, וואָס ער, אַ מאָסקווער באַרין, אַ אַריסטאָ-
קראַט, פערליעבט זיך אין אַ פּראָסטע קאָזאַטשקע, טהוט ער עפּעס
אַ אונגעוועהנליכע זאַך...

אָלענין ענטלויפט. פון קאווקאַז ענטלויפט אויך טאָלסטאָי,
זיין נשמה-בונט ווערט פאָרטגעזעצט.

---

טאָלסטאָי אַנטלויפט קיין סעוואַסטאָפּאָל, וואו עס האָט זיך דאַ-
מאָלס אָנגעהויבען די בעריהמטע בעלאַגערונג, און טרעט-אַריין אין
הויפּט-שטאַב פון דער רוסישער אַרמעע. דאָרט פערברענגט ער ביז דער
ענדע פון דער בעלאַגערונג און אין מאַי ווערט ער בעשטימט אַלס קאָ-
מאַנדיר פון אַ דיוויזיאָן און נעהמט אַליין אַנטהייל אין עטליכע הייסע
שלאַכטען, אין וועלכע טאָלסטאָי האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס מוטיגער
און טאַפּפערער מיליטער-מענש. אָט וואָס עס דערצעהלט וועגען איהם
איינער פון זיינע חברים, וועלכער האָט צוזאַמען מיט איהם געדינט אין
סעוואַסטאָפּאָל.

„טאָלסטאָי האָט דורך זיינע מעשות און לעבעדיג-צוזאַמענגע-
שטעלטע קופּלעטען אויפגעמונטערט יעדען איינציגען אין די שווערע
מינוטען פון קריעגס-לעבען. ער איז געווען אין פולען זינן פון וואָרט
די נשמה פון דער געזעלשאַפט. טאָלסטאָי איז מיט אונז — דאַן זעהען
מיר ניט, ווי גיך עס פערשווינדעט די צייט, און עס איז ניטאָ קיין ברעג
צו דער אַלגעמיינער שמחה; ער איז ניטאָ צווישען אונז, ער איז אָבגע-
פאָהרען קיין סימפעראָפּאָל — דאַן לאָזען אַלע אַראָב די נעז. עס געהט
אַוועק אַ טאָג, צוויי, דריי, ער איז ניטאָ. ענדליך, ער איז דאָ, נאָר פונקט
ווי עפּעס אַ חוטא: אַ אומעטיגער, אַ פערמאַטערטער, ניט צופריעדען
מיט זיך. ער נעהמט מיך אַוועק אָן אַ זייט וואָס ווייטער און הויבט

אָן זײַן ווײ. אַליך דערצעהלט ער אויס: ווי ער האָט „געלעבט", פֿערבראַכט די טעג און נעכט, געשפּיעלט אין קאָרטען, און דערבײ מוטשעט ער זיך אַלײן, זידעלט זיך, ווי אַנ'אמת'ער פֿערברעכער. עס איז זאָגאַר אַ רחמנות צו קוקען אויף איהם — אַזוי נעהמט ער זיך צום האַרצען. אָט וואָס פֿאַר אַ מענש דאָס איז געווען! מיט איין וואָרט, אַ מאָדנער און ניט אינגאַנצען פֿערשטענדליכער, נאָר פֿון דער צווייטער זײַט איז דאָס געווען אַ זעלטענער חבר, עהרליך ביז נאָר און עס איז לחלוטין שווער צו פֿערגעסען איהם".

פֿון דער דאָזיגער קורצער כאַראַקטעריסטיק זעהען מיר טאָלסטאָי'ען אין יענער צײַט מיט זײַן גאַנצער אינערליכער דראַמע. ער פֿיהרט נאָך דאָס זעלבע לעבען וואָס פֿריהער, שפּיעלט אין קאָרטען, איז אַ לעב־יונג, נאָר פֿון דער צווייטער זײַט פּײַניגט עפּעס זײַן געוויסען און ער הערט ניט אויף צו זוכען און בלאָנדזשען. אַלס מענש פֿון אַ געוויסען קלאַס מיט בעשטימטע קלאַסען־געוועהנהייטען און פֿאָראורטיילען, לעבט ער נאָך אַליך, ווי אַ אַריסטאָקראַט, זוכט אויסערליכען כבוד, שטרעבט צו ווערען אַ גענעראַל און לײַדט זעהר דערפֿון, וואָס ער האָט ניט בעקומען דעם אָרדען, אויף וועלכען ער האָט געהאָפֿט, נאָר טיעף אין דעם בעוואוסטזײַן זײַנעם געהט זיך אַ אינערליכע אַרבײַט, וועלכע האָט קײַן געמיינזאַמעס ניט דערמיט, וואָס עס איז אין אויסערליכען לעבען.

טאָלסטאָי דער קינסטלער האָט אונז פֿון יענער צײַט געשאַפֿען זײַנע וואונדערבאַרע „סעוואַסטאָפּאָלער ערצעהלונגען", אין וועלכע עס זעהט זיך שוין אַרויס דער שפּעטערדיגער געניוס פֿון „קריעג און פֿריעדען": שוין דאָ זעהט מען דעם טיעפֿען רעאַליזם פֿון טאָלסטאָי'ען, וועלכער זוכט ניט קײַן פֿאַלשע העלדישקײַט, קײַן עפֿעקטען, מיט וועלכע עס איז אַזוי רײַך דאָס מלחמה־לעבען, ער שילדערט נאָר די קלאָרע טיעפֿקײַט פֿון דער ווירקליכקײַט. אָנשטאָט שוידערליכע סצענעס, צו וועלכע מען איז געווען צוגעוועהנט ביז טאָלסטאָי'ען, שילדערט ער די איינפֿאַכקײַט פֿון דעם גרויזאַמען, ווי, למשל, די בעריהמטע סצענע, ווען צווישען בײדע לאַגערען פֿון די קריעגערישע אַרמעען ווערט אויף אַ ווײַלע שלום און די רוסישע סאָלדאַטען, וועלכע גרענעצען זיך מיט די סאָלדאַטען פֿון דעם שונא, די פֿראַנצויזישע אַרמעע, שמועסען מיט די פֿראַנצויזען רוהיג און פֿריידליך, בעטראַכטען די קאַפּיטאַנען פֿון די פֿראַנצויזישע סאָלדאַטען און זענען מקנא, וואָס בײַ

יענע. די פראנצויזען, זענען די קנעפ אזעלכע בלישטשענדע און נייע. אנשטאט די פאלשע העלדישע מעשים, וועלכע דאס רוב שרייבער פון קריעגס-לעבען, האבען ליעב צו שילדערען, שילדערט אונז טאלסטאי די ווירקליכע שרעקען פון דער מלחמה, יענע שטילע שרעקען, וואס ווארפען זיך ניט אין די אויגען און בלישטשען ניט מיט קיין עפעקטען. זיין טאפפער הייסט ביי טאלסטאי'ען, ניט ווארפען זיך אין פייער אריין, ווען דאס איז איבעריג, ניט געהן אנטקעגען דעם טויט, נאר ערפילען דעם חוב. טאלסטאי'ס טאפפערע העלדען בערימען זיך ניט, אז זיי האבען ניט מורא פאר'ן טויט און טאלסטאי אליין שילדערט זיי ניט אלס אזעלכע, ווייל עס איז ניטא אויף דער וועלט קיין מענש, וואס זאל ניט מורא האבען פאר'ן טויט, און טאלסטאי'ס אמת-העלדישע העלדען ענטפערען אויף דער פראגע: „און דו האסט מורא?": „וואס זשע דען?" דערפאר קאנען אבער די זעלבע סאלדאטען שטיל ערפילען זייער פליכט, ווען מען דארף דאס, זיי קאנען שטארבען שטיל, זיי טהוען נאר דאס, וואס מען דארף. „דאס, וואס מען דארף" — אט דאס איז דער גאנצער זינן פון טאלסטאי'ס אייביגען זוכען, פון זיין אייביגען פערטיעפען זיך אין דער קינסטלערישער ווירקליכקייט, און דאס איז אויך דער זינן פון זיינע סעוואסטאפאלער ערצעהלונגען. דער שווייגעדיגער העראיזם פון טאלסטאי'ס סאלדאטען, זייער שטילע הכנעה פאר דעם גורל, ווארפען אן פיעל מעהר שרעק און רעדען פיעל מעהר צום הארצען פון לעזער, איידער טויזענדער אנדערע עפעקטפולע מעשות פון קריעגס-לעבען.

מען דערצעהלט, אז די קעניגין אלעקסאנדרא האט לעזענדיג טאלסטאי'ס ערצעהלונגען פון סעוואסטאפאל שטארק געוויינט און דער קייזער ניקאלאי האט אנגעזאגט אכטונג צו געבען אויף דעם יונגען שריפטשטעלער און איבערפירען איהם אויף אן אנדער ווינציג-געפעהרליכען ארט. דעם 27-טען אויגוסט האט טאלסטאי זיך נאך בעטייליגט אין אטאקע ביי סעוואסטאפאל און דערנאך געשיקט געווארען מיט א שליחות קיין פעטערבורג, נאר צוריק איז ער שוין ניט געקומען, און פון דאן האט זיך געענדיגט זיין מיליטערישע קאריערע.

---

קיין פעטערבורג איז טאלסטאי אנגעקומען, ווען ער איז אלט געוועזען 26 יאהר. ער איז שוין דאמאלס געוועזען בעוואוסט אלס שריפט-שטעלער מיט א אריגינעלען טאלענט און אלס העלד פון סעוואסטא-

פֿאָלער בעלאַגערונג. פֿאַר איהם זענען נאַטירליך געווען אָפֿען אַלע בעסטע הײַזער, איהם האָט מען מיט פֿרייד אויפֿגענומען אין די ליטעראַרישע קרײַזען, פֿאַר איהם איז געווען אָפֿען דער וועג פֿון כבוד און רוהם. דאַכט זיך, וואָס קאָן זײַן בעסער? נאָר דער יונגער טאָלסטאָי האָט זיך שוין אַרומגעטראָגען מיט זײַן אינערליכער דראַמע, ער האָט אַליץ קיין רוה ניט געפֿונען, און צו דער פֿערוואונדערונג פֿון אַלע האָט ער אין פּעטערבורג זיך געשפּירט שלעכט און דאָס אָפֿען אַרויסגעזאָגט פֿאַר אַלעמען.

מיט קיינעם פֿון די שריפֿטשטעלער איז טאָלסטאָי נאָהענט זיך ניט צונויפֿגעגאַנגען און אומעטום האָט ער אַרויסגעוויזען זײַן אונצופֿרידענהייט. בכלל איז טאָלסטאָי געווען בטבע אַ אײַנזאַמער מענש און אין זײַן גאַנץ לעבען האָט ער זיך אמת בעפֿרײַנדעט נאָר מיט געצעהלטע מענשען. אָבער, ווי משונה'דיג דאָס זאָל ניט אויסזעהען, גאָר אַ בעזונדער אַנטיפּאַטיע האָט טאָלסטאָי געשפּירט צו זײַנע חברים-שריפֿטשטעלער און מעהר פֿון אַלע צו טורגעניעוו'ן. מיט איהם האָט ער זאָגאַר געוואוינט אויף איין קוואַרטיר, נאָר ביידע צדדים האָבען ניט אַרויסגעוויזען קיין שום סימפּאַטיע איינער צום צווייטען. טאָלסטאָי האָט ניט ליעב געהאַט טורגעניעוו'ן פֿאַר זײַן אייראָפּעאיזם, פֿאַר זײַנע עסטעטישע איבערצײַגונגען, פֿאַר זײַנע שענע פֿראַזען און גלויבען אין פּראָגרעס און אין בילדונג, וועלכע זענען שוין דאַמאָלס געווען דערווידער טאָלסטאָי'ס נאַטור. טורגעניעוו האָט ווידער ניט געקאָנט ליעב האָבען טאָלסטאָי'ען פֿאַר זײַן „ווילדקייט“ און גראָבקייט, פֿאַר זײַן „אמת“, פֿאַר זײַן שטענדיגען גריבלען זיך אין דער ווירקליכקייט און נאַטירליכקייט, פֿאַר זײַן פֿריהצײַטיגע שנאה צו דער קולטור און ציוויליזאַציע. זיי פֿלעגען אָפֿט אין די נעכט זיך מתוכח זײַן, אַרײַנלאָזען זיך אין הייסע דעבאַטען, נאָר זיי פֿלעגען זיך מיט גאָרניט פֿונאַנדערגעהן, און עס איז בעוואוסט דער אינצידענט, וואָס איז דאַן פֿאָרגעקומען צווישען די ביידע שריפֿטשטעלער.

„איך קאָן ניט אַנערקענען, האָט איינמאָל טאָלסטאָי געזאָגט טורגעניעוו'ן בשעת אַ היציגען וכוח, אַז דאָס, וואָס איהר זאָגט אַרויס, זאָל זײַן אײַער אמת'ע איבערצײַגונג. איך שטעה מיט אַ שווערד בײַ דער טיהר מײַנער און זאָג: כל זמן איך לעב, וועט קיינער אַהער ניט אַרײַנגעהן! אָט דאָס איז אַ איבערצײַגונג! און איהר סטאַראַעט זיך איינער פֿון אַנדערען אויסבעהאַלטען אײַערע געדאַנקען, און דאָס רופֿט איהר

אַן איבערצייגונגען". — „נאָך וואָס זשע גערעט איהר צו אונז?" האָט געפרעגט טורגעניעוו. — „וואוהין צו געהן דארף איך ביי אייך ניט פרעגען".

טאָלסטאָי אַליין דערצעהלט שפּעטער וועגען יענער צייט:

„איך בין אַלט געווען 26 יאָהר, ווען איך בין געקומען צופאָהרען קיין פּעטערבורג נאָך דער מלחמה און זיך צוזאַמענגעגאַנגען מיט די שריפטשטעלער. מיך האָט מען אויפגענומען, ווי אַ אייגענעם, זאָגאַר געחנפ'ט, און איידער איך האָב נאָך בעוויזען זיך אַרומקוקען, האָב איך שוין געהאַט איינגענומען אין זיך די אַלע אַנשויאונגען פון די שריפטשטעלער אויפ'ן לעבען, וועלכע האָבען שוין אינגאַנצען דערשטיקט אַלע מיינע פריהערדיגע פּראָבעס צו ווערען בעסער. די דאָזיגע אַנשויאונגען ביי דער צולאָזונגהייט פון מיין לעבען, האָבען מיר אונטערגעשטעלט אַ טעאָריע, וועלכע האָט בערעכטיגט מיין צולאָזונגהייט. די דאָזיגע טעאָריע האָט בעהויפּטעט, אַז דאָס לעבען בכלל גערעט אַליין פּאָרווערטס און אַז אין דאָזיגען פּראָגרעס נעהמען דעם הויפּט-אַנטייל מיר, מענשען פון דענקען, און צווישען די מענשען פון דענקען האָבען דעם גרעסטען איינפלוס מיר, קינסטלער, פּאָעטען. אונזער מיסיע איז לערנען מענשען, ניט-וויסענדיג אַליין צו וואָס: אַ קינסטלער און אַ פּאָעט בעלעהרען די מענשען כלומרשט אונבעוואוסטזיניג. איך האָב זיך גערעכענט פאַר אַ פּראַכטפולען קינסטלער און פּאָעט, און דעריבער האָב איך נאַטירליך געדאַרפט אָננעהמען די דאָזיגע טעאָריע, זאָגט אָט האָב איך, אַ קינסטלער, אַ פּאָעט, געשריבען און געלערנט יענעם, אַליין ניט וויסענדיג צו וואָס. מיר האָט מען דערפאַר געצאָהלט געלד, ביי מיר איז געווען אַ שענער מיטאָג, אַ וואוינונג, פרויען, געזעלשאַפט, איך האָב אויך געהאַט כבוד: הייסט עס, אַז דאָס, וואָס איך האָב געפּרעדיגט, איז געווען זעהר גוט. די דאָזיגע טעאָריע וועגען פּראָגרעס פון לעבען און די בעדייטונג פון פּאָעזיע, איז געווען אַ אמונה און איך בין געווען איינער פון איהרע דיענער. זיין איהרער אַ דיענער איז געווען זעהר בעקוועם און אַנגענעהם, און איך האָב לאַנג געלעבט אין דער אמונה, ניט צווייפלענדיג אין איהר אמת'קייט. אָבער אויפ'ן צווייטען און בעזונדערס אויפ'ן דריטען יאָהר פון דעם לעבען, האָב איך אָנגעהויבען צווייפלען אין דעם אמת פון דער אמונה און איך האָב אָנגעהויבען זי אויספאָרשען. די ערשטע סבה פון דעם צווייפעל איז געווען דאָס, וואָס די טרעגער פון דער

אמונה זענען צווישען זיך אַליין ניט געווען אַלע איינשטימיג. איינינע פון זיי האָבען געזאָגט: „מיר זענען די בעסטע און נוצליכסטע לעהרער: מיר לערנען דאָס, וואָס איז נייטיג, און אַנדערע געהען אין אַ פאַלשען וועג“. און אַנדערע האָבען געזאָגט: „ניין, מיר זענען די אמת'ע לעהרער, און איהר געהט אויף אַ פאַלשען וועג“. און זיי האָבען דעבאַטירט, זיך אַרומגעריסען, זיך געזידעלט, אָבגענאַרט, אינטריגירט איינער וועגען צווייטען. מענשען זענען מיר דערעסען געוואָרען און איך בין זיך אַליין אויך נמאס געוואָרען. איך האָב פערשטאַנען, אַז אין אונזער זעלבסט-נאַרעריי האָבען מיר ניט בעמערקט, אַז מיר ווייסען ניט דאָס סאַמע וויכטיגסטע, אַז אויף דער איינפאַכער און צוזאַמען דערמיט וויכטיגסטע פראַגע פון לעבען: וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט — קאָנען מיר ניט געפינען דעם ריכטיגען ענטפער“.

אונצופרידען פון פעטערבורג, איז טאָלסטאָי אָבגעפאָהרען צו זיך אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, וואו ער האָט זיך אָנגעהויבען פערנעהמען מיט בעל-הבתישקייט און ווידער אָנגעהויבען זיך גוט צוקוקען צום לעבען פון די פויערען.

אויך דאָרט האָט טאָלסטאָי נאָך ניט געקאָנט בלייבען „רוהיג“ און מיט אַ יאָהר שפּעטער נאָך זיין קומען קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ (1857) מאַכט ער אַ רייזע קיין אויסלאַנד. די דאָזיגע רייזע האָט איבערגעלאָזט אין טאָלסטאָי'ס זכרון אַ שווערען איינדרוק, וועלכער רופט זיך שפּעטער אָב אין זיינע ווערק. אין פּאַריז האָט טאָלסטאָי צום ערשטען מאָל געזעהען טויט-שטראָף און זיין צווייפעל אין דער קראַפט פון פּראָגרעס האָט זיך נאָך פערגרעסערט. דאָרט האָט ער אויך געזעהען דעם טויט פון זיין געליעבטען ברודער ניקאָליי, וועלכער איז געשטאָרבען אויף זיינע הענד, און הגם טאָלסטאָי האָט שוין פריהער צוגעזעהען אַ סך טויטען, נאָר דער טויט פון אַ נאָהענטען מענשען, מיט וועלכען ער איז געווען גייסטיג שטאַרק פערבונדען, האָט אויף איהם צום ערשטען מאָל אין לעבען געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק, וועלכען ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פערגעסען. ווי ביי אַלע גרויסע קינסטלער, וועלכע קוקען אויף אַלץ אַרום זיך מיט אייגענע אויגען און געפינען אין די געוועהנליכע ערשיינונגען פון לעבען נייע פרישע ענטדעקונגען, איז אויך ביי טאָלסטאָי'ען דער טויט פון זיין ברודער געווען אַ ענטדעקונג, אַ פרישער ניי-געבוירענער טראַ-

גישער מאָמענט, װעלכער האָט איהם געעפֿענט די אויגען און זיך שפּעטער שטאַרק אָבגעריפֿען אין זײַנע װערק. דער טױט — דאָס איז אַ „געװעהנליכע" ערשײַנונג און אַלט אַזױ פֿיעל, װיפֿיעל דאָס לעבען. מיליאָנען מענשען שטאַרבען, נײַע װערען געבױרען און דער געװעהנליכער מענש זעהט אין דעם אַ געװעהנליכע ערשײַנונג, װעלכע קאָן איהם אומעטיג מאַכען, אָבער ניט איבערראַשען. דער קינסטלער איז אָבער אומעטום פֿריש און נײַ, אומעטום ענטדעקט ער מעשי בראשית, און דער גרױסער קינסטלער טאָלסטאָי, װעלכער האָט אַזױ גוט געקענט דאָס לעבען, האָט דאָס ערשטע מאָל דערזעהען פֿאַר זיך די קראַפֿט פֿון טױט, װעלכע איז שפּעטער געװאָרען די מוזע פֿון פֿיעל זײַנע שעפֿונגען. פֿאַר איהם האָט זיך עפּעס געעפֿענט אַ נײַע טיעפֿקײַט, און פֿון דאַמאָלס אָן הױבט ער אָפּטמאָל אָן בעטראַכטען דאָס לעבען פֿון שטאַנדפּונקט פֿון טױט.

„מען קאָן ניט אײַנרעדען דעם שטײן, שרײַבט טאָלסטאָי אין יאָהר 1860, אַז ער זאָל פֿאַלען אַרױף און ניט אַראָב, װאוהין עס ציהט איהם. מען קאָן ניט לאַכען פֿון אַ װיץ, װעלכער האָט דערעסען. מען קאָן ניט עסען, װען עס װילט זיך ניט. נאָך װאָס דאָס אַלץ, װען מאָרגען װעלען זיך אָנהױבען די יסורים פֿון טױט, מיט דער גאַנצער נידערטרעכטיגקײַט פֿון פֿאַלש, זעלבסט-נאַרערײַ, און װעלען זיך ענדיגען מיט גאָרנישט, מיט אַ נול פֿאַר זיך! איך נעהם דאָס לעבען, װי עס איז. װי נאָר אַ מענש דערגרײכט צום העכסטען שטאַפּעל פֿון ענטװיקלונג, װי נאָר ער װעט דערזעהען קלאָר, אַז אַלץ איז פֿאַלש און נאַריש, און אַז דער אמת, װעלכען ער האָט ליעב מעהר פֿון אַלץ, אַז דער דאָזיגער אמת איז שרעקליך, װי נאָר דער מענש װעט דערזעהען דעם אמת קלאָר און ריכטיג, דאַן װעט ער זיך אױפֿכאַפּען מיט אַ מאָל און מיט שרעק, װי מײַן ברודער, װעט ער פֿרעגען: „נו, װאָס-זשע איז דאָס אַזעלכעס?" נאַטירליך, כל זמן עס איז דאָ אַ פֿערלאַנג צו װיסען און רעדען דעם אמת, סטאַרעט מען זיך װיסען און רעדען. דאָס איז דאָס אײנציגע, װאָס איז מיר פֿערבליבען פֿון דער מאָראַלישער װעלט, העכער דערפֿון קאָן איך זיך ניט שטעלען. דאָס דאָזיגע אײנציגע װעל איך אױך װײַטער טהון, אָבער ניט אין דער פֿאָרם פֿון אײַער קונסט. קונסט איז פֿאַלש, און איך קאָן שױן ניט ליעבען דעם שענעם פֿאַלש".

טאָלסטאָי האָט נאָכדעם זײַן װאָרט ניט געהאַלטען, און שפּע-

טער מיט עטליכע יאָהר האָט ער זיך ווידער געמיהט נעהמען צום „שענעם פֿאַלש“ און געשאַפֿען זיינע געניאַלע קונסט־ווערק „אַנאַ קאַרענינאַ“ און „קריעג און פֿריעדען“, אָבער אויף אַ צייט האָט ער זירקליך אַזוי געדענקט און געגלויבט, אַז ער וועט געהן מיט אַן אַנדער וועג און מיט קונסט מעהר זיך ניט אינטערעסירען. צו יענער צייט האָט טאָלסטאָי זיך ווידער אָנגעהויבען בעשעפֿטיגען מיט פֿויערשע ענינים, און דאַן איז ביי איהם געבוירען געוואָרען אַ געדאַנק צו גרינדען אַ אָריגינעלע שולע פֿאַר פֿויערען, אַ שולע, וועלכע זאָל זיך אינגאַנצען אונטערשיידען פֿון דעם טיפּ שולען, וועלכע עקזיסטירען אומעטום, און כדי צוצוגרייטען זיך צו דער אָריגינעלער שולע, מאַכט ער אין יאָהר 1859 אַ צווייטע רייזע קיין אויסלאַנד. ער בעזוכט כמעט אַלע גרעסטע צענטרען פֿון אייראָפּאַ, בעקענט זיך מיט פֿיעל פֿון די גרויסע אייראָפּעאישע לייט, הערט לעקציעס אין די אוניווערזיטעטען, בעקענט זיך מיט די דאָרטיגע שולען און מיט די פֿערשיעדענע אונטערריכטס־סיסטעמען. אין יאָהר 1861 קומט ער צוריק קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און גרינדעט די ערשטע שולע פֿאַר פֿויערען, די ערשטע פֿרייע שולע, וועלכע איז אַזוי בעריהמט געוואָרען אין גאַנץ אייראָפּאַ.

די דאָזיגע פֿרייע רעפּובליק פֿאַר קינדער איז געווען געגרינדעט אויף פֿאָלגענדען פּרינציפּ, וועלכען טאָלסטאָי האָט אַזוי ליעב געהאַט איבערצוחזר'ן: „דער לעהרער טאָר קיינמאָל זיך ניט ערלויבען מיינען, אַז די שילער זענען שולדיג אין דעם אונערפֿאָלג, נאָר מען דאַרף פֿערשטעהן, אַז אין דעם אונערפֿאָלג איז שולדיג נאָר ער אַליין, וויל וואָס ערגער דער לעהרער ווייסט דעם למוד, וועלכען ער אונטערריכטעט, אַלץ מעהר נויטיגט ער זיך אין שטרענגקייטען און אין צוואַנג; פֿערקעהרט, וואָס מעהר דער לעהרער פֿערשטעהט און האָט ליעב זיין למוד, אַלץ נאַטירליכער און פֿרייער איז זיין אונטערריכט“. אויף דעם פּרינציפּ איז געגרינדעט געוואָרען טאָלסטאָי'ס שולע. די קינדער פֿלעגען קומען און אַוועקגעהן, ווען זיי האָבען אַליין געוואָלט, געלערנט נאָר די למודים און אין דער פֿאָרם, ווי זיי אַליין איז דאָס געפֿעלען געוואָרען, אָהן שום צוואַנג, אָהן זייער קלענסטער דיסציפּלין. די אָרדנונג אין דער שולע האָבען געהאַלטען די שילער אַליין, לויט זייער אייגענעם סיסטעם. די אויפֿגאַבע פֿון די לעהרער איז געווען נאָר דערין, אַז זיי זאָלען מיט אַזאַ ליעבע און

אינטערעס ערקלערען זייערע לעקציעס, דאָס די שילער אַליין זאָלען זיך פֿעראינטערעסירען און הערען. ווײַטער האָבען די קינדער געהאַט פֿאָלקאָממע פֿרייהייט, געקאָנט זיצען, ווי אַזוי זיי ווילען, וואָ זיי ווילען און קיין דיסציפּלין, קיין געצוואונגענע אָרדנונג איז ניט געווען.

צו דער ערשטיינונג פֿון אַלע, האָט די דאָזיגע פֿרייע אַנאַרהישע שולע געהאַט אַ גרויסען ערפֿאָלג און די שילער פֿון טאָלסטאָי'ס שולע זענען געוואָרען שטאַרק צוגעבונדען צו דער שולע און צו די לעהרער מיט טאָלסטאָי'ען אין דער שפּיץ און אין זייער לערנען זעהר פּראָגרעסירט. אין גיכען האָט טאָלסטאָי געעפֿענט אין די דערפֿער נאָך אַזעלכע 14 שולען און אויך אָנגעהויבען אַרויסגעבען זיין בעריהמטען פּעדאַגאָגישען זשורנאַל „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ“, וועלכען ער האָט זיך אָבגעגעבען מיט לייב און לעבען. די דאָזיגע שולע צוזאַמען מיט דעם אָריגינעלען פּעדאַגאָגישען זשורנאַל זענען ניט געווען פּראָסט אַ „פֿאַנטאַזיע פֿון אַ באַראָן“, נאָר אַ לעבעדיגע שאַפֿונג, אין וועלכער טאָלסטאָי האָט אַריינגעלעגט פֿיעל קאָפּ און נשמה. די שולע איז ביי איהם געוואָרען אַ קונסט־ווערק, די קינדער האָבען זיך אָרגאַניש צוגעבונדען צו איהם און צו דער שולע, צווישען טאָלסטאָי'ען און דער פּויערשער קינדער־וועלט איז געוואָרען אַ לעבעדיגע אָרגאַנישע פֿערבינדונג און די קינדער האָבען זיך אין טאָלסטאָי'ס אָנוועזענהייט געשפּירט פֿאָלקאָם פֿריי, ווי מיט אַ גוטען חבר. צווישען די פּויערשע קינדער האָט טאָלסטאָי געהאַט אויך איינגע „חברים“, מיט וועלכע ער פֿלעגט אָפֿט אַרומגעהן שפּאַצירען, אַריינלאָזען זיך אין אינטימע שמועסען, און צוויי פֿון זיי, פֿעדקאַ און סעניאַ, זענען געוואָרען טאָלסטאָי'ס ליבלינגען און זאָגאַר בעריהמט געוואָרען אין דער ליטעראַטור אַלס חברים פֿון גרויסען קינסטלער.

אָט ווי טאָלסטאָי אַליין בעשרייבט אַ שפּאַציר מיט זיינע שילער שפּעט ביינאַכט:

„מיר זענען צוגעקומען צו אַ דאָרף. פֿעדקאַ האָט אַלץ ניט אַרויסגעלאָזט מיין האַנד, יעצט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, שוין פֿון דאַנקבאַרקייט. מיר אַלע זענען געווען אַזוי נאָהענט אין יענער נאַכט, ווי קיינמאָל. פּראָנקאַ איז געגאַנגען אין איין רייהע מיט אונז איבער דעם ברייטען שליאַך פֿון דאָרף. „זעהט נאָר, ביי די מאַזאַנאָווס ברענט נאָך אַ פֿייער!“ האָט ער געזאָגט. „איך בין היינט אין קלאַס געז־

גאַנגען, גאַווריוחאַ איז געפֿאָהרען פֿון טראַקטיר שכּור, ווי לוט; דאָס פֿערד איז איינגאַנצען אין זייף געווען, ער באַקט דאָס פֿערד גוט... איך האָב שטענדיג אויף איהם רחמנות! באמת! נאָך וואָס קומט איהם אַזוי שלאָגען". — „גאַווריוחאַ שמייסט אַזוי איבער די אויגען... און מיר איז אַזאַ רחמנות געווען, האָט ווידער זיך אָנגערופֿען פראַנקאַ: — פֿאַרוואָס האָט ער איהם אַזוי געשלאָגען! אַראָבגעקראָכען און שמייסט, שמייסט". פֿיעדקאַ האָט זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט: „אונזערע שלאָפֿען שוין", האָט ער געזאָגט, אַריינקוקענדיג אין די פֿענסטער פֿון זיין קרום שוואַרץ שטיבעל. „איהר ווילט שוין מעהר ניט געהן?". — „ניין". — „אַ גוטע נאַכט, ל. נ.", האָט ער אויסגעשריען פּלוצלונג און ווי מיט געוואַלד זיך אָבגעריסען פֿון אונז, מיט אימפּעט זיך געלאָזט צו זיין הויז און פֿערשוואונדען געוואָרען. „ווענסטו אַלץ אונז אַזוי אַרומפֿיהרען, פֿריהער איינעם, דערנאָך דעם צווייטען?" האָט צו מיר געזאָגט פֿעדקאַ. מיר זענען געגאַנגען ווייטער. ביי פראַנקאַ'ן האָט זיך נאָך געלויכטען. מיר האָבען אַריינגעקוקט אין פֿענסטער: די מוטער, אַ הויכע, אַ שענע, נאָר אויסגעמאַטערטע פֿרוי מיט שוואַרצע ברעמען און אויגען, איז געזעסען ביים טיש און געשיילט קאַרטאָפֿעל; אין מיטען איז געהאַנגען אַ וויעגעל; דער מאַטעמאַטיקער פֿון צווייטען קלאַס, פראַנקאַ'ס ברודער, איז געשטאַנען ביים טיש און געגעסען קאַרטאָפֿעל מיט זאַלץ. די שטוב איז געווען אַ שוואַרצע, אַ קליינע, אַ שמוציגע. „אין דער ערד זאָלסטו אַריין!" האָט אויסגעשריען די מוטער אויף פראַנקאַ'ן. „וואו ביזטו געווען?" פראַנקאַ האָט גוטמוטיג אַ שמייכעל געטהון, קוקענדיג אויפ'ן פֿענסטער'ל. די מוטער האָט פֿערשטאַנען, אַז ער איז ניט אַליין און תיכף אויסגעביטען איהר אויסדריק אויף אַ פֿאַלשען ניט-ערליכען אויסדריק. עס איז איבערגעבליבען נאָר פֿעדקאַ אַליין. „ביי אונז זיצען די שניידער, דעריבער לייכט זיך", האָט ער געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע, „אויף היינט אַ גוטע נאַכט, ל. נ.", האָט ער צוגעגעבען שטיל און צאַרט און אָנגעהויבען קלאַפּען אין דער פֿערמאַכטער טהיר. איהם האָט מען לאַנג ניט געעפֿענט. איך האָב אַריינגעקוקט אין פֿענסטער; די שטוב איז געווען אַ גרויסע; פֿון אויווען און פֿון די בענק האָבען זיך געזעהען פֿיס, דער פֿאָטער מיט די שניידער האָבען געשפּיעלט אין קאָרטען, אויפ'ן טיש זענען געלעגען עטליכע קופּערנע מטבעות. אַ פֿרוי, די שטיפֿמוטער, איז געזעסען ביים שיין און מיט הונגע

געקוקט אויפ׳ן געלד. איין שנײדער, אַ יונגער פּויער, האָט געדאַלטען אויפ׳ן טיש קאָרטען, זיך אײנגעבויגען און מיט נצחון געקוקט אויף זיין פּאַרטניער. פֿעדקאַ׳ס פֿאָטער מיט אַ אויפֿגעשפּילעטען קאָלנער, אינגאַנצען אײנגעקאָרטשעט פֿון טראַכטען און פֿון פֿערדרוס, האָט געקנייטשט די קאָרטען אין זיין גראָבער האַנד—„עפּעס“. די פֿרוי איז אויפֿגעשטאַנען און געגאַנגען עפּענען. „זיי געזונד! האָט פֿעדקאַ נאָך אַמאָל געזאָגט: — לאָמיר שטענדיג אַזוי שפּאַצירען געהן.“

די שולע איז ביי טאָלסטאָי׳ען געווען אַ מין לעבעדיג קונסטווערק, אין וועלכען ער האָט אַרײנגעלעגט פֿיעל ליעבשאַפֿט און האַרץ. זי האָט איהם געבראַכט פֿיעל פֿערגעניגען און ער האָט זיך שטאַרק צוגעבונדען צו איהר. זיין לעבענס-וועג פֿון אַ געניוס איז אָבער געווען ניט דאָ, און אין גיכען זענען די שולען זיינע, טיילווייז צוליעב די רדיפֿות פֿון דער אַדמיניסטראַציע און די אָרטימיגע גוטס-בעזיצער, טיילווייז צוליעב דעם, וואָס די אַלע פּויערשע קינדער אין דאָרף האָבען זיך שוין אַלץ אויסגעלערנט און קיין אַנדערע קינדער זענען ניט געווען — אָבגעשטאָרבען מיט זייער נאַטירליכען טויט. די שולע האָט אָבער צוגענומען פֿיעל פֿיזישע קרעפֿטען ביי טאָלסטאָי׳ען און ער איז קראַנק געוואָרען און ווידער אָבגעפֿאָהרען.

צוריקקומענדיג האָט טאָלסטאָי זיך ערקלערט אין ליעבע איינער פֿון די טעכטער פֿון אַ געוויסען מאָסקווער ד״ר בערס, סאָפֿיא, מיט וועלכער ער האָט באַלד חתונה געהאַט. דאָס איז געווען אין יאָהר 1862. טאָלסטאָי איז דאַמאָלס אַלט געווען 43 יאָהר, זיין כלה 18, און דאָ האָט זיך פֿאַר טאָלסטאָי׳ען אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע. ער האָט אָנגעהויבען פֿיהרען אַ פֿאַמיליען-לעבען און, ווי עס שיינט, געווען גליקליך. אין זיין יונגער פֿרוי האָט ער געפֿונען אויך אַ מיטאַרבייטער אין זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט און ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבען האָט זי איהם געטריי געהיט און מיטגעהאָלפֿען אין זיין אַרבייט. מיט אַ וועלטענער איבערגעבענהייט, אויף וועלכע עס זענען נאָר פֿעהיג ליעבענדע פֿרויען, האָט טאָלסטאָי׳ס פֿרוי אָבגעהיט אַלע זיינע נאָטיצען און כתבים, וועלכע זענען געווען צוואָרפֿען אין פֿערשיעדענע ערטער, געהאָלפֿען איהם צונויפֿקלייבען די פּיצלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע טאָלסטאָי האָט פֿערנאָטירט זיינע גרויסע אידעען, צוזאַמענגעשטעלט און געבראַכט אין אָרדנונג זיינע שריפֿטען, איבערגע-

שרײַבען זײַנע גרויסע ראָמאַנען און געטרײַ איהם געהאָלפען אין זײַן איבעריגער אַרבײַט. באַלד זענען אויך געווען קינדער, עס זענען געבוי־רען געוואָרען נײַע דאגות און אינטערעסען און טאָלסטאָי האָט זיך געשפּירט אַלס גליקליכער פאַמיליען־מענש, ער האָט בעקומען די נויטיגע רוה. פאַר איהם האָבען זיך געענדיגט די וואַנדער־יאָהרען און ער האָט אָנגעהויבען שפּירען יענע אינערליכע רוה, וועלכע איז אַזוי נויטיג פאַר די גרויסע קינסטלער. זײַנע אינערליכע ספקות און זוכעניש׳ען זענען ניט פערשוואונדען געוואָרען, אָבער זיי זענען אַוועק טיעף, טיעף און טאָלסטאָי האָט זיך געשפּירט רוהיגער און קלאָרער; זײַן גרויסער עגאָאיזם, פון וועלכען ער האָט אַזוי געליטען און וועלכער האָט איהם געגעבען דעם אימפּולס צו זײַנע גרעסטע ווערק, איז ניט פערשוואונדען געוואָרען, ער האָט זיך נאָר פער־ברײַטערט און פון פערזענליכען עגאָאיזם זיך פערוואַנדעלט אין פאַ־מיליען־עגאָאיזם. טאָלסטאָי האָט בעקומען די נויטיגע רוה אויף אַ לענגערע צײַט און אין דעם פעריאָד פון זײַן גליקליכען פאַמיליען־לעבען זענען געשאַפען געוואָרען זײַנע געניאַלסטע צוויי ווערק: „קריעג און פרידען“ און „אַננאַ קאַרענינאַ“.



# טאָלסטאָי אַלס קינסטלער.

דאָס אַלגעמיינע בילד פון „קריעג און פריעדען". — טאָל־סטאָי'ס שאַפונגס־מיטלען. — סובּיעקטיוויזם און אָביעקטי־וויזם. — דאָס אָפענע און דאָס פערבאָרגענע אין טאָלסטאָי'ס שאַפען. — קערפער און גייסט. — דער אמת, אַלס דער איינ־ציגער העלד פון טאָלסטאָי'ס ערצעהלונגען. — ניט קיין העלדען, נאָר מענשען. — נאַפּאָלעאָן און אַלעקסאַנדער. — קוטוזאָוו און קאַראַטאַיעוו. — פּיער און פירשט אַנדריי. — אַננאַ קאַרע־נינאַ. — טאָלסטאָי'ס מוזען. — צווישען לעבען און טויט. — זינד און הייליגטום, טהירישעס און געטליכעס, אַלס די הויפּט־עלעמענטען פון טאָלסטאָי'ס שאַפונג. — שלוס.

„וואָס פאַר אַ גרויס און וואָס פאַר אַ הויך! קיין שום ליטעראַטור אין דער וועלט פערמאָגט דאָס ניט. טויזענדער סצענעס, טויזענדער פּערזאָנען, אַלערליי ספערען פון פּריוואַט־און מלוכה־לעבען, היסטאָ־רישע מלחמה, אַלע שרעקען, וואָס זענען דאָ אויף דער וועלט, אַלע ליידענשאַפטען, אַלע מאָמענטען פון דעם מענשליכען לעבען, פון דעם געשריי פון אַ ניי־געבוירען קינד ביז דעם לעצטען אָטעם פון אַ שטאַרבענדען זקן, אַלע פריידען און ליידען, וואָס אַ מענש פער־מאָגט, אַלערליי אינערליכע שטימונגען, פון דעם געפיהל פון אַ גנב, וועלכער האָט אַוועקגעגנב'עט געלד ביי זיין חבר, ביז די העכסטע בעוועגונגען פון העלדישקייט און מחשבה, וואָס קומען פון אַ אינער־ליכע ערוואַכונג — אַלעס געפינט זיך אין דאָזיגען בילד, און אין דער וועלכער צייט פערשטעלט ניט קיין איין פיגור די צווייטע, קיין סצענע, קיין איינדרוק שטערען ניט דער צווייטער סצענע און איינדריקען, אַלעס איז אויף׳ן אָרט, אַלעס איז קלאָר, אַלעס איז איינגעטיילט און האַרמאָנירט, סיי צווישען זיך, סיי מיט דעם גאַנצען. אַזאַ וואונדער אין דער קונסט, דערביי נאָך אַ וואונדער, וועלכער ווערט דערגרייכט דורך די איינפאַכסטע מיטלען, האָט נאָך די וועלט ניט געזעהען. די דאָזיגע

איינפאַכע און אין דער זעלבער צייט אונגעווערנליך־קונציגע גרופירונג, איז ניט קיין אַרבייט פון אויסערליכע קאָמבינאַציעס און פּלענער; דאָס האָט געקאָנט בעשאַפען ווערען נאָר דורך אַ אויג פון אַ געניוס, וועלכער נעהמט אַרום און דרינגט אַריין אין דער פיעל־פאַכיגקייט פון לעבענס־שטראָם דורך איין בליק, אַ קלאָרער און איינפאַכער".

מיט אַזעלכע ווערטער שילדערט דער רוסישער קריטיקער סטראַכאָוו טאָלסטאָי'ס ראָמאַן „קריעג און פריעדען" און אין די ווערטער איז קיין גוזמא ניטאָ, קיין איבעריגער לויב, דען באמת, שוין לויט דער גרויס אַליין פון דאָזיגען ווערק, וועלכען טאָלסטאָי האָט געשריבען גאַנצע 6 יאָהר און 7 מאָל איבערגעאַרבייט, שוין לויט דער צאָהל פון די העלדען, היסטאָרישע סצענעס, בילדער, טויזענדער קליינינקייטען און פיעל־פאַרביגע עפּיזאָדען, — שוין לויט דער אויסערליכער גרויס אַליין פון דאָזיגען ווערק קאָן „קריעג און פריעדען" אַרויסרופען ביי יעדען אַ ענטציקונג און ערשטוינונג פאַר דער געוואלדיגער קראַפט פון גענִיאַלען אויטאָר, און ווען מיר שטעלען זיך די פראַגע: ווי האָט איין מענש געקאָנט בעשאַפען אַזאַ רייכטום פון בילדער און סצענעס, מענשען און מענשליכע מעשים, און דערביי אַזוי קלאָר און איינפאַך? דאַן האָבען מיר נאָר איין ענטפער: טאָלסטאָי איז אַ גענִיאַלער קינסטלער און דערמיט איז אַלץ געזאָגט. אָבער לאָמיר פּרובען אַנאַליזירען טאָלסטאָי'ס שאַפונגס־געניוס און מיר וועלען זיך פראַגען: מיט וועלכע שאַפונגס־מיטלען בענוצט זיך טאָלסטאָי? וועלכע נייע קונסט־וועגען האָט ער פאַר אונז געעפענט און וואָס איז דער אינערליכער זינן פון דעם גרויסען רייכטום, וועלכען ער האָט אַרויסגעפיהרט פאַר דער וועלט?

דאָ ליגט דער שווער־פּונקט, אין דעם ענטפער אויף די פראַגען ליגט די גאַנצע אָבשאַצונג פון טאָלסטאָי אַלס קינסטלער.

אַז טאָלסטאָי איז אונגעווערנליך רייך אין שאַפונגס־קרעפטען, אַז טאָלסטאָי איז אַ געניוס, — דערין זענען אַלע מודה, דערין איז קיין חלוקי דעות ניטאָ. אָבער וואָס איז טאָלסטאָי לויט זיינע קונסט־פאָרמען, וואָס איז דער מהות פון זיין שאַפען?

מען האָט געפרובט פערגלייכען טאָלסטאָי'ען מיט שעקספיר'ן און האָמער'ן. ווירקליך, שילדערט אָפט טאָלסטאָי זיינע העלדען און זייערע איבערלעבונגען מיט אַזאַ עפּישע רוהיגקייט און קלאָרהייט,

מיט אַזאַ נאַאיווע איינפֿאַכקייט, אויף וועלכע עס איז פֿעהיג געווען נאָר איין האָמער. פֿון דער צווייטער זייט איז טאָלסטאָי אַזאַ גרויסער מייסטער צו פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזען, אַז ער דערמאָהנט שעקספּיר. ער איז אָבער פֿאָרט ניט האָמער און ניט שעקספּיר. ער איז ניט האָמער, ווייל יענער איז שטענדיג פּאַטריאַרכאַל, שטענדיג נאַאיוו, שטענדיג איינפֿאַך־קלאָר, וועהרענד טאָלסטאָי איז ניט קיין איינפֿאַכער בעאָבאַכטער, נאָר אויך אַ קינסטלער, וואָס זוכט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אידעען. ער איז אויך ניט שעקספּיר, ווייל יענער איז שטרענג־אָביעקטיוו, שילדערט שטענדיג פֿרעמדע וועלטען און דערביי אַלגעמיין־מענשליכע ליידענשאַפֿטען און איבערלעבונגען, וואָס זענען ניט אָבהענגיג פֿון דער צייט און אָרט, וועהרענד טאָלסטאָי איז שטענדיג, ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער צאָהל העלדען זיינע, דאָך בעגרענעצט מיט אַ געוויסען קרייז, אַ געוויסען קלאַס און ער איז קיינמאָל ניט קיין רוהיגער בעאָבאַכטער, ער טרעט צו צו זיינע העלדען מיט אַ בעשטימטע אידעע און שטענדיג קאָן מען געפֿינען אין יעדען איינציגען פֿון זיינע העלדען געוויסע שטריכען, וועלכע זענען אַ טייל פֿון טאָלסטאָי'ס אייגענעם איך. טאָלסטאָי איז אַלזאָ ניט שעקספּיר, ניט האָמער, ער איז אַ ערשיינונג אַן און פֿאַר זיך. און ווי יעדער גרויסער קינסטלער, האָט אויך טאָלסטאָי געשאַפֿען נייע פֿאָרמען, נייע קונסט־געזעצען, פֿאַר וועלכע עס גילטען ניט קיין פֿערגלייכונגען, קיין אָנגענומענע בעשטימונגען.

מיר זענען געוואָהנט איינצוטיילען קינסטלער אויף אָביעקטיווע און סוביעקטיווע. אָביעקטיוו הייסט אַזאַ קינסטלער, ביי וועלכען זיין אייגענע אינערליכע וועלט, זיין נאַטור, זיין לעבענס־ערפֿאַהרונג טרעטען אָב אויפ'ן צווייטען פּלאַן אָדער פֿיגורירען כלל ניט, בעת ער שאַפֿט פֿרעמדע וועלטען, פֿרעמדע האַראַקטערען, מיט וועלכע ער האָט קיין געמיינזאַמעס ניט. סוביעקטיוו הייסט אַזאַ קינסטלער, וועלכער מאָג זיין פֿאָלקאָם פֿריי אין זיין שאַפֿען, זיך בעציהען צו זיינע העלדען אָהן שום אייגענע פּניה, ניט וועלען קיין זאַך „בעווייזען", ערקלערען, אָבער ער שאַפֿט דאָך נאָר אַזעלכע לעבענס, אַזעלכע מענשען, מיט וועלכע ער איז אָרגאַניש פֿערבונדען, און ביים שאַפֿען פֿרעמדע העלדען מוז ער — ער מאָג זיין ווי פֿריי און אונפּאַרטייאיש — דאָך פֿריהער אַריינקוקען אין זיין אייגענע אינערליכע וועלט, צהיס־

בעקומען פֿון זײַן אײגענע לעבענס־ערפֿאַהרונג געוויסע שטריכען און פֿאָרמען, וועלכע זענען איהם נײטיג.

טאָלסטאָי שילדערט זײַנע העלדען מיט אַזאַ קלאָרהײט און רוהיגקײט, אַנאַליזירט אַזוי אויספֿיהרליך און טיעף זײערע נשמות, אַז בײַ איהם קומען אַרויס זײַנע העלדען כמעט ווי פּאָרטרעטען. כמעט ווי אַראָפּגענומען פּינקטליך פֿון דער נאַטור, פֿון דער רײנער ווירקליכקײט. ער איז אָבער ניט קײן פּאָרטרעטיסט, ווײַל אַזעלכער זעהט נאָר דאָס, וואָס ליגט פֿאַר זײַנע אויגען, ווערענד טאָלסטאָי אַלס קינסטלער מוז האָבען אַ פּערספּעקטיווע, ער מוז זעהן מעהר, ווי די ווירקליכקײט אַרום איהם, שטעהן העכער פֿון איהר. ער איז, אַלזאָ, רײן־אָביעקטיוו. פֿון דער צווײטער זײַט, איז אונמעגליך זיך פֿאָרצושטעלען און פֿערשטעהן זײַנע העלדען אָהן זײער בעשעפֿער. אין יעדען פֿון זײַנע פּערזאָנען ליגט אַ שטיק טאָלסטאָי אַלײן און עס שפּירט זיך, ווי איבער די העלדען, וועלכע לעבען און בעוועגען זיך פֿרײַ מיט זײער אײגענעם לעבען, שטעהט דאָך דער בעשעפֿער זײערער. און דערמיט ערקלערט זיך, וואָס עס איז אונמעגליך צו פֿערשטעהן טאָלסטאָי'ס ווערק, ווען מען שטעלט זיך ניט אויף זײַן אײגענעם שטאַנדפּונקט פֿון אָנהײב ביז סוף, ווען מען קוקט ניט מיט זײַנע אויגען. דערמיט ערקלערט זיך אויך, וואָס זעלטען בײַ אַן אַנדער קינסטלער קאָן מען געפֿינען אַזעלכע העלדען, וועמענס פּסיכיק זאָל זײַן אַזוי קלאָר און פֿערשטענדליך פֿאַר יעדען לעזער, ווי אין טאָלסטאָי'ס ווערק: ער אַלײן זאָגט אונטער דעם לעזער, צווינגט איהם מיט אַ אײזערנע קראַפֿט צו פֿערשטעהן זײַנע העלדען אַזוי, ווי ער אַלײן פֿערשטעהט זײ. טאָלסטאָי איז אַלזאָ פֿון דער זײַט רײן־סובּיעקטיוו. ווי זשע ערקלערט מען די דאָזיגע סתירה?

די ריכטיגסטע בעשטימונג פֿון טאָלסטאָי'ס אַרט שאַפֿען האָט געגעבען דער בעסטער רוסישער קריטיקער און קענער פֿון טאָלסטאָי'ען, מערעזשקאָווסקי: טאָלסטאָי אַלס קינסטלער געהט פֿון בעוואוסטזיניגען צום אונבעוואוסטזיניגען, פֿון אָפֿענעם צום פֿערבאָרגענעם, פֿון קערפּער צום גײַסט. דאָס הײסט: טאָלסטאָי נעהמט פֿריהער פֿון אַלץ דאָס אָרגאַנישע, דאָס קערפּערליכע, וואָס אין מענשען, קלײַבט צונויף די קלײנע שטריכען, גיט דערנאָך צו אײן הױפּט־שטריך, וואָס פֿעראײניגט די דעטאַלען אין אײן גאַנצעס אין דערפֿון ווערט געשאַפֿען די פֿיזיאָגנאָמיע פֿון זײַנע העלדען. טאָלסטאָי שטעהט אַזוי

לאַנג צו צום לעזער מיט אַט די קליינע שטריכען, פערטײַטשט זיי איהם אַזוי פיעל מאָל, ביז דאָס דרינגט אַרײַן אין מוח, פערהאַפט די פאַנ־טאַזיע, און בײַם לעזער בלײַבט אַ לעבעדיג בילד, וועלכעס ס'איז אומ־מעגליך דערנאָך צו פערגעסען. דער העלד פון „קריעג און פריעדען“, קאַראַטאַיעוו האָט אַ „קײַלכיגען אויסדריק“, אַנאַ קאַרעניגאַ, די גרויסע זינדערין, פערמאָגט „שטראַהלענדע“ אויגען, בײַ נאַפּאָלעאָנען זעהען די הענד ווײַסע און ווייכע, און אַט די אויסערליכע קערפּערליכע שטרי־כען שאַפען אַ פאָרשטעלונג וועגען גאַנצען, פון די קליינינקייטען ווערט דערנאָך בעשאַפען דער גאַנצער מענש, אַזוי אַז דער לעזער קאָן דערנאָך זיך ניט פאָרשטעלען דעם גאַנצען קאַראַטאַיעוו אַנדערש, ווי אַ מענש, אין וועלכען עס איז דאָ עטוואָס „קײַלכיגעס“, אַנאַ קאַרע־נינאַ — אָהן די שטראַהלענדע אויגען, נאַפּאָלעאָנען אָהן די ווייכע הענד. אין די קליינינקײַטען, אין שילדערען אַ מענשען דורך אויסער־ליכע שטריכען האָט טאָלסטאָי צו זיך קײַן גלײַכען ניט. דעם קייזער אַלעקסאַנדער שילדערט טאָלסטאָי בשעת זײַן טואַלעט, נאַפּאָלעאָנען — בשעת ער איז אינטים, בײַ זיך אין צימער, דעם גרויזאַמען טויט פון איוואַן איליטש — דורך איין געשריי „או־או־או!“ און אַ דאַנק די דאָזיגע קינסטלערישע מאַניערען, אַ דאַנק די דאָזיגע קליינינקײַטען ווערען טאָלסטאָי'ס העלדען נאָך קלאָרער און לעבעדיגער.

טאָלסטאָי'ס קינסטלערישע מיטלען, זײַן מאַניער צו שאַפען דורך קליינינקײַטען, דורך אויסערליכע שטריכען, האָט וואונדער אַרויסגע־רופען און איף דעם גרונד זאָגט מערעזשקאָווסקי, אַז טאָלסטאָי איז גרויס און גענ‍יאַל, ווען ער שילדערט דאָס קערפּערליכע אין מענשען, אָבער ווערט אָהנמעכטיג, ווען ער געהט איבער צום גײַסטיגען, צום העכערען. דאָס איז אינגאַנצען גענומען ניט מעהר, ווי אַ פּאַראַדאָקס, אויף וועלכען מערעזשקאָווסקי בויט אַ פאַלשען בנין, אָבער אַ גרויסער טייל אמת איז דערין דאָ.

אמת איז, אַז דער סוד פון טאָלסטאָי'ס שאַפען איז אין דער גע־וואַלדיגער קראַפט צו שילדערען דאָס ניט־לאָגישע, דאָס אונבעוואוסט־זיניגע, דאָס אָרגאַנישע און שטילע אין מענשען'ס נשמה. ער האָט צו זיך כמעט קײַן גלײַכען ניט אין דער קראַפט פון פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז, קיינער ווי טאָלסטאָי קאָן ניט אַזוי גרינדליך אַנאַליזירען די פּסיכאָלאָגיע פון זײַנע העלדען, און בשעת מען לייענט טאָלסטאָי'ען דאַכט זיך, ווי ער טהוט־אויס נאַקעט זײַנע העלדען, נעהמט פון זיי

אַראָב איינציגווייז די אינערליכע מלבושים, און גראָבט און גראָבט, הילענדיג אויפדעקען דעם עיקר, דעם תוך פון זייער נשמה. אָבער וויפיעל מען זאָל ניט אַנאַליזירען די מענשליכע פּסיכאָלאָגיע, וויפיעל מען זאָל ניט צוברעקלען די נשמה אויף קליינע חלקים, וועט אַלץ בלייבען עטוואָס אַזעלכעס, וואָס לאָזט זיך ניט אויפדעקען, וואָס לאָזט זיך ניט פונאַנדערגלידערען, און אָט די אונקלאָרע, שטיל־טיעפע, אונלאָגישע געפיהלען פון דער מענשליכער נשמה, זענען טאָלסטאָי'ען דוקא נעהענטער פון יעדער אידעע, פון אַלעם בעוואוסטזיניגען, און מעג ער שטרעבען מיט אַלע קרעפטען דורכצופיהרען אַ אידעע, צו בעשאַפען אַ גייסט, וועט דאָך זיין גאַנצע קראַפט אַלס קינסטלער בלייבען נאָר אין שילדערען דעם „קערפער“, די בלינדע אינסטינקטען, די אונקלאָרע ליידענשאַפטען און געפיהלען.

אין איינעם פון זיינע בריעף שרייבט טאָלסטאָי, זייענדיג אין סאַמאַראַ אויף קוראַציע: „גאָך וואָס דער גורל האָט מיך פערפיהרט קיין סאַמאַראַ, ווייס איך ניט, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב געהערט רעדעם אין ענגלישען פאַרלאַמענט (דאָס האַלט מען דאָך פאַר זעהר וויכטיג), און מיר איז לאַנגווייליג געוועזען, און דאָ זענען אַרום מיר נאָר פליגען, אונריינקייט, באַשקירען, נאָר איך הער זיך איין מיט אַ אָנגעשטרענגטע אויפמערקזאַמקייט און פּחד און איך שפיר, אַז דאָס אַלץ איז זעהר וויכטיג“.

איינהערען זיך אין דער אַרומיגער נאַטור — קיינער האָט דאָס אַזוי ניט געקאָנט, ווי טאָלסטאָי און זיין גאַנץ לעבען האָט טאָלסטאָי געשפירט, אַז „דאָס איז זעהר וויכטיג“, אַז די שטילע, אַבסאָלוטע שטימע, וואָס אין דער גאַנצער נאַטור, איז דאָס וויכטיגסטע, דאָס וואָרהאַפטיגסטע.

נאָך אַ פאַקט פון טאָלסטאָי'ס לעבען:

ווען מען האָט אין אויסלאַנד געשטעלט זיין דראַמע „די ממשלה פון פינסטערניש“, האָט טאָלסטאָי געפאָדערט פון רעזשיסער, אַז בשעת יענע בילדער פון דער דראַמע, וועלכע קומען פאָר אונטער'ן פרייען הימעל און וועלכע שילדערען דאָס אינוועניגסטע אויסזעהען פון אַ פויערשען הויף, זאָל מען אויף דער סצענע אין טעאַטער אַרויספיהרען איינפאַכע מיסט, אום די אילוזיע זאָל זיין אַ פאָלקאָמע... די דאָזיגע פאָדערונג האָט מען נאַטירליך ניט ערפילט און אין אויסלאַנד האָט מען זיך געוואונדערט אויף טאָלסטאָי'ס „ווילדע פויערשע“ בעגריפען

וועגען טעאַטער, אָבער ווי האַראַקטעריסטיש איז דאָס פֿאַר טאָלסטאָי׳ען אַליין! פֿאַר איהם זענען בילכער פֿון אַליץ די מענשליכע חושים, און שילדערט מען אויף דער סצענע אַ פּויערשען הויף, טאָר לויט זיינע בעגריפֿען ניט פֿעהלען דאָס מיסט, אום עס זאָל ניט ליידען דער חוש פֿון שמעקען. און מיט דעם געפֿיהל פֿאַר דער נאַטור, פֿאַר די מענשליכע חושים, פֿאַר וועלכען מערעזשקאָווסקי רופֿט איהם אָן גע־צענדיענער, דערמאָהנט טאָלסטאָי די אוראַלטע מענשען, נאָר קיינער, ווי ער, קאָן אַזוי ניט פֿיהלען דאָס שטומע און אָרגאַנישע אין דער גאַנצער נאַטור. דערפֿאַר פֿערשטעהט אַזוי טאָלסטאָי די שפּראַך פֿון די חיות, פֿון די בוימער און פֿון די אַלע געזונדטע מענשען, וועלכע זענען געגליכען צום גראָז אויפֿ׳ן פֿעלד.

אין זיין פּראַכטפֿאָלער ערצעהלונג „חאָלסטאָמער“ דערצעהלט אַ אַלט פֿערד זיין לעבענס־געשיכטע פֿאַר די יונגע פֿערד, וועלכע קלייבען זיך צונויף אַרום דעם שטאַרבענדען חאָלסטאָמער, ער דער־צעהלט וועגען זיין געבורט, וועגען זיין מוטער, וועגען זיין געשלעכטס־תאוה, וועגען זיין לעבען, בעהאַנדעלט די בעגריפֿען וועגען מענשען און פֿערד און ער געפֿינט, אַז פֿערד שטעהען אויף אַ העכערע מדרגה פֿון מענשען, ווייל די טעטיגקייט פֿון מענשען דריקט זיך אויס נאָר דורך ווערטער, ווענד־ענד דאָס לעבען פֿון פֿערד געהט פֿאָריבער אין שטילע מעשים.

אַזוי דענקט אויך יעראָשקאַ, דער אַלטער קאָזאַק, דאָס קינד פֿון דער נאַטור:

„דו מיינסט, זי איז אַ נאַר, די חיה? ניין, זי איז קלוגער פֿון מענשען, כאָטש זי רופֿט מען חזיר. זי ווייס אַליץ. און מען דאַרף אויך דאָס פֿערשטעהן: דו ווילסט זי הרג׳ענען, די חיה, און זי וויל איבער׳ן וואַלד אַ לעבעדיגע אַרומשפּאַצירען. ביי דיר איז אַזאַ געזעץ, און ביי איהר אַזאַ געזעץ. זי איז אַ חזיר, אָבער דאָך ניט ערגער פֿון דיר, — אויך אַזאַ גאָטס־בעשעפֿעניש. עח־מאַ! נאַריש איז דער מענש, נאַריש, נאַריש! — האָט איבערגע׳חזר׳ט דער אַלטער עטליכע מאָל, אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פֿערטראַכט“.

גאָטס־בעשעפֿענישען זענען אויך אַלע וואַקסונגען, דאָס גראָז אויפֿ׳ן פֿעלד, דאָס בלומעלע אין גאָרטען, דער בוים אין וואַלד, אין אַלע לעבט די פֿרייד פֿון לעבען, אַלע בעזיצען אַ אינערליכע שטומע שפּראַך.

„אין דעם װעלכען מאָמענט האָט װי עפּעס אויסגעשריען פון מיטען בוים; מיר האָבען זיך אָנגעשפּאַרט און פון מיטען בוים האָט זיך עפּעס אַװײַן דערהערט און דער בוים איז איינגעפאַלען“ — דאָס דערצעהלט טאָלסטאָי װעגען אַ בוים, װאָס מען האַקט אויס פון װאַלד.

„ער (דאָס פערד „פרו־פרו“) איז געװען איינע פון יענע חיות, װעלכע, דאַכט זיך, רעדען ניט נאָר דערפאַר, װײַל די מעכאַנישע אײַנ־אָרדנונג פון זייער מויל דערלאָזט דאָס ניט“. װעגען פיעל טאָלסטאָי׳ס העלדען — גיט צו מערעזשקאָװסקי, — קאָן מען זאָגען, אַז זיי רעדען נאָר דערפאַר, װײַל ביי זיי איז די מעכאַנישע אײַנאָרדנונג פון מויל אַזאַ, און דאָס איז גאַנץ ריכטיג. דאָס רוב פון טאָלסטאָי׳ס פּערזאָנען זענען, ניט קוקענדיג אויף זייער פילאָזאָפירען און דענקען, דאָך ניט מעהר, װי שטומע בעשעפעניש׳ען, מענשען מיט רײַכע אינסטינקטען, מענשען, װאָס לעבען מעהר, איידער זיי רעדען, פיהלען מעהר. איידער זיי דענקען. אַזעלכע זענען אַלע טאָלסטאָי׳ס װירקענדע פּערזאָנען, אויסער די, װאָס זענען אַ ריינער פּאָרטרעט פון טאָלסטאָי׳ען אַליין, אין װעלכע טאָלסטאָי האָט אַרײַנגעגעבען זײַן אייגענע פילאָזאָפיע, זײַנע אייגענע געדאַנקען. נאַטירליך, זענען ניט אַלע עהנליך איינער אויפ׳ן צװייטען, יעדער העלד בעזונדער אונטערשיידעט זיך מיט פיעל זאַכען פון צװייטען העלד און נאָר אַלס אַזעלכע מענשען, אַלס מענ־שען פון פערשידענע פאָרמען קאָנען זיי אויף אונז װירקען, װי לע־בעדיגע מענשען, אָבער דאָך שפּירט מען אין אַלע פערשידענע צאָהל־רײַכע טאָלסטאָי׳ס העלדען בעזונדערע שטריכען פון איין גאַנצען, פון איין מקור, װאָס האָט זיך צוטיילט אויף טויזענדער שטראָמען און דער דאָזיגער הויפּט־קװאַל איז טאָלסטאָי אַליין.

װאָס־זשע זוכט טאָלסטאָי אין זײַנע העלדען און װאָס אַזוינס איז די אַלגעמיינע קראַפט, װאָס האָט די העלדען אויף דער לעבע־דיגער װעלט אַרויסגערופען?

טאָלסטאָי אַליין זאָגט אין איין אָרט:

„דער העלד פון מײַן ערצעהלונג, װעלכען איך ליעב מיט אַלע פיבערען פון מײַן נשמה, װעלכען איך האָב זיך געשטאַרעט אָב־שילדערען אין זײַן גאַנצער פּראַכט און װעלכער איז געװען, איז און װעט בלײַבען שען — דאָס איז דער אמת“. דער אמת איז דאָך אָבער ניט איינער, איין־איינציגער אמת קאָן עקזיסטירען נאָר פאַר

אַ דענקער, אַ פֿילאָזאָף, אָבער אַ קינסטלער האָט צו טהון ניט מיט לאָגישע סיסטעמען, נאָר מיט לעבעדיגע מענשען און יעדער לעבעדיגער מענש איז פֿאַר זיך אַ בעזונדער וועלט, אַ בעזונדער אמת. וואָלט טאָלסטאָי געהאַט איין אמת, וועלכען ער וואָלט דורכגעפֿיהרט אין אַלע זיינע קינסטלערישע ווערק, וואָלטען זיי, ווי אַלע טענדענציעזע ווערק, אין קינסטלערישען זינן קיין ווערט ניט געהאַט און זיינע העלדען וואָלטען אַרויסגעקומען ניט קיין לעבעדיגע מענשען, נאָר געקינסטעלטע, טויטע פֿיגורען אָהן נשמות, אָהן לעבען. וואָס־זשע פֿערשטעהט טאָלסטאָי אונטער'ן וואָרט אמת? דערויף מוז מען ענטפֿערען: ניט קיין איין בעשטימטען אמת פֿערשטעהט דאָ טאָלסטאָי, ניט דעם אמת פֿון בוך, אָדער פֿון קאָפּ, נאָר דעם טיעפֿען רעאַלען „אמת“, וואָס ליגט אין יעדען מענשען בעזונדער, יענעם פֿערבאָרגענעם אַלגעמיינעם מענשליכען אמת, וואָס ליגט בעהאַלטען אונטער טויזענדער מאַסקען, אונטער טויזענדער געקינסטעלטע אויבערדעקען, געשאַפֿען דורך דער היסטאָריע און דורך דער קולטור — טאָלסטאָי זוכט דעם מענשען אַליין, דעם ניט־ראַציאָנאַלען „איך“, וואָס איז אַ טייל פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון דער אַרומיגער נאַטור.

נעהמען מיר דעם געניאַלען ראָמאַן „קריעג און פֿריעדען“. דאָ האָבען מיר טויזענדער בילדער און סצענעס פֿון קאַמפּף צווישען רוסלאַנד און נאַפּאָלעאָנען, פֿון דער גרויסער היסטאָרישער עפּאָכע, פֿון וועלכער עס איז געווען אָבהענגיג דער גורל פֿון גאַנץ איירָאָפּאַ. יעדע איינציגע סצענע, די מלחמה אַליין, די מיליטערישע בעראַטונגען, די שרפה פֿון מאָסקווא, דער אונטערגאַנג פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמעע א. ז. ה. זענען אַן־און־פֿאַר־זיך געניאַלע מייסטער־ווערק, אָבער ניט דאָ איז דער צענטער פֿון ראָמאַן, נאָר אין יענע איינצעלנע פּערזענליכע לעבענס, וועלכע זענען איינגעפֿלאָכטען אין די גרויסע וועלט־געשעהענישען און די פּריוואַטע לעבענס פֿערשטעלען מיט זיך כמעט די גאַנצע היסטאָריע, די אַלע היסטאָרישע געשעהענישען פֿון יענער צייט, וועלכע וואָלטען פֿאַר אַן אַנדער שרייבער געווען דער סאַמע עיקר. טאָלסטאָי האָט ווי בכיון געוואָלט אויסבייטען די היסטאָריע אויף קליינגעלד, צופֿיהרען די גאַנצע מלחמה צו דער געשיכטע פֿון עטליכע פּריוואַטע קליינע מענשען און אַראָבנעהמען פֿון זייער הויך די אַלע היסטאָרישע טהוער, וועלכע פֿיגורירען אין דער גרויסער עפּאָכע. עס קומט־אויס, ווי טאָלסטאָי וואָלט זאָגען: נישטאָ קיין העלדען, עס זע־

נען נאָר דאָ מענשען, נישטאָ קיין היסטאָריע, און די אַלע היסטאָרישע מענער, וועלכע איהר האַלט פֿאַר גרויסע, זענען ניט מעהר, ווי אינטריגאַנטען, שאַרלאַטאַנעס, ווייל זיי לעבען ניט מיט'ן אמת, מיט'ן ווירקליכען לעבען, וואָס איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען.

נאַפּאָלעאָן איז אין טאָלסטאָי'ס שילדערונג אַ גאָרנישט, אַ פּשוט'ער ווערקצייג אין די הענד פֿון די אייביגע נאַטור-געזעצען; נאַפּאָלעאָנ'ס גרויסקייט, וועגען וועלכען די היסטאָריקער שרייבען, איז לויט טאָלסטאָי'ען אַ אויסגעטראַכטע מעשה, ווייל אַ מענש איז אָהנמעכטיג געגען שיקזאַל. און ווער עס טראָגט זיך אַרום מיט זיין בעגרענצטען איך, ווער עס וויל שפּיעלען אַ ראָליע, אַרויסשטעלען זיין אייגענעם ווילען געגען ווילען פֿון שיקזאַל, דער בלייבט אַ שאַרלאַטאַן פֿון דער געשיכטע, וועלכער מוז סוף כל סוף אומקומען. גאָרנישט איז ניט בלויז דער פֿראַנצויז נאַפּאָלעאָן, צו וועלכען טאָלסטאָי בעציהט זיך אַ ביסעל פּאַרטייאיש, נאָר אויך דער רוסישער מיניסטער ספּעראַנסקי, וועלכער האָט ביים קייזער אַלעקסאַנדער געוואָלט איינפֿיהרען אין לאַנד אַ בעסערע אָרדנונג. ער איז אין טאָלסטאָי'ס שילדערונג קליין און נישטיג אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט שטאָלץ געהאַט, דערפֿאַר וואָס ער האָט קיין אינערליכע ספקות ניט, דערפֿאַר וואָס ער האָט אַזוי רוהיג געגלויבט אין דער קראַפֿט פֿון פּראָגרעס און פֿערנונפֿט. קליין, אָהנמעכטיג זענען ביי טאָלסטאָי'ען אויך אַלע איבעריגע היסטאָרישע מהוער, וועלכע האָבען געוואָלט שפּיעלען אַ ראָליע און פֿערגעסען אָן דער אַרומיגער גרויסער וועלט.

דער איינציגער, וועלכען טאָלסטאָי שטעלט אַרויף אויף אַ גרויסע הויך, איז קוטוזאָוו, דער פֿאָלקס-מענש, דער אַלטער רוסישער הויפּט-קאָמאַנדיר פֿון דער אַרמעע, און נאָר דערפֿאַר, ווייל ער איז פּאַסיוו, ווייל ער טהוט גאָרנישט.

„ער האָט פֿערשטאַנען, זאָגט וועגען איהם טאָלסטאָי, אַז איין מענש קאָן ניט אָנפֿיהרען מיט הונדערטער-טויזענדער מענשען און אַז ניט די בעפֿעהלען פֿון פֿעלדמאַרשאַל בעשליסען דעם גורל פֿון דער שלאַכט". „קוטוזאָוו האָט קיינמאָל ניט גערעדט וועגען די 40 דורות, וועלכע קוקען אַראָב פֿון די פּיראַמידען (נאַפּאָלעאָנ'ס ווערטער צו זיין אַרמעע), וועגען די קרבנות, וועלכע ער האָט געבראַכט פֿאַר'ן פֿאָטערלאַנד, וועגען דעם, וואָס ער האָט געטהון אָדער טראַכט צו טהון: ער האָט בכלל גאָרנישט גערעדט וועגען זיך, ניט געשפּיעלט

קײַן ראָליע, שטענדיג אויסגעװיזען װי אַ פּראָסטער, געװעהנליכער מענש און גערעדט פּראָסטע, געװעהנליכע זאַכען"...

אין קוטוזאָװ'ן אַלס קאָמאַנדיר פֿון דער אַרמעע געפֿינען מיר דאָ פֿיעל פֿאַטאַליזם, נאַאיװען גלױבען אין גאַנג פֿון דער געשיכטע. פּאַסיװען רצון, אַ רײן-רוסישער שטריך, און עס קאָן זײַן, אַז טאָלסטאָי האָט דאָ צו-פֿיעל אידעאַליזירט קוטוזאָװ'ן אין זײַן „ניט-טהון", אָבער פֿאַר אונז איז דאָ װיכטיג ניט דער היסטאָרישער אמת, נאָר דער מענש און אַלס מענש קומט דאָ קוטוזאָװ אַרויס אין טאָלסטאָי'ס שילדערונג אַ גראַנדיעזע לעבעדיגע פֿיגור.

„ער האָט קײנמאָל ניט קײַן אײגענע מײנונג. ער װעט קײַן זאַך ניט צוטראַכטען, קײַן זאַך ניט פֿאָרנעהמען, — אָבער ער װעט אַלץ אויסהערען, אַלץ געדענקען, אַלץ שטעלען אויף זײַן אָרט, ניט שטערען צו טהון קײַן נוצליכעס און ניט ערלױבען קײַן שעדליכעס. ער פֿערשטעהט, אַז עס איז פֿאַרהאַן עטװאָס בעדײַטענדערעס, װי זײַן װילען, — דאָס איז דער אונפֿערמײַדליכער גאַנג פֿון די געשעהענישען, — און ער איז פֿעהיג זיי צו זעהן, איז פֿעהיג צו פֿערשטעהן זײער בעדײַטונג, און צוליעב דער בעדײַטונג קאָן ער זיך אָבזאָגען פֿון אנטײל אין די געשעהענישען, פֿון זײַן פּערזענליכען רצון, װעלכער איז געװענדעט אויף עפּעס אַנדערש"... זאָגט װעגען קוטוזאָװ'ן דער קלוגער אַריסטאָקראַט פּירשט אַנדרײ.

אַזעלכער איז אויך דער צװײטער פֿאָלקס-העלד פֿון „קריעג און פֿריעדען", דער אײנפֿאַכער פּױער קאַראַטאַיעװ. „יעדער טהאַט זײַנער איז געװען אַ רעזולטאַט פֿון אונבעװאוסטזיניגער פֿאַר איהם טעטיגקײַט, װעלכע איז געװען זײַן לעבען. נאָר זײַן לעבען, װי ער אַלײן האָט אויף דעם געקוקט, האָט ניט געהאַט קײַן זינן, אַלס אַ אײנצעלנעם לעבען; זײַן לעבען האָט געהאַט אַ זינן נאָר אַלס אַ טײל פֿון אַ גאַנצען, װעלכען ער האָט שטענדיג געפֿיהלט". — דאָס דערמאָהנט אָן לעבען פֿון חיות און בוימער, װאָס האָבען ניט זײער פּערזענליכען איך, װאָס לעבען שטום אַלס טײל פֿון אײן גאַנצען.

קוטוזאָװ און קאַראַטאַיעװ זענען ניט קײַן פּערזענליכקײטען, זענען כמעט ענליך אויף חיות אין דערפֿאַר שטעלט זיי טאָלסטאָי אַזוי הויך. אָבער ער נעהמט אויך אַנדערע העלדען, מענשען מיט אויסגעשטאָכטע פּערזענליכקײַטען, און צװינגט זיי דורכגעהן שבעה מדורי גיהנם, דורכלעבען טויזענדער ספקות, אינערליכע דראַמען.

ביז זיי קומען סוף כל סוף צו קאראטאיעוו'ס וועלט-אנשויאונג. און נאך א פיינליכען אינערליכען לעבען, דורכמאכענדיג א שווערען לעבענס-וועג, נעהמען זיי ערשט אן דאס, וואס קאראטאיעוו בעקומט אזוי לייכט און פראסט.

פיער בעזוחאוו, א גוטע נשמה, א נאאיווער, עטוואס נארישע-וואטער מענש, א גרויסער געלד-אריסטאקראט, זוכט דעם זינן פון לעבען און מאכט דורך א שווערען לעבענס-וועג. ער ווארפט זיך פריהער אין סקעפטיציזם, טרעט אריין דערנאך צו די פריימוירער, צוטיילט א גרויסען טייל פון זיין רייכטום, נעהמט זיך צו פילאנטראפיע, פאלט דערנאך אריין אין אויסגעלאסענהייט, נאר אומעטום שפירט ער זיך אומגליקליך און נאר דערפאר, ווייל איהם פעהלט דער אמת'ער חוש פון דער רעאלער ווירקליכקייט, ווייל ער קאן ניט געפינען דעם ריכטיגען דופק פון לעבען. ער איז פול מיט לעבענסלוכט, פערמאגט א רייכע נאטור, נאר שוועבט שטענדיג אין א וועלט פון חלומות, איז שטענדיג נאאיוו און אונבעהאלפען, און דעריבער שרעקט ער זיך פאר'ן לעבען, זוכט שטענדיג א אינהאלט.

„א מאל — דערצעהלט וועגען איהם טאלסטאי — פלעגט פיער זיך דערמאהנען אין דער ערצעהלונג, וואס ער האט געהערט, אז אויף דער מלחמה, שטעהענדיג אונטער דער שיסעריי, זוכען זיך אויס די סאלדאטען עפעס א בעשעפטיגונג, כדי לייכטער אריבערטראגען די געפאהר, און פיער'ן האט זיך אויסגעוויזען, אז אלע מענשען זענען פונקט אזעלכע סאלדאטען, וואס ראטעווען זיך פון לעבען: ווער דורך כבוד, ווער דורך קארטען-שפיעל, ווער דורך פערפאסען געזעצען, ווער דורך פרויען, ווער דורך מוזיק, דורך פערד, דורך פאליטיק, געיעג, שכרות, אדער מלוכה-טעטיגקייט. ניטא אין לעבען ניט קיין אונבעדייטענדעס, ניט קיין וויכטיגעס, אלצאיינס, אבי זיך ראטעווען פון לעבען, ווי מען קאן, האט פיער געטראכט, אבי נאר ניט זעהן „דאס", דאס דאזיגע שרעקליכע, אונבעוואוסטע".

פיער זוכט אויך זיך ראטעווען פון לייבען און ניט דערפאר, ווייל ער האט קיין געפיהל ניט פאר'ן לעבען, נאר ווייל ער האט ניט קיין געפיהל פאר דער טיעפער ווירקליכקייט, ווייל ער ווייסט ניט, וואו איז דאס ריכטיגע, אמת'ע לעבען. ער מוז דעריבער דורכמאכען פיעל יסורים, טאלסטאי פייניגט איהם אין פערלויף פון פיער יאהר, נאר ענדליך, נאך א גאנצע רייהע שווערע ליידען, קומט פיער צום

פּראָסטען מוזשיק, צו קאַראַטאַיעוו'ן, לערנט זיך ביי איהם לעבען און ערשט דאָ הויבט זיך פאַר איהם אָן דאָס ריכטיגע, דאָס „אמת'ע", וואָס איז גאָר ניט שרעקליך, ווי ער האָט געמיינט, נאָר ליכטיג, קלאָר און איינפאַך.

„מיך האָט געראַטעוועט — זאָגט פּיער אַליין — נאָר דאָס, וואָס איך האָב זיך אַרויסגעריסען פון מיין אָבגעשלאָסענהייט און דערזעהען דאָס אמת'ע לעבען פון פּראָסטען אַרבייטער-פאָלק און פערשטאַנען, אַז נאָר דאָס איז דאָס ריכטיגע לעבען. איך האָב פערשטאַנען, אַז אויב איך וויל פערשטעהן דאָס לעבען און זיין זינן, מוז איך לעבען ניט מיט אַלעבען פון אַ פּאַראַזיט, נאָר מיט'ן אמת'ען לעבען און אָננעהמען יענעם זינן, וועלכען עס גיט-צו דעם לעבען די אמתע מענשהייט".

אַ מעהר קאָמפּליצירטע פּערזענליכקייט, איידער פּיער, איז דער פירשט אַנדריי. דאָס איז זעהר אַ קלוגער, ערנסטער מענש, אַ שטאָלצער אַריסטאָקראַט, אַ מענש, וואָס דענקט פיעל, בעאָבאַכטעט גוט דאָס לעבען און מענשען אַרום, מיט אַ סקעפּטישען שכל און געהט זיך איינזאַם זיין שטאָלצען לעבענס-וועג. אין געגענטייל צו פּיער'ן פערמאָגט פירשט אַנדריי אַ טיעפען געפיהל פאַר דער ווירקליכקייט, אָבער צו איהר בעציהט ער זיך מיט אַ סקעפּטישען שמייכעל, מיט פעראַכטונג און שטאָלץ געהט ער זיך אויף אַ בעזונדערען וועג. אַלס אַריסטאָקראַט שפּירט ער אַ פעראַכטונג צום פּויער, האָטש ער איז לויט זיינע איבערצייגונגען אַ הומאַניסט, אַ פּראָגרעסיסט און וויל און קען שפּיעלען אַ ראָליע פון אַ ווירכטיגען פּאָליטישען טהוער אין יענע עפּאָכע פון בעפרייאונג, וועלכע רוסלאַנד האָט דאַן איבערגעלעבט. די פּויערען דאַרף מען בעפרייען פון פּאַנשטשיזנאַ, לויט דער מיינונג פון פירשט אַנדריי, ניט דערפאַר, ווייל זיי פערדיענען דאָס, נאָר כדי צו בערוהיגען דאָס געוויסען פון די דוואָריאַנעס, דער פּויער אַליין פערדיענט נאָר פעראַכטונג. אַלס אַ סקעפּטיקער, אַלס אַ שטיק האַמלעט, אַ מענש מיט אַ איידעלען געשמאַק פון אַ גרויסען מפונק און אַ קאַלטען סקעפּטישען שכל, בעגראָבט אין זיך דער פירשט אַנדריי זיין גאַנצען אוצר פון טיעפע לעבעדיגע געפיהלען, האָטש ער האָט אַזוי ליעב דאָס לעבען און פערשטעהט, אַז דאָס איז דער סאַמע תוך. פירשט אַנדריי וויל זיין איינזאַם, ער וויל זיך דערהויבען איבער דער ווירקליכקייט, וועלכע ער זעהט אַרום זיך, און

ער געהט אַלץ בּאַרג אַרויף, נאָר דערגעהט בּיז אַזאַ הויך, פון װאַנען מען מוז אַראָבּפּאַלען, און ער קומט טאַקי אום. ערשט בּיים באַמע טויט האָט זיך פאַר'ן פּירשט אַנדריי געעפענט עטוואָס אַזעלכעס, װאָס עס פערשטעהען נישט די לעבּעדיגע. „דער טויט איז די ערוואַכּנונג", און ער האָט דערשפּירט די בּעפרייאונג פון גייסט. ערשט אין די לעצטע מינוטען פון זיין לעבּען האָט זיך פאַר'ן קלוגען, שטאָלצען פּירשט אַנדריי געעפענט אַ אַריינגאַנג צו דער אמת'ער ווירקליכקייט, צום אמת'ן לעבּען...

אָט אַזוי האָט טאָלסטאָי צוגעפּיהרט זיינע צוויי ווילכטיגסטע העלדען: פּיער בּעזוחאָוו און פּירשט אַנדריי, צו קוטוזאָוו'ן און קאַראַטאַיעוו'ן, און דאָ ליגט דער גאַנצער זינן פון געניאַלען ראָמאַן: דער איינצעלנער מענש איז גאָרנישט, דער אַקטיווער ווילען צו שאַפען נייעס, צו שפּיעלען אַ ראָליע איז גאָרנישט ווערט און דער עיקר איז, אַז דער מענש זאָל לעבּען ווי אַ טייל פון גאַנצען, ווי דער שטומער בּוים אין וואַלד, ווי גראָז אויפ'ן פעלד. די פילאָזאָפיע, די אַבּסטראַקטע אידעען פון טאָלסטאָי'ס ראָמאַן קאָנען מיר, נאַטירליך, אָבּוואַרפען, מיר קאָנען ניט אָננעהמען דעם סך-הכל, וועלכען טאָלסטאָי דיקטירט אונז, אָבּער אויך דאַן וועלען פאַר אונז בּלייבּען די לעבּעדיגע פערזאָנען, וואָס שטעהען העכער פון יעדער אַבּסטראַקטער אידעע, עס וועלען אונז בּלייבּען פּירשט אַנדריי, בּעזוחאָוו, קוטוזאָוו, קאַראַטאַיעוו אַלס פּסיכאָלאָגישע טיפּען, און מיט די דאָזיגע פערזאָנען אַליין, האָט טאָלסטאָי שוין פעראייביגט זיין נאָמען אַלס קינסטלער.

---

טאָלסטאָי ליעבּט און זוכט אומעטום דאָס איינפאַכסטע, טיעפּסטע, אַבּסאָלוטסטע, און פון צוויי קוואַלען שעפּט זיין מוזע: פון לעבּען און פון טויט.

וואָס קאָן זיין איינפאַכער, אַבּסאָלוטער, טיעפער און אין דער זעלבּער צייט אויך קלאָרער פון לעבּען אַליין? — און מיר האָבּען געזעהען, אַז טאָלסטאָי זוכט אומעטום ענטדעקען דאָס אמת'ע לעבּען, אַראָבּנעהמען פון מענשען יענע איבּערפלעכען, וועלכע פערשטעלען דעם טיעפען קוואַל פון דער אמת'ער לעבּענס-פרייד און אַזוי לאַנג אַנאַליזירט ער דעם מענשען, גראָבּט זיך אין זיינע טיעפענישען, בּיז ער ענטדעקט דאָס אַבּסאָלוטע, דאָס אונקלאָרסטע, וואָס אין דער מענשליכער נאַטור. אָט די מעניאַליכע, כמעט טהירישע, פון הור-

חרות אַלטע לעבענס-לוסט איז איינע פון טאָלסטאָי'ס הויפּט-שאַפונגס-קרעפטען. אָבער אַזאַ שאַפונגס-קראַפט איז אויך דער טויט.
אויך דער טויט איז אַזוי אַבסאָלוט און אין דער זעלבער צייט איינפאַך און קלאָר, ווי דאָס לעבען. און וואָס גרעסער דער מענש איז, וואָס שטאַרקער אין איהם לעבט די לעבענס-לוסט, אַלץ מעהר טראַכט ער אויך וועגען טויט, אַלץ גרעסער ווערט פאַר איהם די געהיימנים. פון דעם מאָמענט, וואָס אַ מענש לעבט צום ערשטען מאָל איבער לע-בעדיג דעם שרעק און פאָרשטעלונג וועגען טויט, — פון דעם מאָמענט ווערט ער צוגעבונדענער צום לעבען און פאַר איהם עפענט זיך עפּעס אַ נייע שיין, וועלכע איז איהם ביז דעם מאָמענט אונבעקאַנט געוועזען. אויב דאָס איז אַזוי ביי דעם געוועהנליכען מענשען, איז דאָס ביי דעם גרויסען קינסטלער און געניוס נאָך פיעל מאָל שטאַרקער און מיר ווייסען טאַקע, אַז די געהיימנים פון טויט איז פאַר פיעל גרויסע מענער געוועזען אַ שטאַרקער אימפּולס פון שאַפען.
אַזוי איז דאָס אויך ביי טאָלסטאָי'ען, און מיט אַ גענialער קראַפט האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזען אין „אַנאַ קאַרענינאַ“.
„אַנאַ קאַרענינאַ“ איז טאָלסטאָי'ס צווייטער גרויסער ראָמאַן נאָך „קריעג און פריעדען“, און אויב אין לעצטען האָט טאָלסטאָי איבערגעפיהרט דעם גאַנצען צענטר ניט צו די היסטאָרישע גע-שעהענישען, נאָר צו יענע פּריוואַטע לעבענס פון פּיער און אַנדריי, וועלכע זענען איינגעפלאָכטען אין דער דאָזיגער עפּאָכע, איז „אַנאַ קאַרענינאַ“ שוין ריינע „פאַמיליען-חראָניק“, אָהן שום היסטאָריע, אָהן היסטאָרישע גרויסע געשעהענישען און די פּערספּעקטיווע איז דאָ קלענער, אָבער לויט דער וויכטיגקייט שטעהט „אַנאַ קאַרענינאַ“ העכער פון „קריעג און פריעדען“. דאָ, אין דער געשיכטע וועגען טויט און לעבען פון דער גרויסער זינדיגערין אַנאַ, אין די געוואַלדיגע ליידענ-שאַפטען, וואָס בעהערשען אַנאַ און איהר געליעבטען ווראָנסקי, אין דעם גרויסמוטיגען שטאָלץ און שטאַרקען ווילען פון אַנאַ'ס מאַן, וועלכער ווייזט-אַרויס אַזאַ גרויסמוט און מאָראַלישע זעלבסט-בעהערשונג, — דאָ האָט טאָלסטאָי'ס געניוס זיך בעוויזען אין זיין גאַנצער קראַפט. געשלעכטס-ליעבע — דאָס איז געוועזען און וועט בלייבען די גרעסטע מענשליכע ליידענשאַפט, אין וועלכער עס מישען זיך צונויף מיט אַ שרעקליכער קראַפט זינד און הייליגטום, געטליכקייט און טהירישעס, לעבען און טויט; דאָ, אין דער געשלעכטס-ליעבע.

ווירקט אַמשטאַרקסטען דאָס אונקלאָרע, אונלאָגישע, בלינדע, װאָס לעבט אין מענשענס נאַטור, יענע אונבעשטימטע, שרעקליכע קראַפט, װעלכע שאָפּענהויער רופט אָן „דער געניוס פון מענשליכען געשלעכט", און דאָ דאַרט טאָלסטאָי'ס מוזע געפונען פאַר זיך דעם בעסטען פּלאַץ.

ניט דאָ איז דאָס אָרט אָבצושטעלען זיך אויף דער אויספיהרלי־כער האַראַקטעריסטיק פון די העלדען פון „אַנאַ קאַרענינאַ", איך װעל נאָר אָנװייזען אויף די קינסטלערישע עלעמענטען, װאָס װירקען אין דעם געניאַלען ראָמאַן: דאָס זענען דער סוד פון לעבען און דער סוד פון טויט.

אין „אַנאַ קאַרענינאַ" זענען איינגעפלאָכטען צוזאַמען 2 בע־זונדערע ראָמאַנען: איינער פון אַנאַ און װראָנסקי, דער צװייטער פון ליאָװין און קיטי, און טאָלסטאָי פיהרט דעם לעזער צו אַ בעשטימטע מאָראַלישע אידעע: אַנאַ און װראָנסקי געהען פון דער שרעקליכער ליעבע צום טויט: אַנאַ נעהמט זיך דאָס לעבען, װראָנסקי פאָהרט אַװעק קיין סערביען, אום דאָרט אָבצוגעבען דאָס לעבען; ליאָװין געהט װידער פון טויט צו ליעבע, אָבער די ליעבע איז ניט די מענש־ליך־זינדיגע ליעבע פון אַנאַ, נאָר אַ רעליגיעזע, אַ אַבסטראַקטע, טאָל־סטאָי'ס אַ אויסגעטראַכטע ליעבע.

ליאָװין לעבט איבער, נאָך אַ רייהע ליידען פון אינערליכען פערזענליכען לעבען, דעם טויט פון זיין געליעבטען ברודער, און דער טויט מאַכט אויף איהם אַ גרויסען איינדרוק. נאָר „איידער עס האָט זיך נאָך אָבגעטהון פון זיינע אויגען דער סוד פון טויט, װעלכער איז געבליבען אונפערשטענדליך פאַר איהם, איז שוין ענטשטאַנען אַנאַנדער געהיימניס, אויך אַזאַ אונפערשטענדליכע: דאָס געבוירען פון קינד".

צװיי עקסטרעמען בעגעגענען זיך: דער טויט מיט'ן נייעם לעבען, און די סצענע, װי קיטי, ליאָװין'ס פרוי, געהט צו קינד איז איינע פון די געניאַלסטע קונסט־װערק, װאָס זענען בעשאַפען געװאָרען אין דער ליטעראַטור.

ליאָװין, דער אונגלויביגער ליאָװין, דער סקעפּטיקער און קאָפּ־מענש, װערט דאָ מיט אַ מאָל רעליגיעז, זיין פערנונפט האָט דאָ ניט װאָס צו טהון אין דער אָנװעזענהייט פון דער שרעקליכער געהיימניס, און בשעת קיטי שרייט פון ליידען און אין ליידען װערט געבוירען דער נייער מענש, שרייט ליאָװין: — „גאָט, פערציה, דערבאַרם זיך,

הילף!". „און ער, דער אונגלויביגער, האָט וויעדערהאָלט די דאָזיגע ווערטער ניט בלויז מיט'ן מויל. יעצט, אין דער מינוט, האָט ער גע-וואוסט, אַז ניט בלויז אַלע זיינע ספקות, נאָר אויך די אוממעגליכקייט לויט'ן שכל אַ מאמין זיין, וואָס ער האָט אין זיך געקאָנט, שטערען איהם כלל ניט צו ווענדען זיך צו גאָט".

„ער שפירט, אַז דאָס, וואָס איז יעצט פאָרגעקומען, איז דאָס זעלבע, וואָס איז פאָרגעקומען אויפ'ן טויט-בעט פון ברודער. יענע איז געווען פיין, דאָס איז אַ פרייד. נאָר סיי יענע פיין, סיי די פרייד זענען געשטאַנען איבער דעם. לעבען, זיי זענען אין געוועהנליכען לעבען געווען עפּעס אַ ערעפנונג, דורך וועלכע עס האָט זיך אַרויסגע-וויזען עטוואָס העכערעס. און פונקט אַזוי שווער און פיינליך איז געווען דאָס, וואָס איז יעצט פאָרגעקומען, און פונקט אַזוי אומבעגרייפליך האָט זיין נשמה זיך אויפגעהויבען יעצט אויף אַזאַ הויך, וועלכע ער האָט פריהער קיינמאָל ניט געוואוסט, און וואוהין דער שכל האָט שוין ניט געקאָנט נאָכגעהן".

קיינער, ווי טאָלסטאָי, האָט נאָך אַזוי טיעף ניט געשילדערט דעם חטא, קיינער האָט נאָך אַזוי טיעף ניט אַריינגעדרונגען אין תהום פון דער ליידענשאַפט, קיינער, ווי ער, האָט נאָך אַזוי הערליך ניט אַריינגעקוקט אין דער טיעפעניש פון לעבען און טויט, געטליכעס און טהירישעס, זינד און הייליגטום אין מענשען. דאָ זענען די וואָרצלען פון טאָלסטאָי'ס קינסטלערישען געניוס און די העכסטע מדרגה האָט טאָלסטאָי דערגרייכט אין „אַננאַ קאַרענינאַ".

אין „אַננאַ קאַרענינאַ" זעהט זיך שוין אַרויס דער שפּעטערדיגער מאָראַליסט, ליאָווין איז דאָ שוין דער קינפטיגער טאָלסטאָי, וועלכער וועט פערשעלטען זיין אייגענע געניאַלע קונסט און וועט ווערען אַ איינזייטיגער דענקער און רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר, אָבער „מיט יעדען אמת'ן קינסטלער, זאָגט טאָלסטאָי, פּאַסירט דאָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט בלעמ'ן, וועלכער האָט געוואָלט בענשען און אָנגע-הויבען שעלטען, דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט שעלטען, און, ווע-לענדיג שעלטען, האָט ער אָנגעהויבען בענשען דאָס, וואָס ער האָט געמוזט בענשען".

דאָסזעלבע, בעמערקט ריכטיג מערעזשקאָווסקי, איז פאָרגעקומען אויך מיט טאָלסטאָי'ען. זיין גאַנץ לעבען האָט ער געשאָלטען דאָס, וואָס מען דאַרף שעלטען, געבענשט דאָס, וואָס מען דאַרף בענשען,

געגען זיין ווילען האט ער געמוזט טהון ניט דאס, וואס ער האט געוואלט, נאר וואס ער האט געמוזט, געמוזט אלס קינסטלער.

פון דער גרויסער זינדיגעריִן אנא נעהמט טאלסטאי נקמה און צווינגט זי זיך נעהמען דאס לעבען, ליאווינ'ען פיהרט ער צו א בע- נייאונג, צו א נייע רעליגיע, אבער געגען טאלסטאי'ס ווילען, בלייבט דאך אנא אונז נעהנטער און סימפאטישער, געגען זיין בעוואוסטזיין האט ער געמוזט שאפען געניאלע סצענעס פון דער מענשליכער תאוה, ענטדעקען אין דער מענשליכער נאטור די טיעפענישען פון עגאאיזם און לעבענס-לוסט, און וואס מעהר טאלסטאי'ס העלדען טרעטען פאר אונז ארויס מיט זייערע זינד און שוואכקייטען, מיט זייערע רייכע אינסטינקטען און כמעט טהירישע תאות, אלץ נעהנטער ווערען זיי אונז, אלץ סימפאטישער ווערען זיי.

טאלסטאי האט געטהון דאס, וואס ער האט געמוזט טהון, ער איז א אמת'ער קינסטלער געבליבען.



# דער קריזיס.

דער שרעק פאר'ן טויט. — די הארמאָניע צווישען מענשען און דער נאטור. — ווי שילדערט טאָלסטאָי דעם טויט אין זיינע ווערק. — דער טויט אלס א הימן פאר'ן לעבען. — דאָס טויטע לעבען פון איוואן איליטש. — דער שרעק פאר'ן טויט און דער זין פון לעבען. — טאָלסטאָי טראָגט זיך ארום מיט דא געדאנק וועגען זעלבסטמאָרד. — דער סוף פון קריזיס. — ווי טאָלסטאָי האָט געפונען גאָט. — טאָלסטאָי'ס רעליגיע אלסע ר וועלט ...ט פון א פסיכאָלאָגישען אנאליז. — טאָלסטאָי'ס לעהר. און וואָס פערשאָלטען די קונסט. — די דראמע דויערט ווייטער

דער פעריאָד, אין פערלויף פון וועלכען טאָלסטאָי האָט געשאפען זיינע צוויי גרעסטע ווערק „אננא קארענינא“ און „קריעג און פריעדען“, איז געוועזען די גליקליכסטע, שטילסטע, רוהיגסטע עפאָכע אין זיין לעבען. די דאָזיגע עפאָכע האָט געדויערט אנ'ערך 15 יאָהר, און מען האָט געקאָנט מיינען, אז אויך די ווייטערדיגע בימעל יאָהרען וועט דער גרויסער קינסטלער אָבלעבען רוהיג אלס גליקליכער פאמיליען-מענש און פאָטער פון קינדער. אָבער דאָ, אין די בעסטע יאָהרען פון זיין לעבען, דערגרייכענדיג די העכסטע שטופע פון רוהם און כבוד, זייענדיג א פאָטער פון קינדער, א גליקליכער פאמיליען-מענש, א רייכער „באַרין“, האָט אין טאָלסטאָי'ען פלוצלונג און אונערווארטעט פאר אלעמען זיך צושפיעלט א אינערליכער נייער קאמפף, וועלכער האָט איהם געבראכט צו א שווערען קריזיס, וואָס האָט די וועלט איבערראשט: דער געניאלער קינסטלער און גליקליכער מענש הויבט-אָן צו 47 יאָהר פון זיין לעבען ערנסט טראכטען וועגען א זעלבסט-מאָרד און מוז זיך אליין מיט גוואלד צווינגען ניט ארויפצולעגען א האנד אויף זיך.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיגער שווערער קריזיס אין טאָלסטאָי'ס לעבען?

שווער אָנצוּווייזען אויף דער נאָהענטסטער סבה פֿון דעם קריזיס. מעגליך, אַז דאָס האָט זיך גענומען דערפֿון, וואָס טאָלסטאָי האָט אין יענער צייט אָנגעהויבען איבערגעהן צו אַ נייע עפּאָכע פֿון זיין אַלטער — צו די אַלטע יאָהרען, און ביים איבערגאַנג פֿון איין עפּאָכע צו דער צווייטער פּאַסירען אָפֿט פֿערשידענע קריזיסען וואָגאַר אין אינערליכען לעבען פֿון געוועהנליכע מענשען; עס איז אויך מעגליך, ווי אַנדערע מיינען, אַז דאָ האָט געשפּיעלט אַ געוויסע ראָלע טאָלסטאָי'ס געבוירענער געזונדטער, טיעפֿער עגאָאיזם און אונגעהויערער קוואַל פֿון ענערגיע, וועלכער האָט געדאַרפֿט דורכברעכען פֿאַר זיך אַ נייעם וועג. אָבער דאָס אַלץ זענען נאָר אַלגעמיינע ערקלערונגען, וועלכע זאָגען ווינציג, און ווען מיר ווילען טיעפֿער פֿערשטעהן די פּסיכאָלאָגישע סבה פֿון טאָלסטאָי'ס געוואַלדיגען קריזיס, וועלכער איז געווען אַ איבעררעשונג פֿאַר דער גאַנצער וועלט, מוזען מיר זוכען אַ נאָהענטערע טיעפֿערע ערקלערונג, און די דאָזיגע ערקלערונג איז נאָר דער שרעק פֿון טויט, וועלכען טאָלסטאָי האָט געשפּירט נאָך אין זיינע יונגע יאָהרען.

דער שרעק פֿאַר'ן טויט איז אַ געוועהנליכע ערשיינונג, וועלכע איז איינגענטליך אויך פֿאַר'ן געוועהנליכען מענשען. אין געוויסע פּעריאָדען פֿון לעבען, לעבט דאָס איבער יעדער איינציגער פֿון אונז. נאָר דער געוועהנליכער מענש, אויב נאָר דער אינסטינקט פֿון לעבען איז ביי איהם ניט שטאַרק אָבגעשוואַכט, געפֿינט שוין זיינע שאַבלאָנע ענטפֿערען, אַ דאַנק וועלכע ער בעפֿרייט זיך פֿון דעם שרעק אָדער ער בערוהיגט זיך דערמיט, וואָס אַלע מענשען לעבען און דעריבער לעבט ער אויך, אָדער ער פֿאַלט אַריין אין אַ עפּיקורעאישע שטימונג און זאָגט זיך: אדרבה, ווייל דאָס לעבען איז קורץ און ווייל מיך ערוואַרטעט דער טויט, וועל איך ערשט געניסען פֿון לעבען און וועל זיך סטאַרען אויסנוצען חאָטש דאָס ביסעל יאָהרען, וואָס מיר איז געבליבען. דעם געוועהנליכען מענשען בערוהיגען די דאָזיגע תירוצים, און אויב נאָר ער בעזיצט נאָך דעם געזונדען אינסטינקט פֿון לעבענסלוסט, וועט ער איהם ניט דערלאָזען צו קיין עקסטרעמע טראַכטען און דער קריזיס וועט פֿאַראיבער געשווינד און רוהיג. אַנדערש איז אָבער ביי גרויסע מיינשען, ביי די, וועלכע זענען אַממעהרסטען צו-

געבונדען צום לעבען. זיי, ביי וועלכע דאָס לעבען איז אַ גרויסער סוד, שפּירען ערשט דעם גרויסען סוד פון טויט; זיי, וועלכע פיהלען טיעפער, ווי אַנדערע, די פרייד פון לעבען, מוזען אויך טיעפער שפּירען דעם שרעק פון טויט. אוט אָט דער שרעק מוז זיי פירען צו אַ גרויסען קריזיס. אַזוי איז געווען געטע, בייראָן, ניטשע, אַזוי איז אויך געווען טאָלסטאָי.

דער געדאַנק וועגען טויט האָט אָנגעהויבען בעאונרוהיגען טאָלסטאָי'ען נאָך אין די יונגע יאָהרען. נאָך דאַמאָלס, ווי עס ערקלערט זיין ביאָגראַף בירוקאָוו, האָט טאָלסטאָי זיך בערוהיגט דורך דעם געדאַנק וועגען דער האַרמאָניע צווישען דער נאַטור און מענשען. ער האָט דאַן געדענקט אַזוי: שווער איז צו שטאַרבען נאָר דעם מענשען, וועלכער בעשאַפט זיך אַ געקינסטעלט לעבען, וועלכער לעבט ניט מיט דער נאַטור. פאַר דעם מענשען איז דער טויט אַ טראַגעדיע. אַ חיה, וועלכע שטעהט נעהענטער צו דער נאַטור, איידער דער מענש, איז דער טויט שוין לייכטער, זי שטאַרבט אָהן שרעק, אָהן ליידען. נאָך לייכטער איז דער טויט פאַר'ן בוים אין וואַלד, פאַר דעם גראָז אויפ'ן פעלד, ווייל זיי שטעהען אינגאַנצען אונטער דער הערשאַפט פון דער נאַטור. הייסט עס, אַז כדי דער מענש זאָל לייכט שטאַרבען, דאַרף ער לעבען, ווי עס לעבט דער בוים, דאָס גראָז, לעבען מיט דער נאַטור.

די זעלבע בעציהונג צום טויט זעהען מיר אויך ביי טאָלסטאָי דעם קינסטלער. אין „דריי טויטען" שילדערט טאָלסטאָי דעם טויט פון פוהרמאַן פיאָדאָר, וועלכער שטאַרבט איינפאַך, רוהיג, און די דאָזיגע איינפאַכקייט נעהמט ביים האַרצען. אַ צווייטער פוהרמאַן בעט ביים קראַנקען, ער זאָל איהם שענקען די שטיוועל זיינע. „וואָס דאַרף ער די שטיוועל? אין נייע שטיוועל וועט מען דאָך איהם ניט מקבר זיין!" און די דאָזיגע בקשה, וועלכע דערמאָהנט דעם קראַנקען, אַז זיינע טעג זענען געצעהלטע, רייצט איהם ניט אויף, ער שענקט די שטיועל זיינע רוהיג און נעהמט נאָר אויס אַ תנאי, אַז דערפאַר זאָל מען אויף זיין קבר אַוועקשטעלען אַ שטיין... אין דער זעלבער צייט שטאַרבט אַ „באַרינא", וועלכע איז פול מיט שרעק פאַר דעם אָנקומענדען טויט און איהרע ליידען רופען נאָר אַרויס עקעל און פעראַכטונג.

שפּעטער בעגעגענען מיר די בעשרייבונג פון טויט אין אַלע איבע-

דיגע טאָלסטאָי׳ס קינסטלערישע ווערק, און דאָ בעמערקען מיר אַ מערק־ווירדיגע זאַך: מיט די גרעסטע יסורים שטאַרבען יענע טאָלסטאָי׳ס העל־דען, וואָס זענען ביים לעבען געווען אָנגעריסען פון לעבען, וואָס האָ־בען געלעבט, ווי טויטע, ווערענד די, וועלכע האָבען געלעבט מיט אַ לעבעדיג לעבען, שטאַרבען לייכט און רוהיג, און דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל ביי טאָלסטאָי׳ען איז דער טויט אַ איינפאַכע געווענ־ליכע ערשיינונג, וועלכע טראָגט אין זיך ניט קיין געהיימנים: פערקעהרט, ביי טאָלסטאָי׳ען איז דער טויט אַ גרויסער סוד, אַ טיעפער, אַ גרויזאַמער, פונקט ווי דער געבורט פון אַ קינד, ווי די ערשיינונג פון אַ נייעם לעבען אויף דער וועלט. סיי מיט דעם געבורט פון אַ קינד, סיי מיט דעם טויט פון אַ מענשען, עפענט זיך פאַר טאָלסטאָי׳ס העלדען עפּעס אַ נייער וועג, עס ווערט ברייטער און ליכטיגער אַרום און דאָס איז גרויזאַם און שרעקליך, אָבער היילינג און לעבענסלוסטיג, ווייל דאָ געהט פאָריבער פאַר דעם מענשענ׳ס אויגען דער גרויסער געטליכער סוד: אַליץ ביים זיך, אַליץ געהמט־אָן נייע פאָרמען, דאָ ענדיגט זיך עפּעס און דאָ הויבט זיך אָן עפּעס נייעס, דאָס לעבען קאָן ניט אָבשטאַרבען. דער טויט איז ביי טאָלסטאָי׳ען אַלס קינסטלער נאָר אַ גרויסער פייערליכער הימן לכבוד דעם לעבען און דעריבער איז פאַר די, וועלכע האָבען „גוט“, ד. ה. נאַטירליך געלעבט, דער טויט ניט שרעקליך. דערפאַר שטראָפט טאָלסטאָי יענע העלדען זיינע, וועלכע האָבען געלעבט פאַלש און געקינסטעלט. פאַר זיי איז דער טויט אַ שרעקליכע טראַגעדיע. „ער (דער טויט) איז געקומען, זיך אָוועקגעשטעלט גלייך פאַר איהם און געקוקט אויף איהם און ער איז פערשטיינערט געוואָרען, דאָס פייער איז אויסגעלאָשען געוואָרען אין די אויגען, און ער האָט ווידער אָנגעהויבען פרעגען זיך: צי טאַקי נאָר דער טויט איז דער אמת?“ — דאָס זאָגט טאָלסטאָי וועגען זיין העלד איוואַן איליטש, וועלכער האָט אָבגעלעבט אַ פאַלש לעבען, אין שקר און אין אילוזיעס, לויט אַ געוועהנליכען שאַבלאָן און שטאַרבט אין שרעקליכע יסורים ניט דערפאַר, ווייל דער טויט אַליין איז שרעקליך, נאָר ווייל שרעקליך איז געוועזען זיין לעבען, ווייל מאָך אין לעבען איז ער געוועזען אַ מת, אַ מענש אָהן נאַטירליכקייט, אָהן אמת, אָהן אינערליכען לעבען אין זיך.

אויף אַזאַ אופן איז פאַר טאָלסטאָי׳ען דער טויט אַן און פאַר זיך גאָר ניט שרעקליך, שרעקליך איז נאָר דאָס לעבען, וואָס איז

געגען דער נאַטור, וואָס האָט ניט אין זיך קיין אינערליכען אמת, און פֿאַר די מענשען, וועלכע לעבען מיט אַזאַ לעבען, איז דער טויט אַ שרעקליכער יום־הדין: דעם טויט קאָן מען שוין ניט אָבּפּטר'ן מיט תירוצים, מיט אַ שאַבלאָן, דאָ מוז מען שוין געבען זיך אַליין אַ קלאָרען ענטפֿער: האָסט דו געלעבט, ווי מען דאַרף? איז דיין לעבען ניט קיין שקר געווען?

אָט די דאָזיגע פֿראַגע האָט געמוטשעט אויך טאָלסטאָי'ען אַליין. אויך פֿאַר איהם איז דער שרעק פֿאַר'ן טויט נאָר געווען אַ עקזאַמען פֿון לעבען און פֿאַר איהם האָט זיך ווידער אָנגעהויבען דאָס אַלטע זוכעניש, די אַלטע פֿראַגע: ווי לעבט מען? דאָס איז איגענטליך ניט געווען קיין נייער קריזיס, ווייל ווי מיר ווייסען, האָט טאָלסטאָי קיינמאָל ניט אויפֿגעהערט זוכען דעם אמת, שטענדיג געווען אונצופֿרידען מיט זיך, שטענדיג זיך געוואָרפֿען אין פֿער־שיעדענע זייטען, געפּרובט אַלע וועגען, און די דאָזיגע אינערליכע דראַמע האָט זיך ביי איהם געצויגען נאָך פֿון די בחור־יאָהרען. אָבער אויב די עפּאָכע פֿון פֿאַמיליען־גליק, אויב די 15 רוהיגע יאָהר, אין פֿערלויף פֿון וועלכע ער האָט געשאַפֿען זיינע גרעסטע ווערק, האָט אין איהם אויף אַ צייט איינגעשטילט דעם אינערליכען שטורם, איז געקומען דער שרעק פֿאַר'ן טויט און האָט ווידער פֿאַר איהם אַוועק־געשטעלט די אַלטע פֿראַגען וועגען אמת און וועגען זינן פֿון לעבען.

לאָמיר הערען, וואָס טאָלסטאָי אַליין דערצעהלט וועגען זיין קריזיס אין זיין בעריהמטען „וידוי“.

„איך האָב דערשפּירט, דערצעהלט ער וועגען יענעם פּעריאָד פֿון זיין לעבען, אַז דאָס, אויף וועלכען איך בין געשטאַנען, האָט זיך אונטערגעבראָכען, אַז איך האָב שוין ניט אויף וואָס צו שטעהן, אַז דאָס, מיט וואָס איך האָב געלעבט, איז שוין מעהר ניטאָ, אַז איך האָב ניט מיט וואָס צו לעבען“. „מיין לעבען האָט זיך אָבגעשטעלט. איך האָב געקאָנט עטעמען, עסען, טרינקען, שלאָפֿען... נאָר קיין לעבען איז דערין ניט געווען, ווייל איך האָב שוין ניט געהאַט אַזעלכע פֿער־לאַנגען, וועלכע איך זאָל האַלטען פֿאַר פֿערנונפֿטיג צו בעפֿרידיגען“...

וואָס אַזעלכעס איז געשעהען? וואָס האָט טאָלסטאָי'ען גע־בראַכט צו דער פּעסימיסטישער שטימונג? פֿון וועלכער מינוט דאָס האָט זיך אָנגעהויבען און וואָס איז געווען די נאָהענטסטע סבה דערפֿון, ווייסט טאָלסטאָי אַליין ניט צו דערצעהלען, נאָר דאָס איז ניט וויכטיג.

אַ פֿאַקט איז נאָר, אַז אײנמאָל האָט טאָלסטאָי דערזעהען פֿאַר זיך דעם טויט אין זײַן אויסדריקליכסטען געשטאַלט, ער האָט דערזעהען פֿאַר זיך יענעם „אמת“, װעלכען ער האָט שטענדיג געזוכט, און דאָ האָבען זיך פֿערשטאַרקט יענע מאָראַלישע ספקות, װעלכע האָבען געמאַטשעט טאָלסטאָי'ען אַלע זײַנע יאָהרען: אויב דער טויט איז דער אײנציגער קלאָרער אמת, װאָס זשע איז דאָס לעבען? אויב מיך ערװאַרטעט נאָר דער טויט, נאָך װאָס־זשע לוינט צו לעבען?

טאָלסטאָי אַלײן פֿערגלײַכט זײַן דאַמאָלסדיגע לאַגע צו דער לאַגע פֿון אַ רײַזענדען, װעלכער איז אויפֿ'ן װעג בעפֿאַלען געװאָרען דורך אַ צובושעװעטע חיה. ראַטעװענדיג זיך פֿון דער חיה, שפּרינגט דער װעגס־מאַן אַרײַן אין אַ טיעפֿען ברונען אָהן װאַסער. אָבער אויפֿ'ן דנאָ פֿון ברונען ליגט אַ שלאַנג מיט אַ אָפֿענעם מויל. דער רײַזענדער כאַפּט זיך אָן אין די צװײַגען פֿון אַ קוסט, װעלכער װאַקסט אין ברונען, אָבער דער קוסט װעט פֿריהער אָדער שפּעטער מוזען איבערגעריסען װערען, װײַל צװײ מײַז, אַ װײַסע און אַ שװאַרצע, גראָבען זיך אונטער זײַנע װאָרצלען פֿון בײדע זײַטען. דער מענש זעהט דאָס און װײסט, אַז אָט־אָט װעט ער מוזען אַראָבפֿאַלען און אומקומען, נאָר דאָך לעקט ער דערװײַל די טראָפּען האָניג, װאָס רינגען־אַראָב אויף די בלעטלעך פֿון קוסט, און װאַרט אויף זײַן טויט. די חיה און דער שלאַנג זענען דער טויט, די מײַז זעינען די צײַט, די טראָפּען האָניג — דאָס לעבען. כל זמן עס איז נאָך דאָ אַ ביסעל האָניג, האָט מען נאָך קרעפֿטען צום לעבען, אָבער דאָס מוז דאָך זיך אַמאָל ענדיגען, נאָך װאָס זשע זאָל מען זיך נאַרען און װײַטער לעבען?

„נו גוט, דערצעהלט װײַטער טאָלסטאָי, דו װעסט האָבען 6000 דעסיאַטין ערד, 300 פֿערד, און דערנאָך?... און איך בין אינגאַנצען אָבהענדיג געװאָרען און ניט געװאוסט, װאָס װײַטער צו טראַכטען. אָדער, אָנהויבענדיג טראַכטען, װי אַזוי איך װעל ערציהען מײַנע קינדער, האָב איך זיך געזאָגט: נאָך װאָס? אָדער, אָנהויבענדיג דענקען װעגען דעם, װי אַזוי דאָס פֿאָלק קאָן דערגרײכען גליק, האָב איך פּלוצלונג זיך אַלײן געזאָגט: און װאָס געהט דאָס דיר אָן? אָדער, טראַכטענדיג װעגען דעם רוהם, װאָס איך װעל דערגרײכען דורך מײַנע װערק, האָב איך זיך אַלײן געזאָגט: נו, גוט, דו װעסט זײַן בעריהמטער פֿון גאָגאָל'ען, פּושקינ'ען, שעקספּיר'ן, מאָליער'ן, פֿון אַלע שרײַבער

פֿון דער וועלט, — נו, איז וואָס? און איך האָב גאָרניט, גאָרניט געקאָנט ענטפֿערן דערויף".

מיר ווייסען, אַז טאָלסטאָי איז קיינמאָל ניט געוועזען גלײַכגילטיג צו די פֿראַגען וועגען פֿאָלקס־גליק און צו זיין אייגענעם גליק — אַוודאי ניט, נאָר ער האָט איינמאָל אַרײַנגעקוקט אין די אויגען פֿון טויט, און קוים האָט ער ערנסט אַוועקגעשטעלט פֿאַר זיך די אייביגע מענשליכע פֿראַגע: „צו וואָס? נאָך וואָס? וואָס איז דער זינן פֿון לעבען?" האָט ער אויף דער פֿראַגע געמוזט אַן ענטפֿער געפֿינען. ווי אַזוי טאָלסטאָי האָט דערויף געענטפֿערט, מיט וואָס דער קריזיס האָט זיך געענדיגט, דאָס וועלען מיר ווײַטער זעהען, נאָר דערווײַל וועלען מיר פֿערצייכענען: דאָס לעבען האָט אַ זינן נאָר פֿון שטאַנדפּונקט פֿון לעבען גופא, קוים שטעלט זיך אַ מענש אויף דעם שטאַנדפּונקט פֿון טויט, מוז דאָס לעבען פֿערלירען בײַ איהם דעם זינן, ווײַל פֿון שטאַנדפּונקט פֿון טויט איז קיין זאַך אין לעבען נישט וויכטיג. אַזוי האָט אויך טאָלסטאָי געדענקט אין אָנהויב פֿון זײַן קריזיס:

„ניט היינט מאָרגען וועלען קומען קראַנקהייטען, דער טויט אויף מײַנע בעליעבטע מענשען, אויף מיר אַליין, און עס וועט קיין זאַך ניט בלײַבען, אויסער ווערים; מײַנע מעשים, וואָס זיי זאָלען ניט זײַן, וועלען אַלע פֿערגעסען ווערען, — פֿריהער אָדער שפּעטער, און איך אַליין וועל אויך מעהר נישט עקזיסטירען. ווי קאָן אַ מענש דאָס ניט זעהען און לעבען בלײַבען — אָט דאָס איז וואונדערבאַר! מען קאָן לעבען, נאָר כל זמן מען איז פֿערשכורט פֿון לעבען, אָבער די נאָר מען ניכטערט זיך אויס, קאָן מען ניט נישט אײַנזעהן, אַז דאָס אַליך איז נאָר אַ נאַרעריי, און אַ נאַרישע נאַרעריי!"

דאָס איז ניט געוועזען קיין פחד פֿאַר'ן טויט אין געוועהנליכען זינן פֿון וואָרט. טאָלסטאָי איז נאָך געוועזען גענוג צוגעבונדען צום לעבען מיט אַלע זײַנע חושים, ער איז צו יענער צײַט געוועזען פֿאָלקאָם געזונד בײַ קערפּערליך, סײַ גײַסטיג, און מען קאָן אַלזאָ ניט אָננעהמען, אַז בײַ איהם איז שטאַרק אָבגעשוואַכט, אָדער פֿערטעמפּט געוואָרען דער געזונדער לעבענס־אינסטינקט, ווי עס פּאַסירט בײַ דאָס רוב זעלבסט־מערדער, און ווען מיר זאָלען אַפּילו ניט וויסען פֿאָראויס, מיט וואָס טאָלסטאָי'ס קריזיס האָט זיך געענדיגט, וואָלטען מיר, קענענדיג טאָלסטאָי'ס נאַטור, געקאָנט פֿאָראויסזעהען, אַז

צו קיין זעלבסט־מאָרד וועט ביי איהם ניט קומען, אַז דער קריזיס וועט זיך ענדיגען מיט אַ גייסטיגע אויפלעבונג, מיט אַ נייע גענייאַלע שאַפונג, אָבער יעדענפאַלס ניט מיט קיין זעלבסט־מאָרד: דערצו זענען אַזעלכע נאַטור־בעגאַבטע געזונדע מענשען, ווי טאָלסטאָי, ניט פעהיג, און די טראַגישע זייט פון קריזיס בעשטעהט ניט דערין, וואָס טאָלסטאָי האָט איבערגעלעבט אַ שרעק פאַר'ן טויט, נאָר דערין, וואָס ער, אַ מענש, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַזוי פיעל לעבען, אַ מענש, וועלכער האָט פערמאָגט אַזאַ געפיהל פאַר דעם אונבעוואוסטזיניגען, אונלאָגישען און טיעפסטען אין מענשליכען לעבען און אין דער גאַנצער נאַטור, — אַזאַ מענש האָט, דערגרייכענדיג אַ גרויסע הויך, פון וועלכע מען זעהט די גאַנצע וועלט אַרום, פלוצלונג דערזעהען, אַז דאָס לעבען איז פוסט, אַז דאָרט איז קיין אמת לעבען ניטאָ און דער גרויסער קינסטלער האָט זיך דערשפירט עלענד, אומעטיג, פעריתומ'ט.

„מיין גייסטיגער צושטאַנד, ערקלערט טאָלסטאָי, האָט זיך אויסגעדריקט פאַר מיר אַזוי: מיין לעבען איז עפּעס אַ נאַרישער בייזער שפּאַס, וועלכען עמיצער האָט געמאַכט איבער מיר. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב ניט אַנערקענט „עמיצען“, וועלכער זאָל מיך האָבען בעשאַפען, איז די דאָזיגע פאָרם פון דער פאָרשטעלונג אַז עמיצער האָט מיט מיר געמאַכט אַ נאַרישען בייזען שפּאַס, דאָך געווען די נאַטירליכע פאָרשטעלונג פאַר מיר, — ניט ווילענדיג האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אַז דאָרט, ערגעץ־וואו, געפינט זיך איינער, וועלכער שעפּט נחת, קוקענדיג אויף מיר, ווי איך האָב גאַנצע 30—40 יאָהר געלעבט, לערנענדיג זיך, ענטוויקלענדיג זיך, וואַקסענדיג מיט'ן קערפּער און גייסט, און ווי יעצט, ווען איך בין שוין אינגאַנצען גייסטיג אויסגעוואַקסען, צוקומענדיג צו יענער הויך, פון וועלכער עס ענטפּלעקט זיך דאָס גאַנצע לעבען, — ווי איך שטעה בענאַרישט אויף דער דאָזיגער הויך, פערשטעהענדיג קלאָר, אַז קיין זאַך אין לעבען איז ניטאָ, ניט געווען און וועט ניט זיין“.

„די קראַפט, וועלכע האָט מיך אָבגעצויגען פון לעבען, איז געווען שטאַרקער, פולער, אַלגעמיינער, איידער דער פערלאַנג פון לעבען. דאָס איז געווען פונקט אַזאַ קראַפט, ווי די פריהערדיגע שטרעבונג צום לעבען, נאָר זיין אַ פערקעהרטער בעציהונג. איך האָב מיט אַלע כחות זיך געריסען פון לעבען. דער געדאַנק וועגען

זעלבסט-מאָרד איז צו מיר געקומען פּונקט אַזוי נאַטירליך, ווי עס פּלעגען פריהער קומען די געדאַנקען וועגען פערגניגען דאָס לעבען. דער דאָזיגער געדאַנק האָט מיך אַזוי געצויגען, אַז איך האָב געמוזט אָנווענדען געגען זיך נויטיגע מיטלען, אום געשווינד ניט פערווירקליכען דעם געדאַנק". „און דאָס איז פאָרגעקומען מיט מיר — ערקלערט טאָלסטאָי — אין אַ צייט, ווען פון אַלע זייטען האָב איך געהאַט דאָס, וואָס מען רעכענט פאַר דעם בעסטען גליק, אין אַ צייט, ווען איך בין נאָך קיין 50 יאָהר ניט אַלט געוועזען. איך האָב געהאַט אַ גוטע ליבענדע און געליבטע פרוי, גוטע קינדער און אַ גרויסע אימעניע, וועלכע האָט אָהן מיה פון מיין זייט זיך ענטוויקעלט און געוואַקסען. מיינע נאָהענטע און בעקאַנטע האָבען מיך געאַכטעט מעהר, ווי ווען עס איז פריהער, פרעמדע האָבען מיך געלויבט, און אָהן זעלבסט-נאַרעריי האָב איך געקאָנט רעכענען, אַז מיין נאָמען איז בערי‍המט. דערביי בין איך ניט בלויז ניט געוועזען צומישט אָדער גייסטיג-קראַנק — פערקעהרט, איך בין געוועזען סיי קערפערליך, סיי גייסטיג געזונד און קרעפטיג, ווי זעלטען-ווער אין מיינע יאָהרען: קערפערליך האָב איך געקאָנט אַרבייטען אויפ'ן פעלד, ניט אָבשטעהענדיג פון די פויערן, גייסטיג בין איך געוועזען פעהיג אָבאַרבייטען נאָכאַנאַנד אַכט-צעהן שעה, נישט שפּירענדיג זיך פערמאַטערט פון אַזאַ אָנשטרענגונג. און אין אַזאַ לאַגע בין איך געקומען דערצו, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט ווייטער לעבען, און מורא האָבענדיג פאַר'ן טויט, האָב איך געמוזט אָנווענדען געגען זיך חיטרע מיטלען, אום זיך ניט נעהמען דאָס לעבען".

אַ מענש פון קרוב צו 50 יאָהר, אַ אייראָפּעאישע בערי‍המטהייט, אַ גליקליכער פאָטער און מאַן, אַ רייכער פריץ, טראַכט זיך אַרום מיט די געדאַנקען וועגען זעלבסט-מאָרד און מוז אויסבעהאַלטען פון זיך דאָס שטריקעל, כדי זיך ניט הענגען און מוז זיך היטען פון געהן אויף געיעג, כדי זיך ניט צו דערשיסען — דאָס איז געוויס אַ טראַגעדיע, נאָר מיר קאָנען בלייבען רוהיג. געוויס איז אינערליכע ענערגיע, און אפשר נאָך איבעריגע, איז אין טאָלסטאָי'ען געוועזען, אום זיך דאָס לעבען צו נעהמען, און מיר וויסען טאַקי, אַז סוף-כל-סוף האָט דער קריזיס זיך געענדיגט, די געדאַנקען וועגען נעהמען זיך דאָס לעבען זענען פערשוואונדען געוואָרען און אָנשטאָט זעלבסט-מאָרד, האָט דער קריזיס זיך געענדיגט מיט אַ נייע גייסטיגע אויפלעבונג:

טאָלסטאָי איז געוואָרען אַ רעפּאָרמאַטאָר און בעשאַפען אַ נייע מאָראַ-לישע און רעליגיעזע לעהרע. נאָר ווי אַזוי איז דאָס געשעהען?

אין טאָלסטאָי'ס „טאַגעבוך" פון 5-טען מאַרט 1855 געפינען מיר פאָלגענדע בעדייטונגסוואָלע שורות: „אַ געשפרעך וועגען גאָט-הייט און רעליגיע האָט מיך אַרויפגעפיהרט אויף אַ גרויסען געדאַנק און איך שפיר זיך פעהיג צו אָפּפערען מיין לעבען אויף צו פער-ווירקליכען דעם געדאַנק. דער דאָזיגער רעיון איז — גרינדען אַ נייע רעליגיע, וועלכע זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט, די רעליגיע פון קריסטוס'ן, נאָר וועלכע זאָל זיין ריין פון אמונה און געהיימנים, אַ רעליגיע אַ פּראַקטישע, וועלכע איז ניט מבטיח קיין גליק אויף יענער וועלט, נאָר אויף דער וועלט. דורכ-פיהרען דעם געדאַנק אין לעבען, פערשטעה איך, קאָנען נאָר גאַנצע דורות, וועלכע זאָלען אַרבייטען בעוואוסטזיניג פאַר דעם צוועק. איין דור וועט איבערגעבען דעם געדאַנק דעם צווייטען דור, און ווען עס איז וועט דער פאַנאַטיזם אָדער פערנונפט פערווירקליכען איהם אין לעבען. אַרבייטען בעוואוסטזיניג צו פעראייניגען די מענשען דורך איין רעליגיע, אָט דאָס איז דער יסוד פון דער אידעע, וועלכע, ווי איך האָף, וועט מיך בעצויבערען".

די דאָזיגע שורות בעווייזען, אַז נאָך מיט פיעל יאָהרען פאַר דעם קריזיס, האָט טאָלסטאָי זיך אַרומגעטראָגען מיט אידעען וועגען אַ נייע רעליגיע, און אַז טאָלסטאָי איז בטבע געווען אַ רעליגיעזער מענש, אין דעם קאָן קיין צווייפעל ניט זיין, דאָס בעווייזט זיין גאַנץ לעבען. נאָר אין יענער צייט איז טאָלסטאָי געווען נאָך יונג, ער האָט אפשר נאָך ניט געשפירט אין זיך גענוג מוט צו נעהמען זיך פערווירקליכען די אידעע, און איטער דעם האָט דער קינסטלער אין איהם גובר געווען זיין רעליגיעזע שטרעבונג און דער געדאַנק וועגען אַ פּראַקטישע רעליגיע איז אויף אַ צייט דערשטיקט געוואָרען. נאָר עס זענען פאַראיבער יאָהרען, אין טאָלסטאָי'ען איז פאָרגעקומען אַ געוואַלדיגער פּסיכאָלאָגישער קריזיס און דאָ האָט זיך ערוואַכט אין איהם דער אַלטער געדאַנק וועגען אַ נייע רעליגיע. ווי אַזוי ער איז פּסיכאָלאָגיש געקומען דערצו, וועגען דעם דערצעהלט ער אונז ווידער זיין „ודוי":

„פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם יאָהר, ווען איך האָב כמעט יעדע מינוט זיך געפרעגט: צי זאָל איך ניט ענדיגען מיט אַ שטריקעל,

אָדער מיט אַקויל, — אין דער גאַנצער צייט האָט מיין האַרץ איבערגעלעבט אַ פּײַנעגדיגען געפיהל. דאָס דאָזיגע געפיהל קאָן איך ניט אָנרופען אַנדערש, ווי דאָס זוכען אַ גאָט“... „דאָס איז געווען — פערטײַטשט ווייטער טאָלסטאָי — אַ געפיהל פון שרעק, פעריתומטקייט, איינזאַמקייט צווישען אַלעם פרעמדען און האָפנונג אויף עפּעס אַ הילף“. אָט די ווערטער גיבען אונז אַ שליסעל צו דעם מערקווירדיגען סוף, מיט וועלכען עס האָט זיך געענדיגט טאָלסטאָי׳ס קריזיס. טאָלסטאָי איז דערגאַנגען צו זיין אמונה און אַ גאָט ניט דורך אַ בעוואוסטזיניגען געדאַנק, ניט דורך לאָגישע דענקען, נאָר דורך אַ מערקווירדיגען פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז פון זיין אייגענער נשמה: ער האָט געזעהען, אַז ניט קוקענדיג אויף זיין געפיהל פון עלענד און איינזאַמקייט, ניט קוקענדיג אויף זיין געפיהל פון פּוסטקייט אין לעבען און פון שרעק פאַר׳ן טויט, האָט ער דאָך ניט געענדיגט מיט קיין זעלבסטמאָרד, ווייל „עפּעס“ האָט איהם אָבגעהאַלטען דערפון, ווייל עפּעס האָט איהם געזאָגט, אַז עס איז דאָ עטוואָס אַזעלכעס, צוליעב וואָס מען קאָן און מען דאַרף לעבען. און טאָלסטאָי האָט אָנגעהויבען אַנאַליזירען זיך אַליין, זיין אייגען געפיהל און ער האָט זיך אַליין געפרעגט: וואָס זשע איז דאָס אַזעלכעס, וואָס רופט אין מיר אַרויס די פרייד פון לעבען? וואָס איז דאָס, וואָס לאָזט מיך נישט נעהמען דאָס לעבען, האָטש איך בין פאָלקאָם איבערצייגט, אַז דאָס לעבען האָט קיין זינן ניט? ניט אַנדערש, אַז אונבעוואוסטזיניג גלויב איך אין עפּעס אַ העכערען אמת, ניט אַנדערש, אַז אונבעוואוסטזיניג גלויב איך, אַז עס עקזיסטירט אַ גאָט אויף דער וועלט, און קוים גלויב איך, הייסט עס, אַז גאָט איז דאָ... דער דאָזיגער געדאַנק אַן און פאַר זיך איז אפשר ניט מעהר, ווי אַ סאָפיזם, נאָר אַלס פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג, אַלס אַ פּסיכאָלאָגישער פאַקט איז ער גאַנץ פערטשטענדליך, און טאָלסטאָי׳ס אמונה, וועלכע איז ניט געווען קיין פּראָדוקט פון קיין בעוואוסטזיניגען געדאַנק, אָדער פון געטירענעם אונבעוואוסטזיניגען גלויבען, נאָר איז אויסגעוואַקסען אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ פּסיכאָלאָגישען זעלבסט-אַנאַליז — די דאָזיגע אמונה האָט געמוזט בלייבען אַ „טויטע“, און ניט געקאָנט בעציבערען אַנדערע, ניט געקאָנט בעשאַפען אַ גרויסען קרייז אָנהענגער, ווייל טאָלסטאָי׳ס גאָט איז געווען זיין אייגענער פּערזענליכער גאָט און דאָס, וואָס פאַר טאָלסטאָי׳ען איז געווען אינטים, אייגען, האָט געמוזט בלייבען

פֿרעמד פֿאַר אַנדערע, וועלכע האָבען ניט דורכגעמאַכט דעם פּסיחאָלאָגישען וועג, וועלכער האָט טאָלסטאָי'ען צוגעפֿיהרט צו זיין אמונה.

טאָלסטאָי דערצעהלט, ווי ער האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ, ווי ער האָט מיט גרויס פֿלייס געשטודירט די וויסענשאַפֿט און געזוכט ביי די פֿילאָזאָפֿען אַנטווערטער אויף דער פֿראַגע, צי איז דאָ אַ גאָט, אָדער ניין. נאָר קיין ענטפֿער האָט ער ניט געפֿונען, ווייל קיין אמונה קאָן מען דורך לאָגיק ניט ערווערבען, און „איך פֿלעג אַריינפֿאַלען אין אַ שרעק און אָנגעהויבען מתפלל זיין פֿאַר דעם, וועלכען איך האָב געזוכט, אַז ער זאָל מיר העלפֿען. און וואָס מעהר איך האָב געבעטען, אַלץ מעהר קלאָר איז מיר געוואָרען, אַז ער הערט מיך נישט, און אַז עס איז נישטאָ קיינער אַזעלכער, צו וועלכען מען זאָל זיך קאָנען ווענדען, און מיט פֿערצווייפֿלונג אין האַרץ וועגען דעם, וואָס קיין גאָט איז אַלץ נישטאָ, פֿלעג איך זאָגען: גאָט, דערבאַרעם זיך, ראַטעווע מיך! גאָט, ווייז מיר אַ וועג, גאָט מיינער!“ נאָר דאָס, וואָס ער האָט נישט געקאָנט עררייכען דורך דעם געדאַנק, האָט ער עררייכט דורך דעם אַנאַליז פֿון זיין אייגענער נשמה:

„.... איך האָב זיך אומגעקוקט אויף זיך אַליין, אויף דעם, וואָס קומט פֿאָר אין מיר און איך האָב זיך דערמאָהנט אָן די אַלע אָבשטאַרבענדע און אויפֿלעבענדע געפֿיהלען, וועלכע זענען פֿאָרגעקומען אין מיר הונדערטער מאָל. איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז איך האָב נאָר דאַן געלעבט, ווען איך האָב אין גאָט געגלויבט. ווי אַמאָל, אַזוי איז אויך יעצט: עס איז גענוג, אַז איך זאָל וויסען פֿון גאָט, דאַן לעב איך, און ווי נאָר איך פֿערגעס אָן איהם, שטאַרב איך אָב. וואָס זשע אַזוינס זענען אָט די אָבשטאַרבונגען און אויפֿלעבונגען? איך קאָן דאָך ניט לעבען, ווען איך פֿערליר די אמונה אין גאָט, איך וואָלט דאָך לאַנג שוין זיך דאָס לעבען גענומען, ווען איך זאָל ניט טראָגען אין זיך די אונקלאָרע האָפֿנונג צו געפֿינען אַ גאָט. איך לעב דאָך, לעב מיט אַ אמת לעבען נאָר דאַן, ווען איך שפּיר און זוך איהם. וואָס זשע נאָך זוך איך? — האָט אין מיר אויסגעשריען אַ שטימע. אָט איז ער דאָך, ער איז דאָס, אָהן וואָס עס איז אוממעגליך צו לעבען. וויסען גאָט און לעבען, איז איינס און די זעלבע זאַך. גאָט איז דאָס לעבען... לעב, זוכענדיג גאָט, און דאַן וועסט ניט עקזיסטירען קיין לעבען אָהן גאָט. און שטאַרקער, ווי שטענדיג,

איז אַליך אין מיר און אַרום מיר בעלויכטען געוואָרען, און די וואָזיגע ליכט האָט שוין קיינמאָל מיך ניט פערלאָזען"...

אויף אַזאַ אופן האָט טאָלסטאָי געפונען גאָט און זיך אַליין, דורך זיך. ער האָט געזעהען, אַז ער לעבט און וויל לעבען, אַז ער זוכט אַ גאָט און איז פאַר איהם מתפלל, האָטש ער אַנערקענט איהם ניט. און ער האָט זיך אַליין געזאָגט: הייסט עס, אַז איך גלויב אין גאָט אַפילו דאַן, ווען איך דענק ניט וועגען איהם, הייסט עס, אַז גאָט גיט מיר לעבען אַפילו דאַן, ווען איך צווייפעל אין איהם, און קוים גלויב איך, איז אַ סימן, אַז אַ גאָט איז דאָ אויף דער וועלט. עס בלייבט נאָר אָבצוזוכען די אמת'ע רעליגיע, צו געפינען דעם ריכטיגען וועג, וועלכער פיהרט צו גאָט, און טאָלסטאָי הייבט־אָן פונאַנדערקלייבען די פערשיעדענע רעליגיעס און זוכט, וועלכע אמונה איז בעסער. ער ערלערנט אַלע מזרח־רעליגיעס, פערטיעפט זיך אין דער ביבעל, געהט זיך צונויף מיט פערשיעדענע סעקטאַנטען, הויבט אָן לערנען העברעאיש מיט דער הילף פון מאָסקווער ראַבינער מינאָר, און ענדליך ווענדעט ער זיך צו די, צו וועלכע עס האָט זיך גע־ווענדעט זיין העלד פיער בעזוחאָוו, ליאָווין און אַנדערע: ער געהט זיך לערנען צום מוזשיק.

„אַדאַנק, דערצעהלט ער, עפּעס אַ משונה'דיגע פיזישע ליעבע צום אמת'ן אַרבייטער־פאָלק, וועלכע האָט מיך געצוואונגען איהם צו פערשטעהן און זעהען, אַז דאָס פאָלק איז גאָרניט אַזוי נאַריש, ווי מיר מיינען, — האָב איך געשפירט, אַז אויב איך וויל פער־שטעהן דעם זינן פון לעבען, דאַרף איך דעם דאָזיגען זינן פון לעבען זוכען ניט ביי די, וועלכע האָבען איהם פערלאָרען און ווילען זיך דאָס לעבען נעהמען, נאָר ביי יענע מיליאָרדען לעבעדיגע און אָב־געלעבטע מענשען, וועלכע אַרבייטען און טראָגען אויף זיך אַליין מיט זייער, סיי אונזער לעבען. און איך האָב זיך אומגעקוקט אויף די גרויסע מענגעס מענשען, וועלכע לעבען אַרום מיר"...

טאָלסטאָי האָט געזעהען, ווי מיליאָנען, מיליאַרדען פּראָסטע מענשען, צו וועלכע ער האָט שטענדיג געשפירט אַ „פיזישע" אָרגאַ־נישע נאָהענטקייט, לעבען מיט דער פּראָסטער אמונה אין גאָט, ער האָט געזעהען ווי אַלע דורות פאַר איהם, ווי די גאַנצע מענשליכע היסטאָריע איז פול מיט גאָט־זוכעניש און ער האָט בעשלאָסען: אַלע מוטשען מיר זיך, אַלע זוכען מיר גאָט, אַלע זוכען מיר דעם

העכערען אמת, הייסט עס, אַז גאָט איז דאָ און מען דאַרף נאָך געפינען די ריכטיגסטע פאָרם פון גלויבען, דעם אמת'ן וועג. אָבער אָנגענומען די אמונה אין גאָט אין דער פאָרם, אין וועלכער עס האַלט דער מושיק, האָט טאָלסטאָי ניט געקאָנט, ווייל געגען דעם איז געווען זיין בעוואוסטזיין, זיין סקעפּטישער געדאַנק, און אויך, ווייל אין האַרצען האָט טאָלסטאָי געחלומט וועגען שאַפען אַ וועלט־רעליגיע, אַ פּראַקטישע ראַציאָנאַלע, „קלוגע“ אמונה, וואָס זאָל קאָנען פעראייניגען אַלע מענשען און אַלע דורות, און טאָלסטאָי נעהמט זיך שאַפען זיין אייגענע מאָראַלישע שיטה, זיין אייגענע לעהרע. אָבוואַרפענדיג די אַלע פּאָעטישע זייטען פון יעדע רעליגיע, ווי אויך די אַלע מנהגים און סימבאָלען, וועלכע האָבען אויסגעוועהען אין זיינע אויגען, ווי פאָראורטיילען, וועלכע זענען געגען שכל. טאָלסטאָי הויבט־אָן אַ נייַ לעבען, ערקלערענדיג פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז ביזהער האָט ער געלעבט אין פאַלש און נאַרעריי און נאָר יעצט האָט ער געפונען דעם ריינעם אמת, און פאַר דער ציוויליזירטער וועלט ענטדעקט זיך אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: אַ גענייאַלער קינסטלער פערשעלט זיינע קונסט־ווערק, ערקלערט, אַז זיין גאַנץ שאַפען איז קיין גראָשען ניט ווערט געוועזען און ער הויבט זאָגאַר אָן פערראַכטען און פיינד האָבען זיינע קינסטלערישע ווערק... די וועלט ערשטוינט, טאָלסטאָי רופט־אַרויס ענטציקונג פון איין זייט און נאָך מעהר פערוואונדערונג און בעדויערונג פון דער צווייטער זייט, נאָר ער געהט זיך זיין וועג, ער מיט זיין קליינער סעקטע, הויבט אַליין אָן געבען אַנדערש און מיט אַליך מעהר עקשנות און ראַדיקאַליזם ענטוויקעלט ער זיין נייע לעהרע. קיין וועלט־רעליגיע איז זיין לעהרע ניט בעשערט געוועזען צו ווערען; מעהר ווי אַ סעקטע אָנהענגער האָט טאָלסטאָי'ס „פּראַקטישע רעליגיע“ ניט געשאַפען, נאָר וואָס האָט טאָלסטאָי אַליין פאַר זיך געפונען אין זיין נייעם וועג? בערוהיגונג? טאָלסטאָי אַליין און אַנדערע האָבען געמיינט, אַז יעצט האָט דער גרויסער קינסטלער זיך בערוהיגט, אָבער אין דער שטיל האָט נאָך געלעבט אין טאָלסטאָי'ען דער קינסטלער, וועלכען ער האָט ניט געקאָנט אינגאַנצען דערשטיקען, אין דער שטיל איז נאָך געגאַנגען אַ קאַמפּף און מיט דער נייער רעליגיע האָט זיך נאָך טאָלסטאָי'ס קריזיס ניט געענדיגט. די גרויסע מענשליכע דראַמע האָט זיך ווייטער געצויגען...

# טאָלסטאָי אַלס פֿילאָזאָף און מאָראַליסט.

די אמאָליגע און היינטיגע שקלאַפֿעריי. — די שעדליכקייט פֿון דער היינטיגער וויסענשאַפֿט און קונסט. — די רעליגיעזע אידעע אַלס הויפּט-גרונד פֿון לעבען. — די שטרעבונג צו פּערזענליכען גליק און דער שרעק פֿון טויט. — דריי עלעמענטען אין מענשליכען „איך". — ליעבע אַלס דער הויפּט-זיין פֿון דעם מענשליכען גליק. — די געשלעכטס-פֿראַגע. — ניט ווידערשטעהן דעם שלעכטס. — וועגען סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. — די רעפֿאָרמען פֿון דער מענשהייט. — דער צוקונפֿטס-אידעאַל.

זיין לעבענס-פֿילאָזאָפֿיע האָט טאָלסטאָי אָנגעהויבען פֿון אַ שאַרפֿע נעגאַטיווע בעציהונג צו דער גאַנצער קולטורעלער מענשהייט. צו דעם אַלעם, מיט וועלכען די היינטיגע מענשהייט לעבט און שטאָלצירט. ער האָט אַ בליק געטהון אויף דער געשיכטע פֿון דער מענשהייט און זיך געשטעלט אַ פֿראַגע: האָבען מיר ווירקליך געמאַכט אַ שריט פֿאָראויס? קאָנען מיר ווירקליך שטאָלצירען מיט דעם פּראָגרעס, וואָס מיר האָבען געמאַכט? לעבען מיר אַזוי, ווי „מען דאַרף"? אַלס מאָראַליסט הויפּטזעכליך, אַלס מענש, וואָס שטעלט העכער פֿון אַליץ דאָס געוויסען, האָט טאָלסטאָי אָנגעהויבען בעטראַכטען די מענשהייט פֿון מאָראַלישען שטאַנדפּונקט און ער האָט אויף דער פֿראַגע געענטפֿערט: ניין! די גאַנצע קולטור, דער גאַנצער פּראָגרעס, מיט וועלכען מיר שטאָלצירען, דער גאַנצער יסוד פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכען און פּערזענליכען לעבען איז מעהר ניט, ווי אַ גרויסער שקר, ווי אַ שרעקליכע זעלבסט-נאַרעריי, ווייל עס פֿעהלט די הויפּט-פֿאָדערונג פֿון יעדען ריינעם געוויסען, די פֿאָדערונג, אַז מענשען זאָלען גלייכע זיין, אַז יעדער זאָל קאָנען גלייך לעבען און געניסען פֿון זיין אַרבייט.

אין בולטע שטריכען, מיט שטאַרקע פֿאַרבען שילדערט טאָל-

סטאָי די לעבּענס־בּעדינגונגען פון דער גרעסטער מעהרהייט, די פּוי־
ערן און אַרבּייטער, די שרעקליכע עקספּלאָטאַציע פון דער פּרי־
ווילעגירטער מינדערהייט, די זעלבּסט־מאָרדען און יסורים פון די
גרויסע מענגעס מענשען, די דחקות און אָרימקייט פון די מאַסען,
און ער ווענדעט זיך צום לעזער: „געהט־דורך צווישען אַ גרויסע
מענגע מענשען, איבּערהויפּט שטאָדטישע, קוקט זיך איין אין די
דאָזיגע אויסגעמאַטערטע פערזאָרגטע פּנימער, און דערנאָך דער־
מאָהנט זיך אָן אייער לעבּען און אָן דעם לעבּען פון אייערע בּעקאַנטע:
דערמאָהנט זיך אָן די אַלע געצוואונגענע טויטען, אַלע זעלבּסט־
מאָרדען, וועגען וועלכע אייך איז אויסגעקומען צו הערען, און פרעגט
זיך: אין נאָמען פון וועלכען זענען די אַלע יסורים, פערצווייפלונג
און פּיין, וועלכע בּרענגען צו זעלבּסט־מאָרדען?"

דער ענטפער פון טאָלסטאָי׳ען איז: מיר לעבּען אין שקר,
מיר נאַרען זיך און יענעם, דאָס קולטורעלע לעבּען האָט אונז פער־
גיפטעט. דאָס, וואָס איז ווירקליך וויכטיג פאַר דעם מענשליכען
לעבּען, די ליעבּע צו דער נאַטור, דאָס נאַטירליכע פריידענס־גע־
פיהל, דאָס ווערט אין אונז דערשטיקט אַדאַנק אונזער פאַלשען
לעבּען, אַדאַנק אונזער שטרעבּען צו פּוסטע זאַכען, צו קאַריערע,
רייכטום, כבוד, קינסטליכע פערגניגונגען, און אָנשטאָט דעם, ערציהט
מען אונז פון קינדהייט־אָן אַזוי, אַז מיר זאָלען לעבּען אין שקר,
אַז מיר זאָלען פערבּלענדעט ווערען דורך אַ נעץ פון פּוסטע מנהגים
און געוועהנהייטען, אויסגעטראַכטע געזעצען און פאַלשע געפיהלען,
און נאָך ערגער פון אַלץ איז דאָס, וואָס מיר לעבּען אין אַ זעלבּסט־
נאַרעריי, וואָס מיר רעדען זיך אַליין איין, אַז די אַלע שקרים און
פאַלשקייטען און די אַלע מענשליכע יסורים און פּיין, זענען אַ נויט־
ווענדיגקייט. מיר נאַרען זיך אָב דאָס גאַנצע לעבּען, מיר לעבּען
אין אַן אויפהערליכען שקר, ווייל עס קאָן ניט זיין קיין אמת לעבּען,
געגרינדעט אויף יענעמס גליק, אויף אַ פרעמדען חשבּון.

טריט־בּיי־טריט שטודירט טאָלסטאָי די יסודות פון אונזער גאַנ־
צען געזעלשאַפטליכען לעבּען און קומט צו אַ טרויעריגען סך־הכּל.
טאָלסטאָי דערמאָהנט אָן דעם לאַנגען אַרבּייטס־טאָג פון מיליאָ־
נען מענשען, די מיליאָנען מענשען, וועלכע שטאַרבּען פריה־
צייטיג, ניט מיט זייער נאַטירליכען טויט, אָדער ווערען אומ־
גליקליכע קאַליקעס, אַדאַנק דער מאַשינען־אַרבּייט, און ער קומט

צום בעשלוס, אַז די קנעכטשאַפט עקזיסטירט נאָך עד היום און איז אין פיעל הינזיכטען נאָך ערגער פון דער קנעכטשאַפט אין די אורַאַלטע צייטען. די געזעלשאַפט בעציהט זיך דערצו גלייכגילטיג און טרייסט זיך דערמיט, אַז דאָס איז אַ געזעץ, אַז אַזוי איז דער נאַטירליכער גאַנג פון דער געשיכטע. אָבער טאָלסטאָי קאָן זיך דערמיט ניט בערוהיגען. לויט זיין מיינונג שטאַמט די שרעקליכע אָרימקייט ניט דערפון, וואָס דער אַרבייטס־טאָג איז צו־לאַנג, אָדער קורץ, ניט פון דעם קליינעם אַרבייטס־לוין, ניט דערפון, וואָס די פאַבריקען אָדער אייזענבאַהנען געהערען ניט די אַרבייטער אַליין: די לאַגע פון מיליאָנען מענשען איז אַזאַ שווערע, ווייל זיי זענען געצוואונגען צו אַרבייטען אין די בעדינגונגען פון שרעקליכען שטאָדטלעבען, וואָס איז ערגליך אויף אַ קאַזאַרמע, וואָס איז ניט נאַטירליך, שעדליך און פאַלש.

דער יסוד פון דער קנעכטשאַפט אין אונזער צייט, לויט טאָלסטאָי'ס מיינונג, זענען די געזעצען וועגען ערד, צינזען און אייגענטום. דאָס רעכט פון פריוואַט־אייגענטום אויף ערד, איז פשוט אַ גזילה, ווייל דאָס ערד־אייגענטום שטאַמט דערפון, וואָס די שטאַרקערע האָבען מיט געוועהר אין די הענד פערכאַפּט די ערד ביי דער מעהרהייט און געמאַכט דאָס פאַר זייער אייגענטום. די צינזען, וואָס ווערען אַרויפגעלעגט אויף דעם פאָלק, וועלכע פערטהון ניט לטובת די מאַסען, ווייל 9/10 פון די צינזען אין רוסלאַנד ווערען אויסגעבראַכט אויף אַזעלכע זאַכען, וועלכע דאָס פאָלק דאַרף גאָרניט, אָדער וועלכע ברענגען איהם נאָך שאָדען, ווי למשל: די הוצאות אויף דער אַרמעע, סטראַטעגישע וועגען, פעסטונגען, טורמעס, פענסיעס פאַר די טשינאָווניקעס, וועלכע זענען פאַרן פאָלק בלויז אונטערדריקער און איבעריגע מענשען. דאָס רעכט פון פריוואַט־אייגענטום איז ווידער אַ גזילה, ווייל אַ דאַנק דעם רעכט, קאָן יעדער מענש דורך פאַלשקייט און געוואַלדטהאַט פערשקלאַפען טויזענדער מענשען, עקספּלאָאַטירען זייער פראַצע און געוועלטיגען איבער זייער לעבען.

עס איז דעריבער פאַלש, ווען מען מיינט, אַז די קנעכטשאַפט איז שוין לאַנג בטל געוואָרען, די קנעכטשאַפט אין אַלע איהרע פאָרמען עקזיסטירט נאָך היינט, ווי אַמאָל. אַמאָל פלעגען אויף די שוואַכע, אונבעוואָפענטע פעלקער אָנפאַלען די פירשטען מיט זייערע דרוזשינעס און מיט געוועהר אין די הענד, וועצוואונגען

די אונבעוואָפֿענטע צו אַרבייטען פֿאַר זיי; היינט זעהען קיין בעוואָפֿענטע פֿירשטען מיט דרוזשינעס ניטאָ, אָבער מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז מיליאָנען סאָלדאַטען געפֿינען זיך אין דער זעלבער לאַגע, וואָס אַמאָל די פּערזענליכע קנעכט, מיט דעם איינציגען אונטערשיעד, וואָס די קנעכטשאַפֿט פֿון די דאָזיגע מענשען ווערט שוין גערופֿען מיט אַנאַנדער נאָמען: דיסציפּלין. די צווייטע פֿאָרם פֿון דער אַמאָליגער קנעכטשאַפֿט האָט זיך אויסגעדריקט דערין, וואָס די שטאַרקע פֿלעגען אָבגעבען די קנעכט שטיקלעך ערד און דערפֿאַר האָבען די לעצטע געמוזט צושטעלען זייערע הערשער אַ געוויסע סומע געלד אָדער אַרבייט. אָבער עס איז דאָך קיין גרויסער אונטערשיעד ניט, צי די מענשען פֿערשקלאַפֿען איינע די צווייטע און מיט געוועהר אין די הענד פֿאָהרען אַרום די הערשער איבער די דערפֿער און נעהמען־אָב ביי די אָרימע איינוואָהנער די גרויסע צינזען, אָדער ווען דאָס מיניסטעריום פֿון אינערן זאַמעלט צונויף דורך די גובערנאַטאָרען און פּאָליציאַנטען צינזען פֿון דער ערד ביי דער פּויערשער בעפֿעלקערונג, און שיקט שטראָף־עקספּעדיציעס אויב מען וויל ניט צאָהלען.

אין אַ געוויסער הינזיכט איז די אוראַלטע קנעכטשאַפֿט געווען לייכטער, איידער די שקלאַפֿעריי פֿון דער היינטיגער צייט, ווייל דער אייגענטימער פֿון שקלאַף, וועלכער געהערט אינגאַנצען זיין הערשער, האָט געקאָנט זיין אַכזריות'דיג און טהון מיט זיין שקלאַף אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט, אָבער צוליעב זיין אייגענעם נוצען, האָט דער אַמאָליגער הערשער אַליין געמוזט ניט צווינגען זיינע שקלאַפֿען אַרבייטען איבער די כוחות, ניט מוטשען זיי דורך הונגער, ניט פֿערמאַטערען זיי ביז צום טויט. אין דער היינטיגער צייט קאָן מען שוין ניט בעל־הבית'עווען מיט דעם לעבען פֿון אַרבייטער, ווי עס ווילט זיך, אָבער דערפֿאַר איז דער אַרבייטער, וועלכער האָט ניט קיין אייגענע ערד, געצוואונגען צו אַרבייטען איבער די כחות, הונגערן, מאַטערן זיך, קעמפּפֿען געגען מענשען מיט פֿאַלשקייטען, און האָט אפילו קיין צייט ניט, אָבצוגעבען אַ געוויסע צייט אין טאָג פֿאַר דעם מאָראַלישען לעבען, און דאָס אַלץ קומט־פֿאָר אין אַ צייט, ווען מיר רימען זיך מיט אונזער פּראָגרעס און פֿערפֿאָלקאָמענהייט: די אַלטע שקלאַפֿעריי איז יעצט פֿערגעזעצליכט געוואָרען און מענשען האָבען זיך אַ טעאָריע בעשאַפֿען, וועלכע בערעכטיגט די אַלטע

געוואַלדטהאַטען און ליידען, וואָס קומען פֿאָר אין אונזער לעבען. די דאָזיגע טעאָריע איז זעהר בעקוועם פֿאַר דער פּריווילעגירטע מענשהייט, ווייל אַזויערנאָך קאָן דער קולטורעלער מענש אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר דער אָרימקייט און ליידען פֿון די גרויסע מאַסען, אָבנאַרענדיג זיך אַליין, אַז אַזוי מוז זיין, אַז אַזוי איז דער נאַטירליכער פּראָצעס פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, פֿאַר וועלכער קיינער פֿון אונז איז ניט פֿעראַנטוואָרטליך.

אויף אַזאַ אופֿן איז די שקלאַפֿעריי זיין אכזריות, לויט טאָלסטאָי'ס מיינונג, די לעצטע צייט נאָך פֿערשטאַרקט געוואָרען. אמת, מיר האָבען געמאַכט גרויס פֿאָרשריט אין דער טעכניק, אמת, מיר האָבען פֿיעל נצחונות אָבגעהאַלטען אין קאַמפּף מיט דער נאַטור, אָבער עס איז לייכט צו בויען אייזענבאַהנען, מוזעאומס, טעלעגראַפֿען, שיפֿען, פֿערגעסענדיג, וויפֿיעל מיליאָנען מענשליכע לעבענס עס ווענען דערביי אומגעקומען; עס איז לייכט צו ענטציקען זיך מיט אונזערע פּאַלאַצען, טעלעפֿאָנען, טעאַטרען, פּאַנצער־שיפֿען א. ז. וו., אָבער מיר פֿערגעסען, מיט וואָס מיר צאָהלען דערפֿאַר, מיר פֿערגעסען, אַז עס קאָן ניט זיין קיין לעבען, וואָס איז געגרינדעט אויף יענעמס גליק, אויף דער שקלאַפֿעריי פֿון מיליאָנען מענשען.

די מאַטעריעלע פֿאָרשריטען פֿון דער מענשהייט ווענען געגרינדעט אויף שקלאַפֿעריי און הונגער פֿון די מאַסען, און אין דער היינזיכט ווענען מיר געגאַנגען ניט פֿאָראויס, נאָר איך געמאַכט עטליכע שריט צוריק. אָבער אפשר האָט די מענשהייט פּראָגרעסירט אין דער וויסענשאַפֿט? אין דער קונסט? אפשר האָבען די אַלע מענשליכע קרבנות געדינט צוליעב דעם פּראָגרעס פֿון גייסטיגען מענשליכען לעבען? טאָלסטאָי בעווייזט, אַז אויך דאָ איז די מענשהייט געגאַנגען אין אַ פֿאַלשען וועג, אַז איך דאָ האָבען מיר גאָר בעשאַפֿען איבעריגע, אוננוצליכע זאַכען, וועלכע ווענען נויטיג נאָר פֿאַר דער פּריווילעגירטער מינדערהייט פֿון די רייכע און שטאַרקע, און שעדליך פֿאַר די מאַסען, פֿאַרן פֿאָלק.

מיט דעם גרעסטען צאָרן און כעס פֿון אַ פֿאַנאַטיקער פֿאַלט טאָלסטאָי אָן אויף דער וויסענשאַפֿט און אויף דער קונסט. די אמת'ע וויסענשאַפֿט, לויט טאָלסטאָי'ס מיינונג, דאַרף זיך פֿערנעהמען מיט דער איינציגער וויכטיגער פֿראַגע, וועלכע איז נויטיג פֿאַר אַלע מענשען גלייך: ווי אַזוי צו לעבען? ווי אַמבעסטען אויסנוצען דאָס בי-

מעל יאָהרען, וואָס אַ מענש האָט צו לעבען? פאַר מענשען, וועלכע פערנעהמען זיך מיט אמת׳ע וויסענשאַפטען, וועלען שטענדיג זיך געפינען לעבענס-פראַגען, וועלכע זענען באמת וויכטיג און נויטיג. אַזעלכע מענשען וועלען זיך שטענדיג אָבגעבען מיט די פראַגען: ווי אַזוי בעציהט מען זיך צו די אָרימיגע מענשען, צווישען וועלכע די לעבסט, ווי אַזוי דאַרף מען ערציהען די קינדער, ווי אַזוי הייראַטען, לערנען זיך, גאָט בעטען. די אַמאָליגע וויסענשאַפט איז ווירקליך געווען אַזעלכע, זי איז געווען ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער מאָראַל, מיט דער רעליגיע, און נאָר אַזאַ וויסענשאַפט האָט אַ זינן. אָבער אָנשטאָט דער אמת׳ער, האָט אָנגעהויבען אויפבליהען אַ פאַלשע וויסענשאַפט. ערשטענס, זענען די אַלע היינטיגע וויסענשאַפטען געגרינדעט אויף דעם פאַלשען יסוד, אַז די וועלט איז ווירקליך אַזעלכע, ווי זי לעבט אין אונזער פאָרשטעלונג, ווערענד באמת זענען מיר בעגרענצט מיט אונזערע מענשליכע חושים, און פאַר יעדע אַנדערע בעשעפעניש, וואָס פערמאָגט אַנדערע אויסערליכע חושים, אָדער דער מענש, זעהט-אויס די וועלט גאָר אַנדערש, אָדער ווי פאַר אונז. נאָר אַפילו ווען מיר זאָלען שוין אָננעהמען, אַז די וועלט איז ווירקליך אַזעלכע, ווי מיר זעהען זי, וועלען מיר דאָך קיינמאָל זי ניט בעגרייפען, ווייל די ערשיינונגען פון דער וועלט קומען פאָר פאַר דעם מענשען אין אַן אַנאונענדליכע צייט און רוים, ווערענד דער מענש קאָן דענקען נאָר אין אַ בעגרענצטער צייט און רוים, אַזוי, אַז ער וועט קיינמאָל ניט בעגרייפען די אמת׳ע ווירקליכע וועלט, וואָס האָט קיין אָנהויב און קיין סוף ניט. צווייטענס, זענען די היינטיגע וויסענשאַפטען ניט קיין ווירקליכע, אמת׳ע, ווייל זיי בעמיהען זיך ניט צו דינען דעם גליק פון די מענשען, נאָר פערקעהרט. נעהמען מיר, צום ביישפיעל, אַזעלכע וויסענשאַפטען, ווי היסטאָריע, סאָציאָלאָגיע, פאָליטישע עקאָנאָמיע, אַזוי זעהען מיר, אַז זיי דינען נאָר די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען, פון די, וואָס האָבען פערכאַפט די מאַכט און האַלטען אין שקלאַפעריי די איבעריגע מענשהייט. אָנשטאָט, למשל, וואָס מען וואָלט געדאַרפט לערנען די מענשהייט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און אָנשטאָט צו לערנען, אַז פּריוואַט-אייגענטום איז פּשוט׳ע גזילה, אַז מיליאָנען מענשען טאָרען ניט לעבען אין הונגער און שקלאַפעריי, קומט די פאָליטישע עקאָנאָמיע און בערעכטיגט די יעצטיגע אָרדנונג,

געפֿינט עקאָנאָמישע געזעצען, וואָס מאַכען רעכט די יעצטיגע שקלאַפֿערײַ און בעהויפּטען, אַז די שרעקליכע בעדינגונגען קאָנען געענדערט ווערען נאָר דורך אַ לאַנגזאַמע עוואָלוציע. וואָס־זשע האָבען די מאַסען געוואונען פֿון דער וויסענשאַפֿט?

מען זאָגט, אַז די יעצטיגע אונגעהויערע־ענטוויקעלטע טעכניק און די אַרבייטס־צוטיילונג זענען ענטשטאַנען נאָר אַ דאַנק דער וויסענשאַפֿט. לאָמיר אָננעהמען, אַז עס איז אַזוי, אָבער דאָס האָט דאָך ניט פֿערבעסערט, נאָר פֿערערגערט די לאַגע פֿון דאָס רוב מענשען. אָנשטאָט געהן צו־פֿוס, קאָן דער אַרבייטער פֿאָהרען מיט דער באַהן; אָבער דערפֿאַר זענען דאָך צוליעב דער באַהן פֿערברענט זיינע וועלדער און תבואות; אַ דאַנק די מאַשינען, קאָן יעצט דער אַרבייטער קויפֿען ביליג סיטץ, אָבער דערפֿאַר איז ער דאָך געוואָרען אַ שקלאַף פֿון קאַפּיטאַליסט און פֿאַבריקאַנט. אַ דאַנק דער ענטוויקלונג פֿון דער טעכניק, עקזיסטירען יעצט טעלעפֿאָנען, טעלעסקאָפּען, א. ז. וו., אָבער וואָס קומט דערפֿון אַרויס דעם אַרבייטער, ווען דאָס אַלץ איז ניט פֿאַר זיינעטוועגען?

דאָס אַלץ וואָלט געווען גאָר אַנדערש, ווען די וויסענשאַפֿט זאָל וועלען באמת דינען די אינטערעסען פֿון פֿאָלק, און ניט פֿון דער פּריווילעגירטער מינדערהייט. געלעהרטע און קינסטלער וואָלטען געקאָנט זיין נוצליך דעם פֿאָלק, ווען זיי זאָלען איהם דינען, ווי זיי דינען דער רעגירונג און די קאַפּיטאַליסטען. אָבער באמת איז דאָס ניט אַזוי. פֿאַר'ן פֿאָלק זענען ניט וויכטיג די אויספֿאָרשונגען וועגען דער גרויס פֿון די שטערן, וועגען ראַדיום, וועגען דער ענטשטעהונג פֿון די אָרגאַניזמען אָדער וועגען די קראַנקהייטען, וואָס קומען צוליעב צופֿיעל תענוגים; פֿאַר איהם זענען וויכטיג די פֿראַגען, מיט וועלכער האַק איז בעסער האַקען, ווי אַזוי הייצט מען דעם אויווען, וועלכע זעג איז די בעסטע. אָנשטאָט דעם, פֿערנעהמט זיך די היינטיגע וויסענשאַפֿט מיט אַזעלכע פֿראַגען, וועלכע זענען בלויז אַ מין גייסטיגער ספּאָרט, אַ תענוג פֿאַר די רייכע, און די גאַנצע טענדענץ איהרע איז אַ פֿאַלשע: די היינטיגע וויסענשאַפֿט זוכט ניט דעם אמת, נאָר פֿערקעהרט — דעם שקר, בערעכטיגט די עקזיסטירענדע אָרדנונג, כדי איינצושטילען דאָס געוויסען פֿון די רייכע און זיי ערלויבען ווייטער צו לעבען אויפֿ'ן חשבון פֿון פֿרעמדע. אין דער זעלבער צייט עקזיסטירט אַ גאַנצער קלאַס געלעהרטע, וועלכע

ווערען אויסגעהאַלטען פֿון דער געזעלשאַפֿט, ד. ה. אויפֿן חשבון פֿון פֿאָלק, בעקומען גרויסע פּענסיעס, פֿערבּרענגען זייערע יאָהרען אין די קאַבּינעטען, שעמען זיך צו פֿערנעהמען מיט פּראָסטע אַרבּייט, ווי פּאַשען, זייהען, שניידען, גלייך, ווי דאָס וואָלט געווען (גיואונמענשליכע זאַך, און אָנשטאָט ווירקליכער נאַטירליכער און נוצליכער אַרבּייט, פֿערנעהמען זיי זיך מיט זאַכען, וועלכע דאָס פֿאָלק דאַרף נישט. — די היינטיגע וויסענשאַפֿט איז געוואָרען אַ מין דיפּלאָם אויף לעדיג-געהן.

ניט בעסער האַלט עס, לויט טאָלסטאָי'ס מיינונג, אויך מיט דער קונסט. אין זיין בעסטען פֿילאָזאָפֿישען ווערק „וואָס איז קונסט?" ענטוויקעלט טאָלסטאָי אַ גאַנצע טעאָריע וועגען דער ענטשטעהונג און בעדייטונג פֿון קונסט.

וואָס איז אַזוינס קונסט? מען זאָגט, אַז די קונסט איז דער שפּיגעל פֿון לעבען, אַז קונסט איז דער אמת. נאָר מיט דער טעאָריע איז טאָלסטאָי ניט מסכים. דער אמת איז ניט דאָס, וואָס עס איז, נאָר וואָס עס דאַרף זיין, און ווען דער קינסטלער שילדערט, למשל, ווי אַ מענש לעבט אין זיינע ליידענשאַפֿטען, מאַטערט זיך, גייסט און דערגרייכט ענדליך זיין אידעאַל, ווערט רייך און גליקליך — איז אַזאַ שילדערונג פֿאַלש, הגם אין לעבען קאָן אַזעלכעס פֿאָרקומען, ווייל דאָ איז ניט יענער אמת, וועלכער דיענט פֿאַר אַלע מענשען גלייך. דער אייביגער געטליכער אמת. פֿון דעם שטאַנדפּונקט, זענען לעגענדען, בבא-מעשׂות, וואו עס קומען-פֿאָר נסים, וואו חיות רעדען מיט אַ מענשליכער שפּראַך, וואו עס דערצעהלט זיך וועגען דעם, וואָס איז קיינמאָל ניט פֿאָרגעקומען און וועט קיינמאָל ניט געשעהען, פֿיעל מעהר קונסט, איידער די שילדערונגען פֿון „מענשליכען" לעבענס-אמת, פֿון דעם, וואָס עס איז. טאָלסטאָי לייקענט אויך אין דער טעאָריע, וועלכע שטעלט-אַוועק די קונסט אין צוזאַמענהאַנג מיט שענהייט און עסטעטישען פֿערגעניגען, ווייל דאַן איז אונמעגליך צו בעשטימען, וואָס אַזוינס איז קונסט: דאָס, וואָס געפֿעלט איינעם, געפֿעלט ניט דעם צווייטען, דאָס, וואָס האָט אין אַ געוויסער עפּאָכע פֿערשאַפֿען עסטעטישען פֿערגעניגען, ווערט אין אַ שפּעטערדיגען דור אונפֿערשטענדליך און פֿעראַכטעט.

קונסט, לויט טאָלסטאָי'ס בעשטימונג, איז ניט דאָס, וואָס פֿערשאַפֿט עסטעטישען פֿערגעניגען, נאָר וואָס איז נוציג פֿאַר דער

גאַנצער מענשהייט, די אמת'ע קונסט איז רעליגיעז און פאָלקסטימליך.

דער צוועק פון יעדער אמת'ער קונסט בעשטעהט דערין, אז איין מענש זאָל קאָנען איבערגעבען זיינע געפיהלען דעם צווייטען. דורך ווערטער גיט איין מענש איבער דעם צווייטען זיינע געדאַנקען און די קונסט גיט איבער פון איינעם צום צווייטען די געפיהלען. אַ דאַנק דער קונסט קאָן אַ מענש זיך איבערטראָגען אין אַ פרעמדע וועלט, איבערלעבען דאָס, וואָס ער אַליין האָט ניט איבערגעלעבט. אויף אַזאַ אופן איז די קונסט נאָר אַ מיטעל פון מענשען-אחדות, פון פעראייניגען אַלע מענשען דורך געמיינזאַמע געפיהלען, און דעריבער דאַרפען די געפיהלען זיין נאָר פאָזיטיווע, נוצליכע פאַר דער מענשהייט, ד. ה. רעליגיעזע. די אמת'ע קונסט איז דעריבער דורכאויס רעליגיעז און פאָלקסטימליך: פערשטענדליך און נויטיג פאַר אַלע, פאַר'ן גאַנצען פאָלק. דער בעגריף וועגען שענהייט, עסטעטיק, איז בנוגע צו אמת'ע קונסט פאַלש, ווייל שען הייסט דאָך דאָס, וואָס געפעלט אונז, וואָס פערשטאַרקט נאָר אונזערע ליידענשאַפטען, וועהרענד גוטס איז דער נצחון איבער די מענשליכע ליידענשאַפטען. שענהייט און גוטס זענען צוויי גענענזאַצען, און קוים זאָגען מיר, אַז די אמת'ע קונסט איז רעליגיעז, ד. ה. שטרעבט צו ענטוויקלען געגענזייטיגע ליעבע צווישען מענשען, מוזען מיר אָננעהמען, אַז דער בעגריף וועגען שען איז דער אייגענטליכער קונסט פרעמד. אַזוי איז טאַקע געוועזען אין יענער צייט, ווען די קונסט האָט עקזיסטירט פאַר דעם גאַנצען פאָלק, ד. ה. ווען זי איז געוועזען אמת פאָלקסטימליך און דעריבער אויך רעליגיעז.

אין יענער צייט, ווען די קונסט איז נאָך ניט געוועזען קיין פראָפעסיע, ווען קלאַסען האָבען זיך נאָך ניט אָבגעטיילט פון פאָלק, דאַמאָלס איז די קונסט געשאַפען געוואָרען סטיכיש: איינער פון פאָלק, אַ מענש מיט אַ טעמפעראַמענט און בעגאַבונג האָט איבערגעלעבט עפּעס אַ שטאַרקען געפיהל און ער האָט דערשפירט אַ בעדערפניש, איבערצוגעבען זיינע געפיהלען אַנדערע מענשען. אַזאַ קונסט איז געוועזען פערשטענדליך אַלעמען און איז געוועזען נויטווענדיג, זי האָט אויסגעדריקט דעם העכסטען רעליגיעזען בעוואוסטזיין פון יענער צייט, וויל, זאָגט טאָלסטאָי, שטענדיג, אין יעדער עפּאָכע און אין יעדער געזעלשאַפט עקזיסטירט איין אַלגעמיין פאַר

אַלע מענשען רעליגיעז בעוואוסטזיין וועגען דעם, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און אָט פון שטאַנדפונקט פון דעם העכסטען רעליגיעזען בעוואוסטזיין ווערט אָבגעשאַצט דער ווערט פון יעדער קינסטלערישער שאַפונג. נאָר די קונסט ווערט אָנערקענט פון פאָלק, וועלכע גיט איבער די געפיהלען, וואָס זענען צוגעפאַסט צום העכסטען בעוואוסטזיין פון פאָלק אין יענער צייט. די קונסט פון דער מיטעלאַלטער איז דעריבער געווען אַ אמת'ע קונסט, ווייל זי איז געווען צוגעפאַסט צום רעליגיעזען בעוואוסטזיין פון דעם פאָלק, צווישען וועלכען זי איז ענטשטאַנען. און די קינסטלער פון מיטעלאַלטער, לעבענדיג מיט די זעלבע געפיהלען און מיט דער זעלבער רעליגיע, וואָס דאָס פאָלק, האָבען איבערגעגעבען אין זייערע קונסט־ווערק יענע געפיהלען און שטימונגען, וועלכע זענען אפשר נידעריג פאַר אונזער צייט, אָבער זענען געווען צוגעפאַסט צום אידעאַל פון פאָלק אין יענער עפּאָכע, צו זיין העכסטען בעוואוסטזיין.

טאָלסטאָי טיילט איין די קונסט אין צוויי קאַטעגאָריעס: נאַטירליכע און פאַלשע, געקינסטעלטע. די אמת'ע קונסט־ווערק זענען פערשטענדליך פאַר אַלע, די פאַלשע קונסט פערנעהמט זיך מיט אויסנאַהמס־געפיהלען, ווי צום ביישפּיעל: בענקשאַפט, פעסימיזם, קלאַסען־עהרע, און דעריבער קאָן זי זיין פערשטענדליך נאָר פאַר געצעהלטע. די נאַטירליכע קונסט איז אַ רעזולטאַט פון דורות, אַ רעזולטאַט פון פיעל לעבענס, וואָס זענען געווען פאַר איהר, און ערשיינט דעריבער זעלטען, די געפעלשטע קונסט ווערט געמאַכט דורך בעלי מלאכות, וועלכע אַרבייטען פאַר'ן מאַרק; די אמת'ע קונסט נויטיגט זיך ניט אין קיין בעפוצונגען, פונקט ווי אַ פרוי פון אַ ליעבענדען מאַן, די געפעלשטע איז געגליכען צו אַ פּראָסטיטוטין, וועלכע מוז זיך פוצען, אום אַרויסצורופען די תאוה. טאָלסטאָי שטעלט זיך ניט אָב אָנצורופען די היינטיגע קונסט מיט'ן נאָמען „פּראָסטיטוטקע", וועלכע פערקויפט זיך און איז אויף דיענסט ביי די רייכע קלאַסען.

מיט וואָס לעבט די היינטיגע קונסט? „99 פּראָצ. פון אַלע אייראָפּייאישע מענשען, זאָגט טאָלסטאָי, לעבען און שטאַרבען אָב אַ דור נאָך אַ דור אין שווערע אַרבייט, וועלכע איז נויטיג פאַר אייער קונסט, אַליין ניט בענוצענדיג זיך מיט איהר". און דאָס איז דערפאַר, וואָס די היינטיגע קונסט איז שוין מעהר ניט קיין פאָלקס־

קונסט, ווייל זי איז שוין ניט מעהר, ווי אַ דיענערין פֿאַר די העכערע קלאַסען. אַנשטאַט דעם פֿריהערדיגען יסוד פֿון דער קונסט: גאָטס און רעליגיעזער בעוואוסטזיין, האָבען די העכערע קלאַסען אַרויסגעשטעלט דעם עסטעטישען פֿערגעניגען און שענהייט. אָבער די נאַטור האָט געשטעלט אַ גרעניץ פֿאַר די מענשליכע פֿערגעניגענס, וועלכע מוזען זיך אַמאָל אויסשעפּען. און אָט דעריבער האָט די קונסט געמוזט אָנהויבען זוכען אַלץ נייע פֿאָרמען, זי איז געוואָרען קאָמפּליצירטער, אָבער העכפֿאַר אויך אונקלאָרער און אונפֿערשטענדליכער פֿאַר'ן פֿאָלק. די פֿאָרמען זענען רייכער געוואָרען, אָבער די געפֿיהלען אַ־ימער און מענשען פֿון אונזער צייט זענען בעקאַנט נאָר דריי געפֿיהלען: שטאָלץ, געשלעכטס־תאוה און בענקשאַפֿט. אָט די געפֿיהלען זענען כמעט אויסשליסליך דער אינהאַלט פֿון דער היינטיגער קונסט, און דעריבער איז זי דעם פֿאָלק אינגאַנצען פֿרעמד. עס איז נאַריש צו זאָגען, אַז דאָס פֿאָלק פֿערשטעהט ניט די היינטיגע קונסט, ווייל עס איז נאָך ניט דערוואַקסען דערצו. וויסען מיר דאָך, אַז די מאַסען לעבען פֿיעלפֿאַכיגער און רייכער, איידער די פּריווילעגירטע קלאַסען: אַרבייטער־מענשען לעבען איבער סכנות אויפ'ן ים און הינטער דער ערד; די אַרבייט אין די פֿעלדער, וועלדער, סטעפּעס, רופֿען אין זיי אַרויס פֿערשיעדענע געפֿיהלען; זייערע בעציהונגען מיט די בעלי־בתים און נאַטשאַלניקעס, מיט די מענשען פֿון פֿערשיעדענע נאַציאָנען געבען זיי רייכע איינדריקען, אַזוי אַז די געפֿיהלען פֿון אַרבייטענדען מענשען ציכענען זיך אויס מיט אַ גרעסערע רייכטום. אויב דאָס פֿאָלק פֿערשטעהט ניט די קונסט איז דאָס נאָר דערפֿאַר, וואָס די קונסט איז געוואָרען בעגרעניצט, און אויסדריקענדיג נאָר די געפֿיהלען פֿון די רייכע קלאַסען, וועט זי קיינמאָל ניט ווערען קיין פֿאָלקס־קונסט. דאָס אַלץ, וואָס רופֿט אַרויס ביי די פּריווילעגירטע אַעסטעטישען פֿערגעניגען: די סצענעס פֿון פּאַטריאָטיזם, קלאַסען־שטאָלץ, איינליעבעניש, רופֿען אַרויס ביים פּראָסטען מענשען אַ פֿערקעהרטען געפֿיהל, אַ געפֿיהל פֿון פֿערוואונדערונג, פֿעראַכטונג אָדער צאָרן. אויב די היינטיגע קונסט געפֿעלט יאָ איינציגע מענשען פֿון פֿאָלק, איז דאָס נאָר דערפֿאַר, וואָס מען העגט זי אָן מיט געוואַלד, וואָס מען צווינגט דאָס פֿאָלק צו פֿערדאַרבען זיין נאַטירליכען געפֿיהל, און זיין געשמאַק הערט ניט־ווילענדיג פֿערדאָרבען.

צווישען פאָלק און די הערשענדע קלאַסען איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסע מחיצה, אַ תהום. טיילט זיי אָב סיי אין לעבען, סיי אין פיהלען, סיי אין דענקען. און די רעזולטאַטען פון דער געפעלשטער קונסט, וועלכע דינט נאָר די הערשענדע קלאַסען, זענען שרעקליכע: 1) פון די קינדער־יאָהרען אָן געבען אָב טויזענדער, מיליאָנען מענשען זייערע לעבענס, אום אויסצולערנען זיך געשווינד דרעהען מיט די פיס (טענצערס), אָדער געשווינד אַרבייטען מיט די סטרונעס (מוזיקאַנטען), צו קאָנען שען רעדען און שרייבען, און דאָס אַלץ נאָר כדי צו דינען די רייכע קלאַסען, כדי צו פערשאַפען זיי פערגעניגען, וועהרענד די מענשען אַליין, וואָס פערנעהמען זיך מיט די אַרבייטען, דאַרפען דאָס ניט און ווערען נאָר דאַדורך אָבגעשטויסען פון דעם נאַטירליכען לעבען, פון דעם אמת'ען זינן פון לעבען. 2) די קונסט־ווערק און פוסטע פערוויילונגען ערלויבען די רייכע צו פיהרען אַ אוננאַטירליכען לעבען, זיין ווייט פון דער נאַטור. און ווען מען זאָל ביי זיי אָבנעהמען די קונסט זייערע, וואָלטען זיי פון לאַנגווייל און פוסטקייט אומקומען געמוזט; 3) די היינטיגע געפעלשטע קונסט ענטוויקעלט צווישען די מענשען פאַלשע געפיהלען פון פאַטריאָטיזם, תאוה, גראָבען עגאָאיזם און אַנשטאָט פעראייניגען מענשען ענטוויקעלט זי נאָר בעגרענצטע געפיהלען און בעגריפען. און דערביי דאַרף מען ניט פערגעסען, ווי טייער די דאָזיגע קונסט קאָסט דעם פאָלק. אַנשטאָט דעם, וואָס אויף פאָלקס־בילדונג גיט מען אויס נאָר אַ הונדערט חלק דערפון, וואָס עס איז נויטיג, אַסיגנירט די רעגירונג גאַנצע מיליאָנען אויף אַקאַדעמיעס, קאָנסערוואַטאָריומס, טעאַטרען און הונדערטער טויזענדער מענשען מוזען אין שווערער פראַצע זייער גאַנץ לעבען אָבגעבען, אום אויסצובויען דאָס אַלץ, וואָס עס איז נויטיג פאַר דער אַזוי־גערופענער קונסט. פאַר וואָס זשע דאַרף דאָס פאָלק אַזוי פיעל אָפּפערען פאַר דער קונסט, ווען זי איז איהם פרעמד און אונפערשטענדליך? צי האָבען די רייכע, פרעגט טאָלסטאָי, חאָטש אויף איין נאַכט איבערגעריסען די פאָרשטעלונגען אין די טעאַטרען און די קאָנצערטען בעת דעם שרעקליכען הונגער אין רוסלאַנד?

טאָלסטאָי איז אויף אַזאַ אופן אַרויסגעטראָטען מיט אַ שאַרפען בעשולדיגונגס־אַקט געגען דער גאַנצער יעצטיגער מענשהייט און געגען דעם אַלץ, מיט וועלכען די קולטורעלע מענשהייט לעבט.

וואָס זשע בלייבט צו טהון? ווי אַזוי דאַרף איבערגעבויט ווערען דאָס געזעלשאַפטליכע און פּערזענליכע לעבען פון מענשען? אויף דער פראַגע האָט טאָלסטאָי געענטפערט: דורך ליעבע... ניט בלויז סימפּאַטיע צו די אָרימע און געדריקטע, ניט זאָגאַר ליעבע צום נאָהענטען, ווי צו זיך אַליין, נאָר מעהר, ווי צו זיך. די דאָזיגע לעהרע וועגען ליעבע איז ביי טאָלסטאָי'ען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גאַנצען פילאָזאָפישען סיסטעם.

ווי יעדער לעבענס-פילאָזאָף, האָט טאָלסטאָי פריהער פון אַלץ זיך געשטעלט די פראַגע: אין וואָס בעשטעהט דער זינן פון לעבען? און אויף דער פראַגע האָט ער געענטפערט: דער הויפּט-זינן פון מענשליכען לעבען איז די רעליגיעזע אידעע. אין אַלע צייטען און ביי אַלע פעלקער האָט געמוזט עקזיסטירען אַ פעסטגעשטעלטע בעציהונג צווישען מענשען און דער אייביגקייט, די אונענדליכע וועלט. אָט די בעציהונג הייסט רעליגיע. אַזאַ בעציהונג האָט געמוזט עקזיסטירען אין אַלע צייטען, הגם אין פערשיעדענע פאָרמען. אין אַלע צייטען האָבען מענשען געמוזט גלויבען אין לעבען, גלויבען, אַז דאָס לעבען האָט עפּעס אַ זינן, אַז אין לעבען בכלל איז דאָ עפּעס אַ נויטווענדיגקייט, ווייל אַנדערש האָט די מענשליכע עקזיסטענץ קיין זינן ניט און דאָס דאָזיגע גלויבען איז דער יסוד פון יעדער וועלט-אַנשויאונג, אויף דעם גלויבען מוז זיך בויען זאָגאַר יעדע וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, אויב נאָר זיי ווילען זיין נאַטירליך און אמת'דיג. אָבער די רעליגיעזע אידעע איז פּראַקטיש, זי לערנט דעם מענשען געוויסע לעבענס-כללים, זי פיהרט צו אַ בעשטימטע טעטיגקייט און אויב די רעליגיע אין אַלגעמיין איז איינע פאַר דער גאַנצער וועלט און אין אַלע צייטען, איז דער מאָראַל, וואָס שטאַמט אַרויס פון דער רעליגיעזער אידעע, שוין פערשיעדען פאַר אַלע פעלקער און פאַר אַלע צייטען. די דאָזיגע מאָראַל, אָדער בעציהונג צווישען מענשען און דער וועלט, טיילט איין טאָלסטאָי אין דריי קאַטעגאָריעס.

די ערשטע בעציהונג צו דער וועלט איז געגרינדעט אויף דער שטרעבונג צום גליק פון איינצעלנעם מענשען און דעריבער בעשטימט זי די אַלע צושטאַנדען, וועלכע געבען דעם מענשען דאָס גרעסטע גליק, און זי ווייזט-אָן די מיטלען צו ערווערבען דאָס. אויף דער דאָזיגער בעציהונג צו דער וועלט זענען געגרינדעט: די מאָראַלישע

לעהרער פון די עפיקורעער, די מחמדאנישע לעהרע, וועלכע זאגט צו דעם מענשען גליק אויף דער און יענער וועלט, און די לעהרע פון דער וועלטליכער מאראלישער שיטה, וועלכע זאגט צו דעם מענשען גליק נאך אויף דער וועלט.

די צווייטע בעציהונג צו דער וועלט איז געגרינדעט אויף דעם גליק כין א געוויסען קבוץ, ביי וועלכען דער פרט איז גארניט און הערט בטל פארן כלל. אויף דער בעציהונג זענען געגרינדעט די מאראלישע לעהרעס פון די רוימער, גרעקען און חינעזער, ביי וועלכע דער פרט האט שטענדיג געדארפט זיך אפפערען פארן כלל, ווי אויך די יודישע מאראל, וועלכע פאדערט פון יחיד, ער זאל זיך אונטערגעבען און אפפערען מיט זיין פערזענליכען גליק לטובת דעם גאנצען פאלק; אויף דעם איז אויך געגרינדעט די מאראל פון דער היינטיגער מענשהייט, וועלכע פאדערט, אז די מינדערהייט זאל אפפערען מיט זיך לטובת דער מעהרהייט, די מלוכה, די געזעלשאפט.

די דריטע, קריסטליכע, בעציהונג צו דער וועלט איז געגרינדעט אויף דער אידעע, אז דער מענש איז נאר א וועקצייג ביי דעם העכסטען רצון, אז דער מענש דארף זיך אבזאגען ניט בלויז פון זיין פערזענליכען גליק, נאר אויך פון פאמיליען און געזעלשאפט-ליכען גליק אין נאמען פון יענעם העכסטען רצון, וועלכער ווירקט אין דער גאנצער וועלט. אט די מאראלישע לעהרע איז לויט טאל-סטאי'ס מיינונג די העכסטע און פון איהר שטאמט יענע אמתע, ניט-צבועת'דיגע מאראלישע געפיהלען, וועלכע לעבען אין מענשען, הגם באמינאל פרעדיגט ער אן אנדער מאראלישע לעהרע.

טאלסטאי ערקלערט האט הרך אאנאליז פון דער מענשליכער פסיחיק.

צי קאן דאס פערזענליכע לעבען געבען א מענשען גליק? געוועהנליך מיינט מען, אז דער מענש לעבט צוליעב זיין אייגען גליק, צוליעב דעם גליק פון דער פאמיליע און נאהענטע. אבער ווען דער מענש זאל זיין קאנסעקווענט און א טראכט טהון וועגען זיך, וואלטען זיי קיין איין מינוט ניט געבליבען לעבען, ווייל זיי וואלטען איינגעזעהען, אז לאגיש האט זייער לעבען, וואס שטרעבט נאך צו גליק, קיין זינן ניט: ליידען, אומגליקען אהן א שיעור לאקערען אויף דעם מענשען אויף יעדען שריט און טריט, טויט דאס איז דער

סוף פון מענשליכען לעבען, דער סוף פון אַלע בעמיהונגען. דאָס איז אַזוי קלאָר פאַר יעדען פון אונז, סיי אַלט, סיי יונג, רייך און אָרים, אַז קיינער וואָלט אויף אַ מינוט ניט געדאַרפט בלייבען, דער מאָהנענדיג זיך, אַז דאָס לעבען איז פול מיט יסורים און די יסורים וועגען פיעל מאָל איבער דאָס ביסעל גליק, וואָס איז דאָ אין לעבען. פאַרוואָס זשע העדען מענשען דאָך ניט אויף צו לעבען און אין דער וועלכער צייט בעקלאָגען זיך אויף זייער לעבען? דאָס איז דערפאַר, ענטפערט טאָלסטאָי, ווייל דער מענש שפירט, אַז דאָס פערזענליכע לעבען, צו וועלכען ער שטרעבט, איז ניט דער עיקר און עס איז דאָ עפּעס אַנאַנדער לעבען, אַ אמת'ער, וועלכעס עקזיסטירט פאַר אַלע גלייך, פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

דער מענש בעשטעהט פון דריי עלעמענטען: 1) דער חומר; 2) טהירישע פערזענליכקייט; 3) דאָס ריינע בעוואוסטזיין. ביז אַ געוויסע עפּאָכע לעבען צוזאַמען אין מענשען די אַלע דריי געגענגעזעצטע עלעמענטען, דער טהירישער „איך“, וועלכער שטרעבט צו פערזענליכען גליק, איז זאָגאַר אַ געוויסע צייט אין מענשליכען לעבען גובר זיין צווייטען „איך“, דעם ריינעם בעוואוסטזיין, וועלכער שווייגט און ווירקט נאָר אין דער טיעפּעניש פון דער פסיכיק. עס מוז אָבער קומען אַ מאָמענט, ווען עס ערוואַכט דער אמת'ער „איך“, דאָס בעוואוסטזיין, וואָס נאָר דאָס אַליין איז דער יסוד פון מענשליכען לעבען, דאָס, וואָס פעראייניגט זיין פסיכיק אין איין גאַנצעס, וואָס פערבינדעט דאָס לעבען פון איין מענש מיט'ן לעבען פון אַנדערע, פון דער גאַנצער מענשהייט. אָט די ערוואַכונג פון ריינעם בעוואוסטזיין קומט דורך דער סתירה אין מענשליכען לעבען, דורך דער סתירה צווישען זיינע דריי בעזונדערע עלעמענטען. עס מוז קומען אַ מאָמענט, ווען דער מענש הויבט אָן שפירען דעם שרעק פון טויט, וועלכער בעגלייט איהם אויף יעדען שריט און דאַן מוז ער אָנהויבען פערשטעהן, אַז זיין פערזענליך לעבען, בעזונדער גענומען, האָט קיין זינן ניט, ווייל דאָס מוז זיך ענדיגען מיט טויט, אויב ווידער ער וויל פאָרט לעבען, בעווייזט דער דאָזיגער רצון, אַז עס איז דאָ עפּעס אַ לעבען, וועלכעס קאָן ניט אָבשטאַרבען, וועלכעס עקזיסטירט ניט אין צייט און אין רוים, און נאָר אַלס אַ חלק פון דעם גאַנצען האָט אַ זינן דאָס לעבען פון יעדען איינציגען מענשען, נאָר אַלס אַ טייל פון איינציגען קאָן אַ מענש ניט מורא

האָבען פֿאַר דעם טויט. אַ מענש קאָן מורא האָבען פֿאַר'ן טויט נאָר כל זמן ער זאָגט, אַז ער איז געבוירען געוואָרען אין אַזאַ און אַזאַ יאָהר, איז אַ זוהן פֿון די און די עלטערען און וועט אָבשטאַרבען אין אַזאַ און אַזאַ צייט; אָבער אַ מענש קאָן זאָגען: איך בין קיינמאָל ניט געבוירען געוואָרען און וועל קיינמאָל ניט שטאַרבען, מיין לעבען וועט קיינמאָל זיך ניט ענדיגען, ווייל עס האָט זיך קיינמאָל ניט אָנגעהויבען; מיין לעבען פֿאַר זיך האָט נאָר אַ זינן, ווען עס איז אַ טייל פֿון גאַנצען, פֿון לעבען פֿון דער מענשהייט, און דאָס לעבען קאָן קיינמאָל ניט שטאַרבען, ווייל עס האַלט אין איין בעווע־גונג, אין איין פֿלאַקערען. איך וועל שטאַרבען, אָבער די קרעפֿטען פֿון לעבען, וועלכע זענען מיט מיר צוזאַמען געקומען אויף דער וועלט, וועלען בלייבען און איבערגעהן צו אַנדערע מענשען, און אויך אַלץ, מיט וואָס איך לעב, איז ניט מיינס, נאָר דאָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרען פֿון לעבען פֿון מענשען פֿאַר מיר און דעריבער קאָן דאָס קיינמאָל ניט אָבשטאַרבען.

אויף אַזאַ אופֿן מוז דער טהירישער „איך" סוף כל סוף זיך אונטערגעבען פֿאַר דעם פֿערנונפֿטיגען „איך" און דער מענש מוז אָנהויבען פֿערשטעהן, אַז דאָס, וואָס לעבט, האָט געלעבט און וועט לעבען אין איהם און אין אַלע אַנדערע, איז די קראַפֿט פֿון ליעבע, וועלכע וועט קיינמאָל ניט אויפֿהערען. דאָס אָבזאָגען זיך פֿון אייגענעם לעבען איז אַ געזעץ, וועלכען מען קאָן ניט אויסמיידען. אויב אַ מענש טהוט דאָס ניט מיט'ן גוטען ווילען, מוז ער דאָס טהון מיט געוואַלד: עס קומט דער טויט און איבערצייגט איהם, אַז זיין אייגען לעבען איז אַ שרעקליכער אונזינן. „דאָס לעבען, אַלס פּערזענליכע עקזיסטענץ, איז דורך דער מענשהייט שוין אָבגעלעבט; און אומקעהרען זיך דאַצו איז שוין אונמעגליך; און אויך פֿערגעסען דאָס, אַז דאָס פּערזענליכע לעבען האָט קיין זינן ניט, איז אונמעגליך. וואָס מען זאָל דאָרט ניט שרייען, רעדען, וואָס מען זאָל דאָרט ניט ענטדעקען נייעס און פֿערפֿאָלקאָמען אונזער פּערזענליך לעבען, וועט דאָך פֿאַר דער גאַנצער פֿערנונפֿטיגער מענשהייט מוזען בלייבען דער פֿעסטגעשטעלטער אמת, אַז פּערזענליך גליק איז אַן אונמעגליכע זאַך".

מיר קאָנען זאָגאַר ניט גלויבען אין גאָט, ניט האָבען קיין פֿאָרשטעלונג וועגען איהם, אַלס אַ אַבסטראַקציע; אָבער עס איז אונ־מעגליך פֿאַר אונז ניט צו גלויבען אין גאָטהייט, ד. ה. אין דער

קראַפט, וועלכע איז פערקערפּערט אין אונזער גאַנצען לעבען און אין אונזער איינגענעם בעוואוסטזיין. די דאָזיגע געטליכע קראַפט, וועלכע איז אַן אייביגער געזעץ פאַר אַלע מענשען, וועלכען מיר מוזען אָננעהמען זאָגאַר געגען אונזער ווילען, איז דאָס ג ע ז ע ץ פ ו ן ל י ע ב ע.

אָבער וואָס הייסט ליעבע? די געוועהנליכע מענשליכע ליעבע פערקערפּערט זיך אין אַ בעשטימטען אָביעקט. מיר ליעבען די פרוי, אונזערע קינדער, אונזערע פריינד, דאָס פאָטערלאַנד, די קונסט, און אַז. וו. אָבער די דאָזיגע ליעבע איז עגאָאיסטיש און דער מענש נאַרט זיך בלויז, אויב ער מיינט, אַז ער ליעבט ניט זיך זעלבּסט, נאָר אַנדערע. די דאָזיגע ליעבע איז אויך ניט פּראַקטיש און שעדליך. מיר ווייסען דאָך, אַז מענשען לעבען אין אַ שטענדיגען געגענזייטיגען קאַמפּף און אַז אָפּפערענדיג פאַר איינעם, ווערען מיר שעדליך פאַר'ן צווייטען, אָבגעבענדיג עטוואָס פאַר איין מענשען, נעהמען מיר צו עטוואָס ביים צווייטען. פרעגט זיך: אין נאָמען פון וועלכער ליעבע זאָל איך אָפּפערען מיט אַ צווייטער ליעבע? זאָל איך ליעבען מיין פרוי און קינדער און צוליעב זיי ניט אָפּפערען זיך פאַר'ן פאָטערלאַנד, וועלכע איך ליעב אויך? זאָל איך אָפּפערען מיט מיין פּערזענליכקייט צוליעב אַנדערע? די ליעבע פאָדערט באַלדיגע מעשים, „ליעבע אין דער צוקונפט עקזיסטירט ניט; ליעבע איז נאָר אַ געגענוואַרטיגע טעטיגקייט“, נאָר אָט איז געקומען צו מיר אַ הונגעריגער, צו וועלכען איך שפּיר עטוואָס ליעבע, און בעט ביי מיר עסען, נאָר איך בעהאַלט דאָס עסענוואַרג, וואָס איך האָב אויף שפּעטער פאַר מיינע קינדער, וועלכע איך ליעב מעהר, איידער דעם הונגעריגען. ווי זאָל איך אויספּאַסען די געגענוואַרטיגע, נאָר שוואַכערע ליעבע צום הונגעריגען מיט דער שטאַרקערער אָבער צוקונפטיגער ליעבע צו מיינע קינדער? עס איז קלאָר, אַז אויב איך לאָז איבער דאָס עסען פאַר מיינע קינדער און אָפּפער מיט מיין שוואַכערער ליעבע צום הונגעריגען, טהו איך דאָס ניט אין נאָמען פון דער ליעבע, נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז מיר מעהר אַנגענעהם, ווייל דאָס פערלאַנגען מיינע פּערזענליכע אינטערעסען. דאָס געפיהל, וועלכע מענשען רופען אָן ליעבע, איז דעריבער ניט מעהר, ווי עגאָאיזם, און אַזאַ ליעבע פאָדערט ערשטענס שטענדיגע קאָמפּראָמיסען מיט זיך אַליין, איז ניט פּראַקטיש און זאָגאַר שעדליך, ווייל נאָ־

שען זענען ניט קיין געטער, מענשען לעבען אין אַ שטענדיגען קאַמפּף צווישען זיך, און ווען איך טהו גוטס איינעם, טהו איך דערמיט שלעכטס אַ צווייטען.

ליעבע, וועלכע זאָל שטענדיג בעפרידיגען דעם מענשען גופא און אַנדערע, איז מעגליך נאָר דאַן, ווען דער מענש בעפרייט זיך פון זיינע פערזענליכע אינטערעסען, הערט־אויף זוכען זיין אייגען גליק און גיט אָב זיין נשמה פאַר אַנדערע, ניט פאָדערענדיג קיין זאַך פאַר זיך, זייענדיג בערייט אָבצוגעבען דאָס אייגענע לעבען פאַר אַנדערע. נאָר אַזאַ געפיהל פון אַלגעמיינע ליעבע צו אַלע מענשען, אונאָבהענגיג פון זייערע מעשים און פון זייער בעציהונג צו מיר פערזענליך, קאָן שאַפען דאָס אמת׳ע מענשליכע גליק, און דאָס געפיהל לעבט־איבער יעדער מענש חאָטש איין מאָל אין לעבען, איבערהויפט אין די קינדער־יאָהרען, ווען עס ווילט זיך, אַז אַלע זאָל זיין גוט, אַז אַלע זאָלען גליקליך זיין, און ווען מען איז פעהיג צו ליעבען אַלע אָהן אונטערשיעד, סיי די מאַמע, סיי פרעמדע, סיי שונאים, סיי פריינד.

אויף דער ליעבע, וועלכע איז לויט טאָלסטאָי׳ס לעהרע דער נאַטירליכער צושטאַנד פון מענשען, אַלס אַ נאַטור־געזעץ, צו וועלכען מען מוז ווילענדיג אָדער ניט־ווילענדיג צוקומען, און וועלכע איז דער איינציגער אמת׳ער קוואַל פון מענשליכען גליק, — אויף דער דאָזיגער ליעבע דאַרף זיין געגרינדעט דאָס פערזענליכע און געזעלשאַפטליכע לעבען, און טאָלסטאָי ענטוויקעלט פאַר אונז אַ פּראַקטישען פּראָגראַם, וועלכען מען קאָן איינטיילען אין 5 הויפּט־פּונקטען.

1) מען דאַרף דאָס לעבען פשוט׳ער, איינפאַכער מאַכען.

דער גרעסטער טייל פון אונזערע בעדערפנישען זענען קינסטליכע, זיי זענען בעשאַפען געוואָרען נאָר דורך די קאַפּריזען פון אונזער פאַנטאַזיע, דורך דער פאַלשער קולטור. מיר מיינען, אַז דער הויפּט־אינטערעס פון לעבען איז די עסטעטיק, די קונסט, מוזיק, געזעלשאַפט, פּאָליטיק און דעסגלייכען, נאָר מיר פערגעסען, אַז דער עיקר איז די נאַטור, די פשוט׳ע ליעבע צו איהר, און דאָס געפיהל צו איהר מעכטיגער קראַפט. דאָס אַלע, מיט וואָס עס לעבען גייסטיג

די היינטיגע קולטורעלע מענשען, איז אויסגעוואַקסען נאָר אויפ'ן באָדען פון גזילה און אונרעכט, פון דער מעגליכקייט צו עקספּלאָאטירען יענעמס פראַצע, און נאָר די עקספּלאָאטאַציע פון פרעמדענס מיה און אַרבייט האָט געשאַפען און ענטוויקעלט געקינסטעלטע בעדערפנישען און געגעבען די מעגליכקייט פאַר די געלערנטע און קינסטלער צו פערנעהמען זיך מיט פוסטע זאַכען, וועלכע בעפּריעדיגען נאָר דעם קאַפּריז, די נייגיעריגקייט און צורייצטע פאַנטאַזיע, ניט ברענגענדיג קיין שום נוצען יענע מיליאָנען מענשען, אויף וועמענס חשבון מיר לעבען. כדי צו דערגרייכען די האַרמאָניע צווישען וואָרט און טהאַט, צווישען דער איבערצייגונג און פּראַקטישען לעבען, כדי צו זיין אינערליך גליקליך און לעבען לויט דעם געוויסען און לויט אונזער אמת'ער נאַטור, ווייסט טאָלסטאָי נאָר איין מיטעל: לעבען, ווי עס לעבט דער פויער, דער איינפאַכער אַרבייטס-מענש. „אויף דער פראַגע, וואָס דאַרף מען טהון? — זאָגט טאָלסטאָי וועגען זיך זעלבסט — איז מיר געקומען דער סאַמע זיכערסטער ענטפער: פריהער פון אַלץ דאָס, וואָס איך אַליין דאַרף — מיין סאַמאָוואַר, מיין אויווען, מיין וואַסער, מיין מלבוש, אַלץ, וואָס איך אַליין קאָן בעשאַפען... אויף דער פראַגע, צי דאַרף מען אָרגאַניזירען די דאָזיגע פיזישע אַרבייט, צי דאַרף מען אָרגאַניזירען געזעלשאַפטען פון ערד-אַרבייטער, — האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס אַלץ איז איבעריג, ווייל אַ מענש, וואָס אַרבייט, וועט שוין במילא אַליין נאַטירליכערווייזע צושטעהן צו דער געזעלשאַפט פון די אַרבייטענדע. אויף דער פראַגע, צי וועט די אַרבייט ניט אַוועקנעהמען ביי מיר די גאַנצע צייט און בערויבען מיך פון דער מעגליכקייט צו בעשעפטיגען זיך מיט יענער גייסטיגער אַרבייט, וועלכע איך ליעב, צו וועלכער איך בין געוועהנט און וועלכע איך האַלט אין די מינוטען פון צווייפעל אלס נוצליך פאַר אַנדערע, — אויף דער פראַגע איז געקומען דער אונערוואַרטעטסטער ענטפער. די ענערגיע פון מיין גייסטיגער אַרבייט האָט זיך נאָך פערשטאַרקט, און וואָס מעהר גרעסער עס איז געוועזען די פיזישע אַרבייט, אַלץ שטאַרקער איז נאָך געוואָרען די ענערגיע, עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אָבגעבענדיג אויף פיזישע אַרבייט 8 שעה, — דער האַלבער טאָג, — און וועלכען איך פלעג פריהער פערברענגען אין אַ שווערען קאַמפף מיט דער לאַנגווייליגקייט, איז מיר געבליבען נאָך 8 שעה". — און טאָלסטאָי

גיט דאָ אַ אויספֿירליכען פּראָגראַם פֿון סדר־היום פֿאַר יעדען מענשען.

## 2) גליק איז אין אָרימקייט.

דאָס היינטיגע לעבען איז אַזוי איינגעאָרדענט, אַז מיר קענען ניט זיין גליקליך. מיר אַרבייטען פֿון איין הויך צום צווייטען, אום צו פֿערזיכערען אונזער לעבען, און צוליעב דער צוויי־פֿעלדאַפּטער צוקונפֿט בעגראָבען מיר אונזער געגענוואַרט. מיר זענען אַזוי צוגעוועהנט צום געדאַנק, אַז גליק קאָן ניט עקזיסטירען אָהן רייכטום און מאַכט, דאָס ווען קריסטוס לערנט אונז צו לעבען אָהן פּריוואַט־אייגענטום און אָהן עקספּלאָאַטאַציע פֿון פֿרעמדענס אַרבייט, זעהט דאָס אונז אוים, ווי ער רופֿט אונז צו אַ קרבן, צו אָפּפֿערען מיט זיך לטובת הכלל. באמת אָבער פֿאָדערט ער פֿון אונז קיין שום קרבן ניט, ער לערנט אונז נאָר דאָס, וואָס איז נויטיג פֿאַר אונז אַליין, ווייל דער הויפּט־בעדינג פֿון יעדען אמת'ן גליק איז אָרימקייט. „זיין אָרים דאָס בעדייט: דער מענש וועט וואוינען ניט אין שטאָדט, נאָר אין דאָרף, וועט ניט זיצען אין דערהיים, נאָר אַרבייטען אין וואַלד, אויפֿ'ן פֿעלד, וועט זעהען די שיין פֿון דער זון, די ערד, דעם הימעל, די חיות; וועט ניט דאַרפֿען צוטראַכטען מיטלען, ווי אַזוי צו בעקומען אַפּעטיט, נאָר וועט דריי מאָל אין טאָג הונגעריג זיין, וועט ניט דאַרפֿען זיך דרעהען אין אַלע זייטען איבער די ווייכע קישענס און צוטראַכטען מיטלען, ווי אַזוי אַנשלאָפֿען צו ווערען; וועט האָבען קינדער, לעבען צוזאַמען מיט זיי, וועט האָבען אַ פֿרייען פֿערקעהר מיט אַלע מענשען, און דער עיקר: ער וועט ניט טהון קיין זאַך, וואָס עס ווילט זיך ניט טהון; וועט ניט מורא האָבען דערפֿאַר, וואָס וועט מיט איהם פּאַסירען, קרענקען, ליידען, שטאַרבען... וועט ער זיי אַלע, אָבער לעבען וועט ער, אָהן צווייפֿעל, גליקליכער".

## 3) דאָס לעבען לויט'ן געוויסען.

ערציהענדיג אין זיך ליעבע צו אַלע, דאַרף דער מענש געדענקען, אַז אָהן מאָראַלישע זיטען, אָהן שטענדיגע טעגליכע מאָראַלישע פֿליכטען, איז קיין גליקליכער לעבען לויט'ן געוויסען, ניט מעג־

ליך. מיר טיילען געוועהנליך איין דאָס לעבען אויף גייסט און חומר, וואָגאַר מענשען פֿון געוויסען, מיינען, אַז מען קאָן מאַטעריעליש פֿיהרען אַ גוט לעבען, עסען, טרינקען, פֿערגעניגען געניסען און דאָס זאָל גאָרניט שאַדען דעם גייסטיגען לעבען אין מענשען. אָבער באמת איז ניט מעגליך קיין לעבען לויטן געוויסען, אויב מען וויל זיך ניט אָבזאָגען פֿון די מאַטעריעלע תענוגים, און דעריבער ווערט בעשאַפֿען דער פעסימיזם און מאָראַלישע מענשען פֿאַלען אַריין אין אַ טראַגישע לאַגע. אויב מען וויל זיך ראַטעווען, אויב מען וויל לעבען מיט אַ אינערליכע רוהע און האַרמאָניע, מוז מען זיך אָבזאָגען אויך פֿון יענע מאַטעריעלע תענוגים, וועלכע מיר האַלטען פֿאַר גוט; פֿריהער פֿון אַלץ מוז ראַדיקאַל געענדערט ווערען די געשלעכטס-בעציהונג. מען דאַרף אויפֿהערען קוקען אויף דער געשלעכטס-ליעבע, ווי אויף עפּעס אַ פּאָעטישע, ערהאַבענע זאַך; מען דאַרף אַנערקענען די ליעבע אַלס אַ נידעריג געפֿיהל און קעמפֿען דערמיט. די גאַנצע ערציהונג פֿון דער היינטיגער קולטורעלער געזעלשאַפֿט איז איינגעאָרדענט אַזוי, אַז די געשלעכטס-תאוה, וועלכע ערוועקט זיך אין מענשען נאָך פֿון די קינדער-יאָהרען, זאָל אידעאַליזירט ווערען, בכיון פֿערקערפּערט ווערען אין פֿערשידענאַרטיגע פֿאָרמען, וועלכע בעשענערען און פֿערברייטערען אויך דאָס דאָזיגע געפֿיהל. מיר זינגען ליעדער לכבוד דער ליעבע, שרייבען ראָמאַנען, בעפּוצען די געשלעכטס-תאוה אין פֿערשידענע פּאָעטישע ציהרונגען, אָבער לויט טאָלסטאָי'ען איז די געשלעכטס-פֿערבינדונג גאָרניט קיין נאַטירליך געפֿיהל. אדרבה, די נאַטור ווייס נאָר פֿון פֿאָלקאָמע צניעות און ריינקייט, און ווען מען זאָל פֿרעגען, זאָגט טאָלסטאָי, יעדעס ריין מיידעל, ווען זי איז גליקליכער געוועזען, צי דאַן, ווען זי איז געוועזען ריין און אונשולדיג, אָדער דערנאָך, ווען זי האָט שוין דורכגעלעבט דעם געשלעכטס-אַקט, וואָלט זי געוויס אָנגעוויזען אויף איהרע ריינע קינדער-יאָהרען, אַלס די גליקליכסטע. דער אַקט איז געגען דער אמת'ער נאַטור, און מיר זעהען, אַז אָפֿטמאָל גערהט דער אַקט איבער אין גאַנצע טראַגעדיעס. יונגע מיידלעך, וועלכע ווילען אינסטינקטיוו ניט פֿערלירען זייער אונשולד און ריינקייט, קעמפֿען געגען דעם אַקט, פֿערגיסען טרעהרען, ווען זיי דאַרפֿען דאָס ערשטע מאָל זיך פֿערבינדען געשלעכטליך מיט דעם מאַנספּערזאָן. דעריבער עצה'ט טאָלסטאָי, איינגאַ-

צעֶן זיך אָבּהאַלטען פון היראַט און בלייבען אין איינזיגער צניעות, הגם דורכדעם מוז זיך ענדיגען דער גאַנצער מענשליכער קיום. אויב אָבער דאָס איז אונמעגליך, דאַן מוז מען לפחות איינפאַכער מאַכען דאָס געפיהל, אויפהערען אידעאַליזירען דאָס, און אַ פרויען־צימער מיט אַ מאַנסבּערזאָן, וועלכע היראַטען, מוזען אַמווינציג־סטענס זיך סטאָרען וואָס מעהר זיך אָבּהאַלטען פון דער געשלעכטס־פערבינדונג, און דער ערשטער בעדינג מוז זיין: פאָלקאָמע טרייהייט ביזן טויט. דער מאַן מוז בלייבען טריי זיין פרוי אַלע יאָהרען, עס טאָרען ניט דערלאָזען ווערען קיין גט׳ן, און פאַר עובר זיין אויף דער טרייהייט, מוז די געזעלשאַפטליכע מיינונג בעשטראָפען לפחות ניט ווינציגער שטרענג, ווי פאַר ניט האַלטען קיין קאָנטראַקט, אָדער ניט צאָהלען קיין וועקסעל. — טאָלסטאָי רעקאָמענדירט אויך זיך אָבּ־האַלטען פון עסען פלייש. ווייל די גלייכגילטיגע בעציהונג צום שעכטען בהמות און עופות ענטוויקעלט אין אונז טהירישע געפיהלען. געפעהרליך איז אויך דאָס רויכערען טאַבּאַק און טאָלסטאָי זעהט דערין די פערקערפערונג פון חטא, והראיה: אַ יונגעל הויבט אָן רויכערען כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען ער פערליִרט זיין אונ־שולד. אָבערנ אָך געפעהרליכער פון אַלץ איז דער אַלקאָהאָל. שטענדיגע שכורים איז דאָ ווינציג, אָבער אין אַ מיטעלער מאָס גע־ברויכען שטאַרקע געטראַנקען די גרעסטע מעהרהייט מענשען, און דאָס איז נאָך געפעהרליכער פון דער שכרות. אַ מענש, וואָס טרינקט קאָן קיינמאָל ניט זיין פאָלקאָם ניכטער, און דער אונניכטערהייט גיט טאָלסטאָי צו אַ גרויסע בעדייטונג. דאָס רוב פון די גרעסטע קינסט־לערישע ווערק ווערען בעשאַפען אין אַ צושטאַנד פון שכרות, אין אוננִיכטערהייט ווערט געטהון כמעט אַלץ, וואָס ווערט בעשאַפען דורך די מאַכט־האָבענדע, דורך די, וועלכע רעגירען מיט אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען. ווען ניט די משקאות, ווען ניט די שכרות, וואָלט לויט טאָלסטאָי׳ס מיינונג זאָגאַר ניט מעגליך געווען קיין מלחמות, ווייל אַלע ווייסען, אַז קיין שום געפאַהר שטעהט קיינעם ניט פאַר, אַז ווען מען זאָל אַליין דאָס ניט וועלען, וועט קיין פאָלק ניט אָנפאַלען אויפ׳ן צווייטען, און נאָר שכורים אין אוננִיכטערע קאָנען רופען יענעם און אַליין געהן צו מיליטער־דיענסט, צו מלחמות.

## 4) ניט געגענשטעלען זיך דעם שלעכטס.

טאָלסטאָי האָט געפֿונען אין עוואַנגעליום אַ זאַץ, וועלכער רעדט וועגען ניט ווידערשטעהן דעם שלעכטס, און ער האָט זיך אָן די ווערטער אָנגעכאַפּט, ווי אין אַ נבואה, ווי אין אַ אונגערוואַרטעטע ענטדעקונג: ניט געגענשטעלען זיך דעם שלעכטס — אָט דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס מען דאַרף. מענשען לייַדען דאָך ניט אַזוי פֿיעל דערפֿון, וואָס מען טהוט ניט דאָס, וואָס נויטיג איז, נאָר מעהר פֿון אַליץ דערפֿון, וואָס מען טהוט יאָ דאָס, וואָס מען דאַרף ניט טהון, און כּדי צו ענדערען דאָס לעבען, דאַרף מען קיין זאַך ניט פֿאַרנעהמען, עס איז נאָר גענוג זיך אָבשטעלען, אַ טראַכט טהון, און אויפֿהערען טהון דאָס, וואָס איז געגען געוויסען און דאַן איז דער מענש געראַטעט. ניט געגענשטעלען זיך דעם שלעכטס, דאָס בעדייַט: קעמפֿף ניט געגען שלעכטס, ניט דורך גוטס, ניט דורך שלעכטס, ניט דורך ווערטער, ניט דורך מעשים, ניט דורך געוואַלדטהאַט, ניט דורך מעשים־טובים, נאָר דורך ניט־טהון. און טאָלסטאָי דערצעהלט אונז אַ מעשה: אַמאָל איז אַ קייזער מיט זיין אַרמעע געקומען אין אַ פֿרעמדער מלוכה, אַ לאַנד פֿון בלויז „נאַראָנים“, און געוואָלט דאָס איינגעהמען. זענען געקומען די סאָלדאַטען פֿון ערשבער־קייזער אין איין דאָרף, זענען אַרויסגעשפּרינגען די „נאַראָנים“, קוקען אויף די סאָלדאַטען און וואונדערען זיך. די סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען ראַבעווען, די פּיה הרג׳ענען, נאָר די נאַראָנים שווייגען און קיינער שטעלט זיך ניט אַנטקעגען. די סאָלדאַטען זענען אַוועק אין אַ צווייטען דאָרף, נאָר אומעטום איז דאָס זעלבע: די נאַראָנים ווערען זיך ניט, גיבען אַליץ אָב און בעטען נאָך די סאָלדאַטען צו זיך: אויב אייך איז שלעכט ביי זיך, קומט צו אונז, מיר וועלען אייך אויפֿנעהמען. דאַן איז די סאָלדאַטען לאַנגווייליג געוואָרען, זיי זענען אַוועק צו זייער קייזער און געזאָגט: מיר קאָנען ניט, קייזער, מלחמה פֿיהרען, ווייל קיינער שטעלט זיך ניט אַנטקעגען. דער קייזער איז אין כּעס געוואָרען און געהייסען די סאָלדאַטען דאָס גאַנצע לאַנד פֿון די נאַראָנים דורכגעהן, אַליץ חרוב מאַכען, ברענען, הרג׳ענען, ראַבעווען. זענען ווידער אַוועק די סאָלדאַטען, אַליץ אָנגעהויבען ברענען און פֿערניכטען, נאָר די נאַראָנים האָבען ווייטער זיך אַנטקעגען ניט געשטעלט און נאָר געוויינט. עס האָבען געוויינט אַלטע

לייט, עס האָבען געווײנט קליינע קינדער. פאַרוואָס בעלײדיגט איהר אונז? נאָך וואָס מאַכט איהר פון גוטס אַ תל? אויב איהר דאַרפט, געהמט דאָס חאָטש פאַר זיך. — די סאָלדאַטען האָבען דאַן ווײטער ניט געקאָנט געהן, זיי איז אומעטיג אויפ'ן האַרצען געוואָרען און די גאַנצע אַרמעע איז זיך פונאַנדערגעלאָפען... כדי צו בעפרייען זיך פון אַלע אומגליקען, וועלכע די מאַכט ברענגט מיט זיך, איז דעריבער וויכטיג נאָר איין זאַך: ניט פאָלגען און ניט געגענשטעלען זיך. מען קאָן פערשקלאַפען נאָר מענשען, וועלכע ענטפערען אויף גע-וואַלדטהאַט מיט געוואַלדטהאַט, וועלכע שטעלען זיך אַנטקעגען, אָבער מענשען, וועלכע נעהמען ניט קיין אַנטייל אין קיין געוואַלד-טהאַט און שטעלען זיך ניט געגען שלעכטס, קאָנען ניט פערשקלאַפט ווערען. מען קאָן פערפאָלגען, יסורים אָנטהון, פערוואונדען, הרג'ענען אַ מענשען, אָבער עס איז אונמעגליך צו צווינגען איהם, ער זאָל טהון געגען זיין ווילען, און די קאַפּיטאַליסטען וואָלטען קיינמאָל ניט געקאָנט הערשען איבער די אַרבייטער, ווען די לעצטע זאָלען אַלײן ניט מיטהעלפען דערצו, ווען די אַרבייטער זאָלען נאָר זיך ניט אַנטקעגען שטעלען. עס וואָלטען אויך קיין מלחמות אויף דער וועלט ניט געקאָנט זיין, ווען די סאָלדאַטען זאָלען ניט פאָלגען און פאַסיוו איבערטראָגען די גרעסטע יסורים, אַבי ניט טהון געגען דעם געוויסען. די קאַפּיטאַליסטען, רעגירער, הערשער און אַלערליי עקספּלאָאַטאַטאָרען פון מענשליכע אַרבייט און קראַפט וואָלט אונ-מעגליך געוועזען צו פיהרען ווייטער אַ קאַמפּף, זיי וואָלטען „אומעטיג" געוואָרען, און כוף-כל-סוף וואָלטען זיי געמוזט אַראָבלאָזען די הענד און טהון דאָס איינציגע, וואָס זיי קאָנען: לעבען גלייך מיט אַלע, אָבגעבען זיך אין נאָמען פון דער אַלגעמיינער ליעבע.

5) יעדע מאַכט מוז אָבגעשאַפט ווערען.

יעדער אַרט פון מאַכט דאַרף אָבגעשאַפט ווערען; די בעסטע מענשען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט זענען שוין יעצט געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די ערד קאָן ניט זיין קיין פּריוואַט-אייגענ-טום פון איינצעלנע מענשען, אַז עס טאָר ניט עקזיסטירען קיין שום אונגלייכהייט צווישען פעלקער און קלאַסען, אַז קיין שום הער-שאַפט פון אַ מענשען איבער אַ מענשען טאָר ניט דערלאָזען ווערען. און עס איז נויטיג, אַז דער אמת, וועלכען עס פּרעדיגען יעצט

די בעסטע מענשען, זאָל ווערען אַ אַלגעמיינער בעוואוסטזיין און זאָל זיך פעסטשטעלען אין אַ רעליגיעז געפיהל. אָבער דאָס קאָן ניט געשעהן ווערען מיט געוואַלד, ווייל יעדע קראַפט, וועלכע וועט אַראָבוואַרפען די יעצטיגע מאַכט, וועט דערנאָך אַליין ווערען אַ מאַכט. געגען געוואַלדטהאַט קאָן מען ניט ווירקען דורך געוואַלדטהאַט, נאָר דורך אַ פּאַסיווען ווידערשטאַנד, ד. ה. מען דאַרף אָנהויבען ניט פון ענדערען די פאָרמען פון לעבען, נאָר פון זיך, פון אייגענעם רעליגיעזען בעוואוסטזיין, און ווען אַלע מענשען וועלען לעבען מיט דעם רעליגיעזען בעוואוסטזיין, אַז זיי זענען קינדער פון איין גאָט, אַז די קראַפט, וועלכע גיט זיי לעבען, איז די אַלגעמיינע ליעבע, דאַן וועלען די פאָרמען פון לעבען שוין בממילא פון זיך אַליין געענדערט ווערען און דאָס וועט געשעהן ווערען לייכט, אָהן קראַפט, אָהן געוואַלדטהאַט. די איצטיגע ליבעראַלען פון פערשיעדענע ריכטונגען מיינען, אַז דער עיקר איז די פאָרם פון דער מלוכה־הערשאַפט, אַז ווען עס וועט שוין איינגעפיהרט ווערען אַ קאָנסטיטוציע אָדער אַ רעפובליק, וועט דאָס פאָלק געהאָלפען ווערען. דאָס איז אָבער אַ גרויסער טעות. געווים, ביי אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג אָדער אַ רעפובליק עקזיסטירען ווייניגער געוואַלדטהאַטען, אָבער דערפון ווערט נאָך דאָס לעבען ניט פרייער, בעסער, מאָראַלישער. און אויב מען שאַפט אָב איניגע געזעצען, וועלכע דריקען דאָס פאָלק, קומען אויף זייער אָרט אַנדערע, ניט בעסערע געזעצען. ניט גערעכט זענען אויך די סאָציאַליסטען און רעוואָלוציאָנערען, ווייל ערשטענס וועלען זיי קיינמאָל גאָרניט אויספיהרען, דען מיט געוואַלדטהאַט וועט מען ניט אַראָבוואַרפען די יעצטיגע רעגירונגען, וועלכע זענען גוט בעוואָפענט און בעזיצען אַ גרויסע טעכנישע קראַפט; צווייטענס, ווילען זיי בענוצען געוואַלדטהאַט געגען געוואַלדטהאַט, און אַזעלכע מיטלען זענען, לויט טאָלסטאָי'ס טעאָריע, שעדליך און אונמאָראַליש. פריהער פון אַלץ דאַרף געענדערט ווערען דאָס בעוואוסטזיין פון יעדען איינציגען מענשען. דאָס דאַרף דויערען הדורות־לאַנג און פאָדערט פון מענשען אַ גרויסע זיינערליכע אַרבייט און קאַמפף מיט זיך אַליין; דעריבער שטרעבען טאַקי מענשען נאָר צו ענדערען די פאָרמען פון לעבען, ווייל דאָס קאָסט גאָרניט, דאָס גיט זיך איין לייכט און יעדער מענש ספּרט דערמיט אָב זיין אינערליכען געוויסען. דער מאָמענט וועט אָבער מוזען קומען, און דאַן וועט פון זיך אַליין פאַלען יעדע מאַכט, יעס

װעלען בטל װערען די יעצטיגע מלוכה־אָרדנונגען און מענשען װעלען לעבען פֿרײַ און לויט זײער געװיסען.

דער אידעאַל פֿון טאָלסטאָי׳ען איז אויף אַזאַ אופֿן: אין פֿער־זענליכען לעבען — די האַרמאָנישע פֿעראײניגונג מיט דער נאַטור און דער שטימע פֿון געװיסען, װאָס רופֿט די אײנפֿאַכקײט און ליבע צו דער גאַנצער װעלט; אין געזעלשאַפֿטליכען לעבען — די אָבשאַפֿונג פֿון יעדער קנעכטשאַפֿט און אונגלײַכהײט צװישען פֿעלקער און קלאַסען; אין מלוכה־לעבען — די אָבשאַפֿונג פֿון יעדער הערשאַפֿט, אַ מין רעליגיעזער אַנאַרכיזם. טאָלסטאָי איז זיכער, אַז מיר שטעהען פֿאַר אַ גרויסע איבערקערעניש, אַז דאָס שלעכטס פֿון דער קולטור און דער דרוק פֿון דער מענשליכער קנעכטשאַפֿט האָבען זיך דערגרײכט צו אַזאַ שטופֿע, פֿון װעלכער עס מוז זיך אָנהויבען אַ רעליגיעזע רעװאָלוציע, און עס איז גענוג, אַז דער מענש זאָל אַ „טראַכט טהון", זיך אָבשטעלען און פֿרעגען זיך, צי לעבט ער, װי עס דאַרף צו זײַן, אום אין זײַן פֿערזענליכען לעבען זאָל זיך אָנהויבען אַ רעליגיעזע איבערקערעניש, און דאַן איז דער מאָמענט נאָהענט, דאַן מוז קומען די בעפֿרײַהונג פֿון דער מענשהײט.



# טאָלסטאָי אין פּריוואַט־לעבען.

ווי אַזוי טאָלסטאָי האָט געקעמפּפט געגען זיינע תאוות. — דער צוזאַמענשטויס מיט זיין פאַמיליע. — טאָלסטאָי שרייבט אָב זיין פערמעגען. — טאָלסטאָי'ס ענטלויפען פון דער היים. — דער פרישער פחד פאַר'ן טויט. — טאָלסטאָי'ס בריעף צום קייזער אַלעקסאַנדער דעם דריטען. — „איך קאָן נישט שווייגען". —

פּובליקום האָט געוועהנליך ליעב צו חאַפּען אַ קוק אין שלאָף־צימער פון גרויסע מענער, אַריינקריכען אין זייער פּריוואַטען אינערליכען לעבען און אַרויסטראָגען פאַר דער גאַס זייערע אינטימסטע איבערלעבונגען. ווען דאָס ווערט געטהון בלויז אויס נייגיעריגקייט, ערוועקט דאָס עקעל. אָבער וואָס אָנבעלאַנגט טאָלסטאָי'ען, מוז מען דאָ מאַכען אַן אויסנאַהם. טאָלסטאָי איז ניט בלויז אַ גרויסער קינסטלער און דענקער געוועזען, נאָר אויך אַ גרויסע פּערזענליכקייט. טאָלסטאָי אַן־און פאַר זיך איז אַ אויסערגעוועהנליכע קולטורעלע ערשיינונג, וועלכע האָט געשפּיעלט אַ וועלט־ראָלע, און ווען מען האָט זיך אינטערעסירט אָהן אויפהער מיט זיין פּריוואַטען לעבען, איז דאָס ניט געשעהען קיין פּוסטע נייגיעריגקייט, נאָר אַן אמת'ער אינטערעס. די וועלט האָט געהאַט דאָס רעכט צו וועלען וויסען ניט נאָר, וואָס טאָלסטאָי שרייבט און דענקט, נאָר אויך וואָס ער טהוט, ווי ער לעבט, ווייל דער, וואָס האָט געפּרעדיגט, אַז די רעוואָלוציע פון דער מענשהייט דאַרף זיך אָנהויבען פון מענשען, פון יעדען יחיד בעזונדער, האָט אַליין פריהער פון אַלץ געמוזט ווייזען אַ ביישפּיעל פון אַ ניי לעבען לויט זיין אייגענער אמונה, מיט זיין אייגענער פּערזאָן דורכמאַכען אַ וועג פאַר זיין לעהרע.

ווי־זשע האָט טאָלסטאָי געלעבט אין זיין פּערזענליכען לעבען נאָך דעם קריזיס, וועלכען ער האָט איבערגעלעבט אין די 70־ער יאָהרען? האָט זיך איהם איינגעגעבען צו פערווירקליכען כאָטש אַ טייל פון זיין גלויבען, אָנהויבענדיג פון זיך אַליין? די אויסערליכע לעבענס־בעשרייבונג פון טאָלסטאָי'ען נאָכ'ן קריזיס איז איינ־

פֿאַך און קורץ: ער האָט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך זײַנע אייראָפּעאישע מלבושים, אָנגעטאָן אויף זיך די מלבושים פֿון אַ מוזשיק, אָנגעהויבען אַרבײַטען אײַנפֿאַכע פּויערשע אַרבײַט אויפֿ'ן פֿעלד, זיך אָבגעזאָגט פֿון ווײַן, טאַבאַק, געיעג, פֿלייש א. ד. גל.; שפּעטער — אויך פֿון זײַן גאַנצען פֿערמעגען, אָנגעשריבען נײַע עטליכע ווערק, אָבגעלעבט נאָך אַ פּאָר צענדליג יאָהרען און געשטאָרבען. אָבער עס איז גענוג צו דערמאָהנען זיך, ווי אַזוי טאָלסטאָי האָט געלעבט אין זײַנע יונגע יאָהרען, גענוג צו דערמאָהנען זיך, אַז טאָלסטאָי איז בטבע געווען אַ מענש מיט רײַכע אינסטינקטען, שטאַרק־ענטוויקעלטען עגאָאיזם און שטאָלץ, אום צו פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ מוראדיגען קאַמפּף מיט זיך און מיט אַנדערע דער מענש האָט געמוזט אויסשטעהן, וואָס פֿאַר אַ גרויסע ראָלע עס האָט זיך געמוזט אָבשפּיעלען אין זײַן נשמה.

לאָמיר ניט פֿערגעסען, אַז טאָלסטאָי איז געוועזען אַ גרויסער בעל־עבירה אין זײַנע יונגע יאָהרען. זײַן ביאָגראַף בירוקאָוו דערצעהלט: נאָכדעם ווי טאָלסטאָי האָט זיך ערקלערט אין ליעבע זײַן קינפֿטיגער פֿרוי סאָפֿיאַ אַנדרעיעווגאַ, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט באַקומען איהר אײַנשטימונג און ער האָט געדאַרפֿט הייראַטען, האָט ער זײַן יונגע כלה אַוועקגערופֿען אָן אַ זײַט און איהר אָבגעגעבען זײַן טאַגע־בוך, וועלכען ער האָט געפֿיהרט עטליכע יאָהר. אין דעם טאַגע־בוך זענען געווען בעשריבען אַלע זײַנע זינד פֿון די בחור־יאָהרען, אַלע אינערליכע שטורמען און יוגענד־עבירות, וועלכע טאָלסטאָי האָט איבערגעלעבט. די כלה האָט לייענענדיג דעם טאַגע־בוך פֿיעל טרעהרען פֿערגאָסען, נאָר איהר ליעבע צו טאָלסטאָיען האָט פֿאָרט גובר געווען און זי האָט איהר וואָרט צוריק ניט גענומען. דאָס איז געווען אין יאָהר 1362. מיט 31 יאָהר שפּעטער, ד. ה. אין יאָהר 1893, געפֿינען מיר אין טאָלסטאָי'ס טאַגע־בוך פֿאָלגענדע ווערטער: „איך לעב איבער טײַוולאַנישע יסורים; מיר קומען אויפֿ'ן זכרון די אַלע נידערטרעכטיגקײַטען פֿון מײַן פֿריהעריגען לעבען. די דאָזיגע ערינערונגען לאָזען מיך ניט צו־רוה, זיי פֿערגיפֿטען מיר דאָס לעבען". ווי גרויס האָבען געמוזט זײַן די זינד פֿון שפּעטערדיגען גרויסען בעל־תשובה, ווען נאָך 31 יאָהר האָט ער זיך נאָך ניט געקאָנט בערוהיגען! צי זאָגט דאָס אונז ניט, אַז ווען טאָלסטאָי האָט פּאַקטיש איבערגעקעמפֿט זײַן „זינדיגע" נאַטור, איז ער אין

האַרצען נאָך פֿערבליבען אַ בעל־עבירה און געשפּירט אויף זיך די שליטה פֿון יענע תאוות, געגען וועלכע ער האָט אַזוי לאַנג און שווער געקעמפּפט?

אַ כאַראַקטעריסטישען עפּיזאָדע פֿון טאָלסטאָי'ס לעבען דערצעהלט אונז איינער פֿון זיינע נאָהענטסטע פֿריינד, פֿירשט אָבאָלענסקי: איינמאָל אין אָווענד קומט טאָלסטאָי צופֿאָהרען רייטענדיג, אַ צורייצטער און אויפגערעגטער, צו זיינע פֿריינד און ערקלערט, אַז ער פֿערלאָזט רוסלאַנד אויף שטענדיג, אַז ביי די איצטיגע בעדינגונגען איז אונמעגליך צו לעבען אין רוסלאַנד. איהם האָט מען מיט געוואַלד בערוהיגט און ביסלעכווייז איינגעשטילט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָ איז חלילה קיין שרעקליכעס ניט געשעהען אין דער גאַנצער כּעס נעהמט זיך דערפֿון, וואָס געגען טאָלסטאָי'ען איז פֿערפֿיהרט געוואָרען אַ פּראָצעס דערפֿאַר, וואָס זיינער אַ ביק האָט דערהרגעט אַן אַרבייטער. דאָס האָט טאָלסטאָי געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסע בעליידיגונג און ערנסט געטראַכט אַנטלאָפֿען פֿון רוסלאַנד...

די געשיכטע איז געשעהען אין אָנפֿאַנג פֿון די 70־ער יאָהרען, ווען טאָלסטאָי האָט שוין אָנגעהויבען איבערלעבען זיין אינערליכען קריזיס, וועלכער האָט איהם געבראַכט צו זיין נייער רעליגיע, פֿון דערמאָהנען מיר זיך אָן דעם שפּעטערדיגען טאָלסטאָי, וועלכער האָט געפּרעדיגט הכנעה, ליידען און עניות, זעהט אויס די גאַנצע מעשה גענוג קאָמיש. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז דער געבוירענער שטאָלץ טאָלסטאָי'ס, זיין נייגונג גיך אויפגערעגט צו ווערען און ענערגיש רעאַגירען אויף יעדע מינדעסטע בעליידיגונג. עס איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלען, וויפֿיעל אינערליכע קרעפֿטען טאָלסטאָי האָט געמוזט אָנווענדען געגען זיך אַליין, אום צו דערשטיקען זיין עגאָאיזם און געבוירענע גאוה, און מיר ווייסען דאָך, ווי שווער עס איז אָנגעקומען טאָלסטאָי'ען איבערצוקעמפּפֿען זיינע אַלטע געוואָהנהייטען און תאוות. טאָלסטאָי איז געווען ווייט פֿון אַסקעטישע געפֿיהלען. שוין נאָכ'ן קריזיס בעת זיינע עלטערע יאָהרען, האָט טאָלסטאָי שרעקליך ליעב געהאַט אַרומפֿאָהרען פֿיעל וויאָרסט אויף אַ וועלאָסיפּעד, פֿאָהרען רייטענדיג, שפּאַצירען שעהנווייז אין טיעפֿען וואַלד, שפּיעלען מיט קינדער, שווימען אין טייך און מקנא זיין, ווען ער האָט געזעהען, ווי יונגע קינדער קלעטערען און שפּרינגען און ער קען דאָס ניט טהון. די דאָזיגע געזונדע חושים, די זעלטענע

לעבעדיגע געפיהלען זענען איהם געבליבען ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען, און עס איז לייכט זיך פארצושטעלען, ווי שווער עס איז פאר איהם געוועזען זיך אבצוזאגען פון זיינע איינגעבארענע תאוות. מיר וויסען, ווי שווער עס איז פאר איהם פאראיבער דער גרויס אליין, ווי ער פלעגט אין די נעכט טרעהרען פערגיסען און פייניגען זיך, אבער נים לייכטער איז איהם געוועזען אויך נאך זיין גייסטיגען איבערקעהרעניש.

אויף יעדען שריט און טריט האט ער געמוזט ראנגלען זיך און קעמפפען. האט ער אויפגעהערט רייכערען, האט ער א צייט נים געקאנט געפינען קיין ארט פאר זיך, ארומגעלאפען פון שטוב צו שטוב, געזוכט פערשידענע מיטלען, איידער ער האט אין זיך גובר געוועזען די תאוה. דאס זעלבע איז געוועזען, ווען ער האט בעשלאסען אויפהערען טרינקען, פלייש עסען, און נאך שווערער איז איהם אנגעקומען דאס אבזאגען זיך פון געיעג, וועלכען ער האט אזוי ליעב געהאט. זיין ענגלישער ביאגראף מאאד דערצעהלט אונז וועגען דעם א ריהרענדען עפיזאד: אין די 80-ער יאהרען, נאכדעם ווי טאלסטאי האט שוין געהאט בעשלאסען אבזאגען זיך פון די אלע תענוגים, וועלכע זענען לויט זיין איבערצייגונג איבעריג געוועזען, האט איינמאל די תאוה פון געיעג, צו וועלכען ער איז געוועהנט געוועזען פיעל יאהרען, אזוי ווייט איהם בעוועלטיגט, אז ער האט ווי א וואהנזיניגער פון ארט זיך אויפגעהויבען, געכאפט אויפ'ן קאפ זיין טאכטערס הוט, וועלכע איז איהם געוועזען צו דער האנד, און אין אזא משוגע'דיגען אויסזעהן געשווינד אוועק אין וואלד אריין, פון וואנען ער האט פארנאכט געבראכט א דער'הרג'עטען פויגעל. דאס איז געוועזען דאס לעצטע מאל, וואס טאלסטאי האט זיך אונטערגעגעבען זיין תאוה צו געיעג, און פון דאמאלס אן האט ער זיך שוין בערוהיגט.

אבער נאך פיעל שווערער איז פאר טאלסטאי'ען געוועזען דער קאמפף מיט אנדערע, מיט דער ארומיגער וועלט.

ער, וועלכער האט אזוי ענערגיש געפרעדיגט, אז פריוואט-אייגענטום איז מעהר ניט, ווי א אבערגלויבען, אז געלד און ערד-אייגענטום זענען א קללה פאר דער מענשהייט, האט פריהער פון אלץ געדארפט אנהויבען אליין פערווירקליכען דעם אמת, אליין אבזאגען זיך פון זיין גרויסע אימעניע, פון זיין פערמעגען און

צוטיילען דאָס. און מיר ווייסען, אַז טאָלסטאָי האָט מיט'ן גאַנצען האַרצען געוואָלט אָבזאָגען זיך פון זיין אייגענטום, צוטיילען האָס צווישען די פויערען און אַליין אַוועק וואַנדערען איבער דער גרויסער וועלט, פערלאָזען זיין הויז, זיינע קינדער, זיין פאַמיליע. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען די דראַמע. די פראַקטישע, איינפאַך-„מענשליכע" גרעפין סאָפיאַ אַנדרעיעווּנאַ, וועלכע האָט פערגעטערט איהר גרויסען מאַן, נאָר ניט געקאָנט בעגרייפען זיין לעהרע, האָט אויפגעהויבען אַ ענערגישען פראָטעסט געגען דעם. ווי אַ איינפאַכע ליעבענדע מוטער האָט איהר האַרץ ניט געקאָנט פערטראָגען, אַז איהרע קינדער זאָלען בלייבען אָהן אַהיים, אָהן אייגענטום, און ווי אַ פראַקטישער מענש האָט זי אַרויסגעשטעלט געגען טאָלסטאָי'ס פערלאַנג אַ וויכטיגע טענה: מיר וועלען צוטיילען אונזער האָב און גוטס, נאָר ווער וועט דערפון געניסען? די מענשהייט? צו קליין איז אונזער פערמעגען, אַז אַ גרויסער טייל מענשען זאָל דערפון געהאָלפען ווערען, העכסטענס וועלען דערפון אויפגעריכט ווערען עטליכע מענשען, נאָר ווי באַלד אַזוי, מיט וואָס זענען ערגער אונזערע אייגענע קינדער, איידער אַנדערע? פאַר-וואָס זאָל אונזער פערמעגען אַריינפאַלען אין פרעמדע הענד, צו עטליכע פויערען און אונזערע זיהן זאָלען דאַרפען מיט די טאָרבעס אַרומגעהן?

עס האָט זיך אָנגעהויבען דער ערשטער ערנסטער צוזאַמענשטויס צווישען טאָלסטאָי'ען און זיין אייגענע פאַמיליע. דער יונגער ברודער פון דער גרעפין, בערס, שרייבט וועגען יענער צייט: „ליעוו ניקאָלאַיעוויטש האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך געוואָלט בעפרייען פון זיין אייגענטום, ווי פון אַ שלעכטס, וועלכעס האָט איהם ביי זיינע איבערצייגונגען געפייניגט; אָבער ער איז בעגאַנגען אַ אונרעכט, וועלענדיג איבערטראָגען דאָס שלעכטס אויף אַ צווייטען, ד. ה. דורכאויס צוטיילען זיין פערמעגען, ווייל דערמיט וואָלט ער בעשאַפען אַ אַנדער שלעכטס: אַ ענערגישען פראָטעסט און גרויסע אונצופריעדענהייט פון זיין פרוי. צוליעב דעם פראָטעסט האָט טאָלסטאָי פאָרגעלעגט זיין פרוי אָבצושרייבען דאָס פערמעגען אויף איהר נאָמען, און ווען זי האָט זיך דערפון ענטזאַגט, האָט ער דאָס פאַרגעלעגט די קינדער, נאָר אָהן ערפאָלג".

טאָלסטאָי'ס טעאָריע וועגען ניט ווירקען מיט געוואַלדטהאַט געגען געוואַלדטהאַט האָט איהם ניט ערלויבט מיט געוואַלד צוטיילען

זיין פערמעגען געגען ווילען פון זיין פרוי און קינדער. ער האט לפחות געוואלט ווערען אויס איינגענטימער און פערגעלעגט זיין פרוי און קינדער אבצושרייבען דאס פערמעגען אויף זייער נאמען, נאר יענע האבען דערויף ניט מסכים געווען. טאלסטאי האט זיך אזא לאגע ניט געקאנט איבערטראגען און צווישען איהם און זיין פאמיליע זענען געווארען אנגעשטרענגטע בעציהונגען.

דער זעלבער בערס שרייבט וועגען די בעציהונגען: „יעצט בעציהט זיך ליעוו ניקאלאיעוויטש צו זיין פרוי מיט עטוואס פאר־וואורף און זאגאר אונצופרידענהייט, בעשולדיגענדיג זי, וואס זי האט איהם געשטערט צוצוטיילען זיין פערמעגען און ערציהט ווייטער די קינדער אין פריהערדיגען גייסט. די פרוי ווידער האלט, אז זי איז געערגעט, און בעקלאגט זיך אויף דער בעציהונג פון מאן צו איהר. אין איהר האט זיך ניט־ווילענדיג ענטוויקעלט א פחד און עקעל צו טאלסטאי'ס לעהרע און איהרע פאלגען. צווישען זיי איז זאגאר געווארען א טאן פון געגענזייטיגען ווידערשפרוך, אין וועלכען עס הערען זיך טענות און פארוואורפען פון איינעם צום צווייטען. צוטיילען דאס פערמעגען פרעמדע מענשען און לאזען די קינדער איבער דער וועלט גיהן, ווען קיין אנדערער וויל דאס זעלבע ניט טהון, האלט די פרוי פאר אונמעגליך און אלס מוטער האלט זי פאר איהר חוב דאס ניט צו דערלאזען.

— מיר איז יעצט שווער — האט וועגען דעם געשריבען די גראפין אין א בריעף — איך מוז יעצט טהון אלץ, וואס פריהער בין איך נאר געווען זיין געהילף. דאס פערמעגען און די ערציהונג פון די קינדער — אלץ ליגט אויף מיינע פלייצעס. מיך אבער בעשולדיגט מען דערין, וואס איך טהו דאס און גיה ניט איבער דער וועלט נדבות בעטען! צי וואלט איך ניט געגאנגען מיט איהם, ווען איך זאל קיין קליינע קינדער ניט האבען? און ער האט אלץ פערגעסען צוליעב זיין לעהרע".

אלץ איז פאלוויפיג געבליבען אין טאלסטאי'ס הויז, ווי געהען. אבער דער פערלאנג צו פערלאזען אלץ, צורייסען מיט אלע און אוועק אין פעלד, צו די ארימע מאסען, האט טאלסטאי'ען א צייט ניט פערלאזען. אויף איהם פלעגט אפט אנפאלען א מעלאנכאליע, ווען ער האט מיט קיינעם ניט געוואלט רעדען, זיך אבגעזונדערט אין

זײַן צימער און גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, אַ שווײַגענדיגער. אײנמאָל, דעם 18-טען יוני 1884, פּונקט אין דעם טאָג, ווען טאָלסטאָי'ס פֿרוי האָט אים געבוירען זײַן טאָכטער אַלעקסאַנדראַ, האָט טאָלסטאָי איבערגעלעבט אַ שווערען מאָמענט, אויף אים איז אָנגעפֿאַלען אַ גרויסע בענקשאַפֿט און אַ שרעקליכע סצענע איז דאַן פֿאָרגעקומען צווישען אים און דער פֿרוי. מיט אַ טאָג פֿריהער פֿאַר דעם געבורט פֿון דער טאָכטער, האָט טאָלסטאָי אַ ברוגזער און גרויזאַמער פֿערלאָזען זײַן היים און ערקלערט, אַז בײַ אַזאַ לוקסוס אין זײַן הויז, בײַ אַזעלכע בעדינגונגען קאָן ער ניט לעבען און ער געהט אַוועק. וואוהין ער איז אַוועק און צי ער וועט נאָך צוריקקומען, אָדער ניין, דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. אין דער פֿריה 5 אַ זייגער דעם קומענדיגען טאָג איז ער צוריק געקומען און אַ שווײַגענדער אַרײַן צו זיך אין קאַבינעט. די פֿרוי, וועלכע האָט געהאַלטען אַ מאָמענט פֿאַרן געבוירען דאָס קינד, איז אַרײַן צו אים אין קאַבינעט. זי האָט זיהם געפֿרעגט: „מיט וואָס האָב איך דאָס אַזוי געזינדיגט, אַז איך זאָל אַזוי שווער בעשטראָפֿט ווערען? מײַן גאַנצע שולד בעשטעהט דערין, וואָס איך האָב זיך ניט געביטען און די יאָ". טאָלסטאָי איז געשטאַנען אַ פֿערמאַטערטער, געשוויגען און מיט קײן איין וואָרט זי ניט געטרייסט. זי איז אַרויס פֿון צימער און כמעט תיכף אין דעם זעלבען מאָמענט געבוירען דאָס קינד.

טאָלסטאָי האָט שטיל געליטען און געשוויגען, נאָר דער געדאַנק וועגען צוטיילען דאָס פֿערמעגען האָט אים ניט פֿערלאָזט און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די פֿרוי האָט שוין געהאַט בדעה צו בעטען די רעגירונג, אַז מען זאָל בעשטימען אַ אַפּוטרופּסות אויף זײַן פֿערמעגען. די פֿראַגע איז ענדליך געלעזען געוואָרען אין 1901. די פֿרוי האָט מסכים געווען איבערצונעהמען דאָס גאַנצע פֿערמעגען טאָלסטאָי'ס, אָבער נאָר מיט דעם בעדינג, אַז ער זאָל איהר געבען אַ פֿאָלקאָמענע בעפֿולמעכטיגונג אויף אַלע זײַנע ווערק, אויסער די לעצטע, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען אין גייסט פֿון זײַן לעהרע. טאָלסטאָי האָט אָבגעשריבען זײַן אימעניע צווישען נאָמען פֿון דער פֿרוי און קינדער, וועלכע ער האָט געגעבען כמעט גלײַכע חלקים, און אין דער זעלבער צײַט האָט ער פֿערעפֿענטליכט, אַז אַלע זײַנע ווערק, פֿון 1881 און ווײַטער געהערען דער געזעלשאַפֿט און ער ווערט אויס בעל הבית איבער זיי.

אויף אַזאַ אופן איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָמפּראָמיס. טאָל־סטאָי האָט זיין פערמעגען ניט צוטיילט, נאָר ער איז געוואָרען אויס בעל הבית, געוואָרען ביי זיך אין דער־היים אַ פּרעמדער און געלעבט ווי אַ גאַסט ביי זיין פרוי און קינדער. דער דאָזיגער קאָמפּראָמיס האָט אַרויסגערופען ביי טאָלסטאָי׳ס קריטיקער מערעזשקאָווסקי שאַרפע ווערטער געגען דעם, וועלכער האָט געלערנט אַנדערע צו לעבען אין אָרימקייט און אָהן אייגענטום, און אַליין ניט געהאַט קיין כח צו פערווירקליכען זיין אידעע און ווערען אַ נע־ונד׳ניק און זיך אויך דער וועלט לאָזען. „צי איז דאָס ניט קיין איראָניע, שרייט אויס מערעזשקאָווסקי, צי איז דאָס ניט קיין בעזער שפּאַס פון איהם אַליין, פון אונז און פון קריסטוס׳עס לעהרע? און אויב דאָס האָט נאָך עפּעס אַ זינן פאַר׳ן געוועהנליכען מענשליכען משפט, איז פאַר גאָט׳ס משפט, וואָס זשע בלייבט: האָט ער ערפילט קריסטוס׳עס געבאָט, אָדער ניט ערפילט, האָט ער צוטיילט זיין אימעניע, אָדער ניין? דאָ קאָנען ניט זיין קיין צוויי ענטפערען, דאָ איז ניטאָ קיין פשרה, דאָ בלייבט נאָר איינס: אָדער יאָ, אָדער ניין״. דער שטרענגער קריטיקער מערעזשקאָווסקי האָט ניט געוואָלט פערשטעהן, אַז אָפט־מאָל איז פאַר אַ מענשען פיעל שווערער און טראַגישער זיך האַלטען ביים „יאָ״ מיט׳ן „ניין״ צוזאַמען, איידער ביים בעשטימטען יאָ, אָדער בעשטימטען ניין.

דער קאָמפּראָמיס, אויף וועלכען טאָלסטאָי איז איינגעגאַנגען, האָט פריהער פון אַלץ בעשאַפען אַ טראַגישע לאַגע פאַר איהם אַליין. צו טאָלסטאָי׳ען, אויף וועלכען אַנדערע האָבען געקוקט ווי אויף אַ גוטמוטיגען בורזשוי־פילאַנטראָפּ, פלעגען טויזענדער מענשען זיך ווענדען נאָך הילף, און, נאַטירליך, האָט טאָלסטאָי זייערע בקשות ניט ערפילט, ערשטענס, ווייל ער איז דאָס ניט אימשטאַנד געווען צו טהון און צווייטענס, ווייל טאָלסטאָי האָט ניט געשפּירט אין זיך קיין חוב צו ערפילען די בקשות פון שנאָרער, וועלכע האָבען געוואָלט אויסנוצען זיין לעהרע פאַר זייערע קליינליכע אייגענע אינטערעסען. אָבער ניט זעלטען פלעגט זיך מאַכען, אַז צו טאָל־סטאָי׳ען האָט זיך געווענדעט נאָך הילף ניט קיין שנאָרער, נאָר מענשען, וועלכע האָבען ווירקליך זיך גענויטיגט אין הילף, אַמאָל אויך אָנ־הענגער פון טאָלסטאָי׳ס רעליגיע, פאַר וועלכע טאָלסטאָי איז געווען די לעצטע רעטונג, נאָר אויך יענע האָט טאָלסטאָי ניט געקאָנט

און ניט געוואָלט העלפֿען און אָפֿט פֿלעגען פּאַרקומען ביי אַזאַ געלעגענהייט קאָמיש־טראַגישע סצענעס.

וועגען אַזאַ סצענע דערצעהלט איינער פֿון טאָלסטאָי'ס נאָהענטע תּלמידים.

צו טאָלסטאָי'ען איז אַמאָל געקומען אַ יונגער סעמינאַריסט מיט אַ געשריבענעם והי׳ אין דער האַנד, אין וועלכען ער וואָס דערצעהלט, ווי אַזוי זינדיג ער האָט ביזהער געלעבט, ווי אַזוי ער האָט געוואָלט ענדיגען די סעמינאַריע, כּדי צו מאַכען אַ לייכטע קאַריערע, נאָר דערנאָך האָט ער איינמאָל עפּעס אַ חלום געזעהען, פֿאַר איהם האָט זיך מיט אַמאָל ענטדעקט די פֿאַלשקייט פֿון זיין לעבען און ער האָט בעשלאָסען אָנהויבען אַ ניי לעבען. יעצט — האָט דער סעמינאַריסט זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען, — האָב איך בעשלאָסען ניט לערנען זיך מעהר אָבצונאַרען דאָס פֿאָלק און ליגען אויף זיינע פּליצעס... העלפֿט מיר נאָר צו מאַכען אַ סוף פֿון מיין אַלטען לעבען. אויסער זינד, האָב איך נאָך אָנגעמאַכט חובות און איך דאַרף יעצט 150 רובל, אַנדערש בין איך פֿערפֿאַלען, ווייל איך וועל בלייבען אַ נידערטרעכטיגער פֿאַר מיינע חברים און עלטערען. באָרגט מיר אויף אַ צייט 150 רובל!...

טאָלסטאָי האָט דעם יונגען סעמינאַריסט בעוויזען אַ בריעף פֿון אַ דאַמע, וועלכע בעט ביי איהם 500 רובל שטיצע, כּדי איהר טאָכטער זאָל קאָנען ענדיגען די קאָנסערוואַטאָריע, און פֿון אַ מיידעל, וועלכע בעט 50 רובל פֿאַר איהר קראַנקער מוטער, ער האָט איהם אָנגעוויזען אויף אַנדערע, וועלכע זענען געשטאַנען אין טאָלסטאָי'ס צימער צוזאַמען מיטן סעמינאַריסט און אויך געבעטען שטיצע. — וואו זאָל איך דאָס אַלץ נעהמען? האָט טאָלסטאָי געפֿרעגט.

דער סעמינאַריסט האָט ניט אָבגעלאָזט און געענטפֿערט טאָל־סטאָי'ען, אַז פֿאַר איין קליינע ערצעהלונג זיינע קאָן ער האָבען גענוג צו בעפֿרידיגען די בקשות פֿון די אַלע אַנוועזענדע, וואָס זענען נאָך הילף געקומען, און ווען טאָלסטאָי האָט איהם אָבגע־ענטפֿערט, אַז ער פֿאַר זיינע ווערק נעהמט שוין לאַנג קיין האָנאָראַר ניט, האָט דער סעמינאַריסט זיך אַלץ ניט בערוהיגט. — נעהמט ביי אייער פֿרוי..., האָט ער געזאָגט, נעהמט פֿון זייער אימעניע.

— איך האָב ניט קיין אימעניעס. און די פרוי קאָן אויך פרעגען: פון וואַנען זאָל זי נעהמען געלד?

— וואָס הייסט, איהר האָט ניט קיין אימעניעס? אָבער איהר לעבט דאָך פון עפּעס? איהר עסט דאָך?

אָ, יאָ — האָט מיט תחנונים און בעשולדיגט געענטפערט מאָלי־סטאָי. — איך בין זעהר אַ שלעכטער מענש און לעב אויף דעם חשבון פון פרעמדע. מיך האָט מען פיעל זאַכען געלערנט, נאָר חוץ אַזוי אַליין צו בעקומען ברויט, האָט מען מיך ניט אויסגעלערנט. יעצט בין איך שוין צו אַלט, אום זיך צו לערנען. נאָר איך טרייסט זיך חאָטש דערמיט, וואָס איך פערגעס קיינמאָל ניט מיין זינד פאַר'ן פאָלק און סטאַרע זיך נעהמען ביי מענשען, וואָס ווינציגער. און איך קאָן קיינמאָל ניט ברויכען אַזוי פיעל געלד וויפיעל די, וועלכע שרייבען מיר. איהר זאָגט, אַז איך זאָל נעהמען געלד פון דער אימעניע, נאָר וואָס וועט זיין, אַז מען וועט מיר זאָגען, אַז דאָרט ווילען די פויערן ניט צאָהלען פאַר דער אַרענדע און די אַרבייטער ווילען ניט אַרבייטען, וואָס דאַרף מען זיי טהון? אויף די פויערן אָנגעבען אין געריכט און מאַכען זיי אַ ליציטאַציע און אויף די אַרבייטער זיך בעקלאָגען פאַר'ן פריכטאַה, אַז ער זאָל זיי מיט געוואַלד צווינגען אַרבייטען?

דער ענערגישער סעמינאַריסט האָט זיך דאָך ניט געקאָנט בע־רוהיגען. ער האָט ערקלערט טאָלסטאָי'ען, אַז כדי צו בעצאָהלען זיינע חובות, וועט ער מוזען שרייבען וועקסלען און כדי מען זאָל איהם טרויען, וועט ער ווייטער מוזען זיצען אין סעמינאַריום, נאָר דאָס וויל ער ניט, ער וויל ווערען אַ איינפאַכער אַרבייטער און מאַכען אַ סוף צו זיין אַמאָליגען לעבען.

— ליעוו ניקאָלאַיעוויטש. האָט ער אויסגעשריען, וואָס זאָל איך טהון? איך דאַרף אַזוי נויטיג, אַזוי נויטיג?...

— איך קאָן אייך ניט זאָגען, האָט טאָלסטאָי געענטפערט, האָס איהר זאָלט טהון, עס איז זעהר שווער צו געבען יענעם עצות, ווייל יעדער האָט זיך זיינע נייגונגען. נאָר אָט־וואָס איהר דאַרפט ניט טהון, דאָס קאָן איך אייך זאָגען — און טאָלסטאָי האָט אָנגעהויבען פאַר'ן סעמינאַריסט ערקלערען זיינע נעגאַטיווע פרינציפּען, וועלכע זענען בעקאַנט פון זיין לעהרע.

דער סעמינאַריסט, וועלכער איז, וואַהרשיינליך, געוועזען אָפּגע־

הערציג און ניט געליַינט, האָט געמוזט אַוועקגעהן מיט גאָרנישט און טאָלסטאָי, וועלכער איז געבליבען טריי זיינע פּרינציפּען, איז געווים פאַר זיך געווען גערעכט. ער האָט ווירקליך קיין געלד ניט געהאַט, די אימענינע האָט געהערט זיַין פרוי. ער אַליין איז געווען, ווי אַ גאַסט ביַי איהר, און די לעצטע יאָהרען האָט טאָלסטאָי זיך זאָגאַר געהיט, אַז ער זאָל קיינמאָל ניט האַלטען און ניט בענוצען קיין געלד. אָבער איז טאָלסטאָי אויך געווען גערעכט, ווען מען בעטראַכט די זאַך פון געוועהנליכען מענשליכען שטאַנדפּונקט? מענשען, לעבעדיגע מענשען מיט לעבעדיגע בעדערפנישען זענען צו איהם געקומען נאָך הילף און אַנשטאָט געלד, וועלכע טאָלסטאָי האָט דאָך פערמאָגט פיעל, אָדער זאָגאַר אַ איינפאַכע עצה, ווי צו לעבען, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך פון אַ אומגליק, האָט טאָלסטאָי געהאַט נאָר איין ענטפער: איך קאָן אייך נאָר זאָגען דאָס, וואָס מען דאַרף נישט טהון...

די אַלע, וועלכע האָבען זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען מיט עצות און פראַגען, האָט ער געקאָנט געבען נאָר איין ראַדיקאַלען ענטפער: זענט ווי איך אַליין. אָבער ניט יעדער קאָן דאָך זיין אַ טאָלסטאָי, עס איז דאָך ווינציג אָנצונעהמען זיין לעהרע און גלויבען אין זיינע אידעען, מען מוז נאָך אַליין מיט דער גאַנצער נאַטור און פּסיכאָלאָגיע, מיט דער גאַנצער גייסטיגער ענטוויקלונג און וועה־נישען זיין דאָס, וואָס טאָלסטאָי איז געווען, אום צו לעבען, ווי ער. וואָס אָבער האָט ער געקאָנט געבען מענשען, וועלכע האָבען איבער־געלעבט אַנאַנדער לעבען און אַנדערש ווי ער געפיהלט? דערין איז די סיבה דערפון, וואָס טאָלסטאָי'ס השפּעה אויף אַנדערע האָט ניט געקאָנט זיין קיין דירעקטע און וואָס פון טאָלסטאָי'ס לעהרע איז אין לעבען נאָר אַ קליינע כעקטע געוואָרען, אַ סעקטע פון בעגרענעצטע תלמידים־טאָלסטאָוצעס. אפילו אויף זיינע אייגענע קינ־דער האָט טאָלסטאָי ניט געקאָנט האָבען קיין גרויסען איינפלוס אין אויב זיינע טעכטער זענען נאָך ווי עס איז געווען נאָהענט צו איהם, האָבען זיינע זיהן אינגאַנצען זיך דערווייטערט פון זיינע וועגען. ווען זיינע זיהן זענען דערוואַקסענע געוואָרען און דער גרוי־סער פאָטער ווייטער האָט זיי געוואָלט פיהרען אין זיין וועג, האָבען זיי איהם געשטעלט די פראַגע שאַרף און בולט: פאָטער. וואָס זשע דאַרף מען טהון, אום דיך צו געהאָרכען און אין דיין וועג געהן?

דערויף האָט טאָלסטאָי געקאָנט נאָר ענטפֿערען: ווערט מוזשיקעס און הויבט אָן די ערד פּאַשען. אָבער כדי אַז געבוירענע אַריסטאָקראַטען און זיהן פֿון אַ בעשטימטע קולטור זאָלען מיט אַ מאָל ווערען איינפֿאַכע פּויערען און זיך מיט זייער גאַנצע קולטור און ירושה פֿון זייערע אבות שיידען, איז ווינציג צו האָבען פּאַסענדע איבערצייגונגען, עס איז זאָגאַר ווינציג דער רצון דאַצו, מען דאַרף דאַצו דורכמאַכען אַ לאַנגען שווערען וועג, דעם זעלבען וועג, וועלכען עס האָט מיט אינערליכע ליידען און זוכענישען דורכגעמאַכט טאָלסטאָי אַליין. זיינע קינדער זענען אָבער ניט געוועזען די זעלבע, וואָס ער, און ביי זייער גאַנצען פֿערלאַנג האָבען זיי געמוזט אין אַנדערע וועגען געהן. איינער איז אַ אָפֿיציער געוועזען, דער אַנדערער — אַ זעמסקי טהוער, דער דריטער — אַ דאָקטאָר, דער פֿירטער — אַ גוט-בעזיצער, און איינער פֿון טאָלסטאָי'ס זיהן איז זאָגאַר אַ מיטגליעד פֿון אַ שוואַרצ'מאה'דיגע אָרגאַניזאַציע, און ניט ווינציג צרות פֿערשאַפֿט זיין גרויסען פֿאָטער.

קיין נחת פֿון קינדער האָט טאָלסטאָי ניט געהאַט און די גאַנצע ערציהונג פֿון זיינע קינדער איז איבערגעגאַנגען צו דער פֿרוי, סאָפֿיאַ אַנדרעיעוונאַ; אין זיין הויז, וואו עס האָט געוועלטיגט די קולטורעלע „פֿאַלשקייט" און לוקסוס, געגען וועלכע טאָלסטאָי איז אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטען, האָט ער זיך געמוזט שפּירען, ווי אַ פֿרעמדער, אַ איינזאַמער; מיט דער גרויסער וועלט, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסען רוהם און אינטערעס צו אַליץ, וואָס ער האָט געשריבען און געטהון, איז טאָלסטאָי אויך ניט געוועזען צוזאַמענגעבונדען מיט קיין פֿעסטע פֿעדים, — וואָס האָט דער דאָזיגער מענש מיט דער גרויסער נשמה פֿון אַ אַלטען פּאַטריאַרך געהאַט צו טהון אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ? דאָ האָט ער אויסגעזעהען, ווי עפּעס אַ קינד, אָדער אַ אַלטער בטלן, וועלכער האָט ניט קיין אינערליכע בעציהונג צו אַליץ אַרום און איז אינגאַנצען איבעריג. טאָלסטאָי האָט ניט געקאָנט ניט שפּירען די אוננאַטירליכקייט פֿון זיין לאַגע און אין אַ בריעף צו ענגעלגאַרדט'ען בעקלאָגט ער זיך דערויף, וואָס ער איז איינזאַם און וואָס אַלע אַרומיגע אינטערעסירט גאַנץ ווינציג דאָס, וואָס איז דער אמת'ער תוך פֿון זיין „איך", און אין מינוטען פֿון שוואַכקייט האָט טאָלסטאָי געשפּירט, אַז ניט ער קאָן יענעם העלפֿען, נאָר ער אַליין נויטיגט זיך אין הילף, ווייל ער איז צו שוואַך און אונבעהאָלפֿען.

אין אַ בריעף צו דעם זעלבען ענגעלגאַרדט'ען געפינען מיר ריהרענדע שורות פון דעם גרייסען זקן:

„לאָזט מיך, ווי אַזוי אויסצופּלאָנטערען זיך פון דער גאַנץ פון זינד, וועלכע האָבען מיך אַרומגעחאַפּט, העלפט מיר, און איך וועל פאַלגען; מאַכט מיר פאָרוואורפען, איך אַליין טהו דאָס, אָבער בעשולדיגט נאָר מיך און ניט דעם וועג, אויף וועלכען איך געה און וועלכען איך ווייז אַן אַנדערע, וואָס פרעגען ביי מיר אַ עצה וועגען דעם ריכטיגען וועג, אויב איך ווייס דעם וועג אַהיים, גאָר געה איבער איהם אַ שכור'ער, וואַקלענדיג זיך אין אַלע זייטען; איז דען דערפון געדרונגען, אַז דער וועג אַליין איז ניט ריכטיג? אויב דער וועג איז ניט קיין ריכטיגער, ווייזט מיר אַן אַנדערען; אויב איך וואַקעל זיך און בלאָנדזשע, העלפט מיר, האַלט מיך אונטער, פונקט ווי איך בין גרייט אייך צו שטיצען, אָבער פיהרט מיך ניט אַראָב, פרעהט זיך ניט דערמיט, וואָס איך האָב פערבלאָנדזשעט און שרייט ניט מיט נצחון: אָט האָט ער געזאָגט, אַז ער געהט אַהיים און איז גאָר פערקראָכען אין אַ בלאָטע! פרעהט זיך ניט דערמיט, נאָר העלפט מיר, שטיצט מיך. איהר זענט דאָך ניט קיין שדים פון דער בלאָטע, נאָר אויך מענשען, וואָס זוכען אויך אַהיים. איך בין דאָך אַליין און קאָן דאָך ניט וועלען קריכען אין אַ בלאָטע. העלפט מיר! מיין האַרץ ווערט צוריסען פון פערצווייפלונג, וואָס מיר אַלע האָבען פערבלאָנדזשעט און ווען ווער-אויף מיט מיין גאַנצען האַרצען, זענט איהר, אָנשטאָט בעדויערען מיך און זיך אַליין, צופרידען מיט יערען פעהלער מיינעם און האַלט אין איין שרייען: אָט זעהט, אויך ער ליגט אין דער בלאָטע צוזאַמען מיט אונז אַלע!"

טאָלסטאָי האָט געזוכט אַהיים פאַר זיך און וואָס ווייטער, אַלץ איינזאַמער האָט ער זיך געשפירט צווישען די אייגענע, צווישען די פריינד און צווישען די טויזענדער פערעהרער, תלמידים, קאָרעספּאָנדענטען פון צייטונגען און סתם נייגיעריגע מענשען, וועלכע האָבען איהם קיין רוה ניט געגעבען. נאַטירליך, אַז ער האָט אַלץ מעהר געמוזט זיך פערטיעפען אין זיך און מיר זעהען, ווי די לעצטע יאָהרען הויבט אין איהם אָן זיך הערען אַלץ העכער און העכער יענע מעלאָדיע, וועלכע האָט איהם בעגלייטעט אין זיין גאַנצען לעבענס-וועג: די מעלאָדיע וועגען טויט. מיר האָבען געזעהען, ווי

דער שרעק פאר'ן טויט איז געווען א מעלטיגער אימפולס אין טאל־סטאי'ס שאפען אלס קינסטלער, ווי דער זעלבער שרעק האט איהם געבראכט צו זיין גייסטיגען קריזיס, וועלכער האט די וועלט איבער־ראשט. יעצט, אין די לעצטע יאהרען, איז דער שרעק פערוואנדעלט געווארען אין עפעס א מיסטישע פרייד, אין א פייערליכע ערווארטונג פון טויט, וועלכער האט שוין ביי טאלסטאי'ען ניט ארויסגערופען קיין שרעק, נאר א קלארע פרייד, ווי פאר א גראנדיעזע געטליכע ערשיינונג.

פראפ. סנעגיריעוו דערצעהלט זעהר א אינטערעסאנטען פאקט וועגען דער בעציהונג פון טאלסטאי'ען צום טויט.

אין יאהר 1896 איז די גרעפין געפעהרליך קראנק געווארען און קיין יאסנאיא פאליאנא איז ארויסגערופען געווארען דער פראפ. סנעגיריעוו. ער האט בעטראכט די קראנקע, געפונען, אז די לאגע איז זעהר ערנסט און אז דאס איינציגע מיטעל, וועלכעס קאן זי אפשר ראטעווען פון טויט, איז א באלדיגע אפעראציע. סנעגיריעוו האט באלד טעלעגראפיש ארויסגערופען פון מאסקווא און פעטער־בורג אסיסטענטען, געהייסען אליך פארטיג מאכען צו דער אפע־ראציע און דערנאך ערקלערט טאלסטאי'ען. אז דער מאמענט איז אויסערסט ערנסט און די איינציגע מעגליכע רעטונג איז אן'אפעראציע. טאלסטאי האט אויסגעהערט און געענטפערט:

— איך קוק פעסימיסטיש אויף דער לאגע פון מיין פרוי; זי ליידט פון אן ערנסטע קרענק. עס איז אנגעקומען די גרויסע פייער־ליכע מינוט פון טויט, וועלכע ווירקט אויף מיר, ווי א פרייד. און מען מוז זיך אונטערגעבען דעם ווילען פון גאט... איך בין געגען אריינמישען זיך אין פראצעס פון קרענק, ווייל דאס צערשטערט די גרויסקייט און פייערליכקייט פון גרויסען אקט פון טויט... אלע מוזען מיר שטארבען, אויב ניט היינט, מארגען... אין 5 יאהר ארום. איך פערשטעה, אז איהר קאנט אנדערש ניט טהון. אין דעריבער טרעט איך דא אפ אן א זייט: איך בין ניט פאר, ניט געגען... זאלט וועלען זיך צונויפקומען די קינדער, עס וועט קומען צופאדערען דער עלטסטער זוהן, סערגיי. זאלען זיי בעשליסען, וואס צו טהון.

דער פראפ. האט געענטפערט: — עס קאן זיין, מען דארף טאקי ניט מאכען קיין אפעראציע, אבער דאמאלס געפינט אן אנדערע מיטעל, ווי צו שטילען דעם וועהטאג און פערקלענערען די יסורים. איך וויים ניט קיין יעדער מיטעל, אויסער א אפעראציע.

— יסורים זענען נויטווענדיג; זיי העלפען צו־צוגרייטען זיך צום גרויסען אַקט פון טויט, — האָט טאָלסטאָי דערויף געענטפערט.

דאָס איז ניט געווען קיין סתם אַקאַדעמישער דיספוט, נאָר אַ געדאַנק פון אַ פילאָזאָף־אַ בטלן, ווייל עס איז באַקאַנט, אַז טאָל־סטאָי האָט זיין פרוי ליעב געהאַט ביז׳ן טויט און איהר לעבען איז איהם געווים געווען טייער. דאָ איז געווען אַ טיעפע איבערצייגונג פון אַ מענשען, וועלכער האָט שוין לאַנג זיך מכין געווען צום טויט. און געווים וואָלט טאָלסטאָי פונקט אַזוי זיך בעצויגען צו דער פראַגע וועגען אָפּעראַציע, ווען עס זאָל זיך געווען האַנדלען וועגען זיין אייגענער פּערזאָן.

די געדאַנקען וועגען טויט ווערען אַלץ אָפטער אין טאָלסטאָי׳ס טאַגע־בוך און אין זיינע בריעף. אין איין אָרט שרייבט ער: „טראַכטען וועגען טויט איז גאָרניט, נאָר דער עיקר איז לעבען אין קוקען אויפ׳ן טויט. דאָס גאַנצע לעבען ווערט דאַן פייערליך, בעדייטענד און אמת־פרוכטבאַר און פריידענפול. קוקענדיג אויפ׳ן טויט קענען מיר נישט ניט אַרבייטען פלייסיג, סיי דערפאַר ווייל דער טויט קאָן קומען יעדע מינוט און איבעררייסען די אַרבייט, ווי אויך דערפאַר, ווייל אין די אויגען פון טויט קאָן מען נישט טוהן דאָס, וואָס איז ניט־נויטיג פאַר׳ן לעבען, ד. ה. פאַר גאָט. און ווען דו אַרבייטסט אַזוי, ווערט דאָס לעבען פול פון פרייד און עס איז מעהר ניטאָ יענער שרעק, — דער שרעק פון טויט, וועלכער פערגיפטעט דאָס לעבען פון די לעבעדיגע, צוזעהענדיג דעם טויט פון אַנדערע. וואָס בעסער עס איז דאָס לעבען, אַלץ קלענער איז דער שרעק פאַר׳ן טויט”.
און נאָך אין 1909 שרייבט ווידער טאָלסטאָי: „מיין לעבען ווערט די פריהער מיט יעדען טאָג פריידענס־פולער. מערקווירדיג און בע־דויערנסווערט זענען יענע מענשען, וועלכע קאָנען ניט פיהלען קיין דאַנקבאַרקייט פאַר׳ן גליק פון לעבען”.

ער האָט זיך מכין געווען צום טויט און דאָס לעבען איז פאַר איהם געוואָרען אַלץ פייערליכער, אָבער דער טויט איז ניט גע־קומען און פאַר טאָלסטאָי׳ען איז געבליבען איין טראַגישע זייט, וועלכע ער האָט אויף קיין פאַל ניט געקאָנט אויסמיידען: זיין אָבגעשטוי־סענהייט פון אַרומיגען קולטורעלען, געזעלשאַפטליכען און פּאָ־ליטישען לעבען. דער, וועלכער האָט אַזוי פיעל יאָהרען געפּרעדיגט ליעבע און פּאַסיווע בעציהונג צום שלעכטס, האָט ניט געקאָנט נישט

זעהן און פערשטעהן, אז דאס לעבען מאכט א שפאס פון זיינע אידעען, אז לעבען איז קאמפף און ניט קיין איבערמענשליכע ליעבע און הכנעה, און טאלסטאי האט געמוזט צוזעהן, ווי אזוי דאס אלץ, וואס לעבט, איז געגען איהם און זיינע אידעען. ארום איהם האט גערוישט און געקאכט, דאס „גוטע" אין לעבען איז געשאפען געווארען אויסערהאלב טאלסטאי'ס פרינציפען און דאס „שלעכטע"— געגען זיין ווילען. וואס האט דא געהאט צו טהון טאלסטאי מיט זיין גלויבען אין „ניט ווידערשטעהן דעם שלעכטס"? ער האט ניט געקאנט נישט שפירען, אז ער איז אבגעשטויסען פון דער וועלט, אז דאס לעבען ווערט געשאפען אהן איהם און ער האט ניט געקאנט נישט ליידען.

נאך אין 1881, ווען עס איז דורך די רעוואלוציאנערען דערהרג'עט געווארען דער קייזער אלעקסאנדער דער צווייטער, האט טאלסטאי דערשפירט זיין אבגעריסענהייט פון ארומיגען לעבען. צו אזא פאקט, ווי די ערמארדונג פון קייזער און דערנאך דער טויט־אורטהייל אויף די יונגע רעוואלוציאנערען, סאפיא פעראווסקא און אנדערע, האט געמוזט עקזיסטירען א בעשטימטע בעציהונג: אייניגע האבען געטאדעלט די מערדער און געווען צופריעדען מיט זייער טויט, אנדערע האבען זיך געפרעהט מיט דער ערמארדונג פון קייזער און בעדויערט די ליידען פון די יונגע מערטירער־רעוואלוציאנערען. וואס האט אבער דא געקאנט טהון טאלסטאי מיט זיין טעאריע וועגען ניט־ווידערשטעהן דעם שלעכטס? ער האט ניט געקאנט מסכים זיין ניט מיט די פיינדער, ניט מיט די געפייניגטע, פאר איהם איז די טויט־שטראף איבער די רעוואלוציאנערען געווען אפשר א גרעסערער קלאפ, איידער ווי פאר די פריינד פון די רעוואלוציאנערען אליין, און טאלסטאי ווענדעט זיך דאן צום קייזער אלעקסאנדער דעם דריטען מיט זיין בעוואוסטען בריעף וועגען בעגנעדיגען די מערדער פון אלעקסאנדער דעם צווייטען. אין דעם בריעף האט טאלסטאי צווישען אנדערעס געשריבען:

קייזער! ווען איהר זאלט דאס טהון, רופען די דאזיגע מענשען, זיי געבען געלד, זיי אוועקגעשיקט ערגעץ קיין אמעריקא און אנגעשריבען א מאניפעסט מיט די ווערטער פון אויבען: „און איך זאג: ליעבט אייערע פיינדע", דאמאלס, איך ווייס ניט, ווי אנדערע, נאר איך, א שלעכטער אונטערטאן, וואלט געווארען אייער הונד,

אײַער קנעכט". דערהערגענדיג, פערניכטענדיג זײ (די רעוואָלוציאָנערען), קאָן מען מיט זײ ניט קעמפפען. ניט זײער צאָהל איז וויכטיג, נאָר זײערע אידעען. כדי צו קעמפפען מיט זײ, דאַרף מען קעמפפען גײַסטיג. זײער אידעאַל איז גליק פאַר אַלעמען, פרײַהײַט, גלײַכהײַט; כדי צו קעמפפען געגען זײ, דאַרף מען אַוועקשטעלען געגען זײ אַזאַ אידעאַל, וועלכער זאָל זײַן העכער פאַר זײערען, אײַנשליסענדיג אויך זײער אידעאַל. די פראַנצויזען, ענגלענדער קעמפפען יעצט געגען זײ, אָבער אויך אָהן ערפאָלג".

דער דאָזיגער בריעף האָט לאַנג אַרומגעוואַנדערט, ווײַל פאָביעדאָנאָסצעוו האָט איהם ניט געוואָלט צושטעלען דעם קײַזער, נאָר ווען דער בריעף איז ענדליך דורך זײַטיגע וועגען דערגאַנגען צום קײַזער, האָט מען טאָלסטאָי'ען דאָך ניט געפאָלגט און די רעוואָלוציאָנערען זענען געהאַנגען געוואָרען. פון דאַמאָלס אָן האָט טאָלסטאָי אַ לאַנגע צײַט ניט געקאָנט פערגעסען דעם אײַנדריק וועגען דעם טויט-שטראָף. ער האָט איבערגעלעבט דעם שרעק פאַר דעם טויט פון די געהאַנגענע ניט ווי אַ גוט-הערציגער קלײַנבירגער, נאָר ווי אַ קינסטלער, וועלכען די פאַנטאַזיע האָט געמאָלט אַ שרעקליך בילד פון די געהאַנגענע מענשען, און די פאָרשטעלונג וועגען דער תליה איז בײַ טאָלסטאָי'ען געוועזען אַזוי קלאָר, אַז אַ לאַנגע צײַט פלעגט ער לײַדען פון דעם בילד, וואָס האָט זיך פאַר זײַנע אויגען פאָרגעשטעלט, און פלעגט שלינגען די סליונע, כדי איבערצײַגען זיך, אַז ער אַלײן לעבט און איז ניט דערשטיקט דורכ'ן תליה-שטריקעל.

די מאַכט האָט טאָלסטאָי'ס עצה און בקשה צו געהן אין וועג פון קריסטוס און מוחל זײַן די פײַנד ניט געפאָלגט. ניט געפאָלגט טאָלסטאָי'ען האָט אויך די געזעלשאַפט, וועלכע איז געגאַנגען ווײַטער אין איהר וועג, אויפ'ן וועג פון קאַמפף און ניט אויפ'ן וועג פון הכנעה פאַר דעם שלעכטס. וואָס מעהר רוסלאַנד איז רײַפער געוואָרען און וואָס מעהר די געזעלשאַפט איז אַרײַנגעצויגען געוואָרען אין פאָליטישען קאַמפף, אַלץ עלענדער האָט זיך געמיהט שפירען טאָלסטאָי מיט זײַנע אידעען וועגען קעמפפען געגען שלעכטס דורך אונטערשטעלען די באַק. נאָך שווערער איז געוואָרען טאָלסטאָי'ס לאַגע דורכדעם, וואָס ער איז פאַקטיש געוועזען דער פרײַסטעה פון אַלע בירגער, און אין דער צײַט, ווען מען האָט שטרענג בע-

שטראָפט אַנדערע פאַר דעם קלענסטען פרייען וואָרט, האָט מען טאָלסטאָי׳ען געלאָזט פריי רעדען און פרעדיגען זיינע אידעען וועלכע זענען געווען געווענדעט סיי געגען די אונטערדריקער, סיי געגען די אונטערדריקטע. פּאָבּיעדאָנאָסצעוו און דער מיניסטער טאָלסטאָי האָבען דעם איינזאַמען זקן פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ געוואָלט פערשפּאַרען אין אַ מאָנאַסטיר, נאָר מען האָט מורא געהאַט פאַר אייראָפּאַ און די העכערע מאַכט האָט זיך אויף אַזאַ שריט ניט געקאָנט בּעשליסען. טאָלסטאָי איז דעריבּער געבּליבּען ווייטער פריי און די אויסשליסליכע פרייהייט האָט איהם ניט געקאָנט נישט ערגערען. זיינע תלמידים האָט מען בּעשטראָפט און פערשיקט פאַר פערשפּרייטען זיינע אידעען און איהם אַליין האָט מען געלאָזט אויף דער פרייהייט. פאַר טאָלסטאָי׳ען איז אָבּער די פרייהייט געווען ערגער אפשר, איידער קאַטאָרגע און ער האָט בּאמת, מיטן גאַנצען האַרצען, געוואָלט אַ קרייץ, געוואָלט אַ מערטירער ווערען און ליידען גלייך מיט אַלע.

אין זיין בּריעף צום יוסטיץ-מיניסטער מוראַוויעוו און שפּעטער צו אַנדערע פון די רעגירונגס-לייט האָט טאָלסטאָי זיך געבּעטען רחמים, אַז מען זאָל אָנשטאָט זיינע תלמידים, וועלכע פערשפּרייטען זיינע אידעען, בּעשטראָפען איהם אַליין, דעם פאָטער פון דער „געפערליכער" אַגיטאַציע, נאָר זיין בּקשה איז געבּליבּען ניט ערפילט. עס איז אָנגעקומען דאָס יאָהר 1905, אין רוסלאַנד האָט אויסגעבּראָכען די גרויסע רעוואָלוציע, וועלכע האָט פערכאַפּט כמעט דאָס גאַנצע פאָלק, און טאָלסטאָי האָט געמוזט נאָך שאַרפער און בּולטער דערשפירען זיין איינזאַמקייט אין דעם לעבּען. מענשען האָבּען געקעמפט, אויף קאַטאָרגע און תליות געגאַנגען פאַר זייערע אידעען, אַרום האָט דאָס לעבּען געשטורמט און דער מענש איז געוואַקסען, וואָס פאַר אַ זינן האָבּען דאַמאָלס געהאַט די אידעען וועגען הכנעה און וועגען ניט ענטפערען מיט געוואַלדטהאַט געגען געוואַלדטאַט?

דאָס לעבּען האָט פון טאָלסטאָי׳ס טעאָריע וועגען ליעבּע, אַ קאַריקאַטור געמאַכט און טאָלסטאָי׳ס ווערטער צו די אונטערדריקער און אונטערדריקטע האָבּען דאַן געקלונגען, ווי אַ שטים אין דער מדבּר. די געזעלשאַפט האָט אָן טאָלסטאָי׳ען אויף אַ ווײַלע פערגעסען, ער אַליין האָט זיך געשפּירט נאָך מעהר אָבּגעריסען און דערווייטערט פון אַרומיגען לעבּען, און ווען אין רוסלאַנד האָבּען זיך אָנגעהויבּען די תליות און טויט-שטראָפען, וואָס זענען געוואָרען אַ געוועהנליכע

ערשיינונג, האט זיך פון יאסנאיא פאָליאנא דערהערט א טראגישער געשריי: „איך קאָן ניט שווייגען!“, בעסער טויט און א שטריקעל אויף מיין אלטען האלז, איידער מיך איבערלאָזען אלס נייטראלער צושויער פון די שרעקען, וועלכע ווערען אָבגעטהון אין לעבען.

אפשר איז אויך אין דעם געשריי: „איך קאָן ניט שווייגען“ געווען עטוואָס פון דעם שרעק פאר'ן טויט, וועלכער האט טאָלסטאָי'ען בעגלייט אלע יאָהרען און וועלכען ער האט אזוי בולט אלס קינסטלער דורכגעלעבט, נאָר יערענפאלס האט מען איהם געקאָנט גלויבען: ער האט באמת געוואָלט אויף דער עלטער א מערטירער ווערען, טראָגען דעם קרייץ, ווייל אנדערש האט דאן זיין לעבען קיין זינן ניט געהאט. זיין א נייטראלער צושויער איז אמאָל שווערער, איידער צו זיין אין די רייהען פון איינעם פון די קעמפפענדע לאגערען, און אויף טאָלסטאָי'ען האבען די טויט-שטראָפען אין רוסלאנד דעריבער געמוזט ווירקען פיעל שטארקער, איידער אויף אנדערע, וועלכע האבען געהערט צו א בעשטימטען לאגער און אליין אָנטייל גענומען אין קאמפף.

פאר זיין קריטישע לעהרע האט טאָלסטאָי געמוזט טייער בעצאָהלען.



# דֶער סַךְ הַכּל פוּן אַלֶעבֶּען.

צווייַ בעזונדערע אַרט אָבשאַצונגען פון טאָלסטאָי'ס וועלט־בעדייַטונג. — דאָס בעסטע ווערק טאָלסטאָי'ס איז ער אַליין. — זייַנע אייגענשאַפטען אַלס קינסטלער און מאָראַליסט. — די קראַפט פון אַנאַליז. — ווי אַזוי דער קינסטלער און דער מאָראַליסט האָבען אין טאָלסטאָי'ען געפיהרט אַ שטענדיגען קאַמפף. — טאָלסטאָי אַלס פערזענליכקייט. — טאָלסטאָי און „טאָלסטאָווסטווא“. — די בעגרענצטע סעקטע און דער אינדיווידועלער „איך“. — טאָלסטאָי'ס טויט.

אין דער געוואַלדיג־גרויסער ליטעראַטור וועגען טאָלסטאָי'ען, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אויף פערשיעדענע שפראַכען, האָט אַ צייַט־לאַנג געהערשט אַ געוויסער שאַבלאָן בנוגע צו דער אָבשאַצונג פון גרויסען קינסטלער: טאָלסטאָי'ס לעבען פלעגט מען געוועהנליך אייַנטיילען אין צוויי פעריאָדען, וועלכע זענען גאָרניט עהנליך אַפילו איינער אויפ'ן צווייטען: ביז די 80־ער יאָהרען איז טאָלסטאָי געוועזען דורכאויס קינסטלער; נאָך דעם קריזיס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין זייַן וועלט־אַנשויאונג, הויבט זיך אָן טאָלסטאָי דער מאָראַליסט, דער פרעדיגער און רעפאָרמאַטאָר, וועלכער האָט קיין געמיינזאַמעס ניט מיט דעם פריהערדיגען טאָלסטאָי. דערבייַ פלעגען איינִיגע קריטיקער בעדויערען, וואָס טאָלסטאָי האָט פערלאָזען דעם וועג פון קונסט און געוואָלט ווערען אַ מורה־דרך פאַר דער מענשהייט, אָנשטאָט שאַפען קונסט־ווערק; אַנדערע ווידער האָבען געשטעלט טאָלסטאָי דעם מאָראַליסט און פילאָזאָף העכער פון טאָלסטאָי דעם קינסטלער און זיך געסטאַרעט צו בעווייַזען, אַז טאָלסטאָי האָט אַ גרויסע ווירקונג געהאַט אויף דער ענטוויקלונג פון מענשליכען געדאַנק. די לעצטע צייַט האָט מען אָנשטאָט דעם ערשטען שאַבלאָן אָנגעהויבען אייַנפיהרען אַן אַנדער שאַבלאָן אין דער קריטיק פון טאָלסטאָי'ען: עס איז אָנגענומען געוואָרען, אַז טאָלסטאָי דער

אויטאָר פֿון „קינדער־און בחור־יאָהרען״ איז דער זעלבער טאָלסטאָי וואָס אין זיינע לעצטע ווערק, און אויך נאָכ׳ן קריזיס איז טאָלסטאָי לויט די אייגענשאַפֿטען פֿון זיין שכל און כאַראַקטער געבליבען דער זעלבער, וואָס אין די קינדער־יאָהרען. דערביי האָט מען גע־זוכט צו פֿערגלעטען די סתירות אין זיין לעבען און לעהרע און זיך געכטאַרעט צו בעווייזען, אַז איין צענטראַל־אידעע געהט־דורך אַלע טאָלסטאָי׳ס ווערק און ער איז אייגענטליך, אָנהויבענדיג פֿון די קינ־דער־יאָהרען ביז דער עלטער, געבליבען אונגעענדערט.

וועלכע פֿון די ביידע אַרט קריטישע מעטאָדען איז ריכטיגער? מיר האָבען פֿאַר זיך אַ קלאָרען פֿאַקט, אַז אין לעבען פֿון טאָלסטאָי׳ען איז פֿאָרגעקומען אַ בולטע שטאַרקע איבערקעהרעניש און נאָכדעם הויבט זיך ביי איהם אָן אַ נייע עפּאָכע. פֿון דער צווייטער זייט איז פּונקט אַזוי קלאָר אויך דער פֿאַקט, אַז טאָלסטאָי איז דאָך געבליבען קינסטלער ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבען, און עס איז דעריבער פֿאַלש איינצוטיילען זיין לעבען אין צוויי פּעריאָדען, ווי עס איז בכלל פֿאַלש צו טיילען דעם לעבען פֿון יעדען מענשען אויף בע־זונדערע חלקים. נאָר לאָמיר אַוועקלאָזען די איבערפֿלעסליכע פֿראַגע צי איז טאָלסטאָי געוועזן שטענדיג איינער, איין גאַנצעס, אָדער ער האָט זיך שאַרף געביטען. דאָס איז דאָך נאָר אַ שפּיעל אין ווערטער, און יעדער בעזונדער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע וועט אין אַ געוויסער הינזיכט זיין ריכטיג אָדער ניט־ריכטיג. ריכטיגער וועט זיין, ווען מיר אַליין וועלען זיך שטעלען די פֿראַגע: וואָס איז טאָלסטאָי געווען פֿאַר אונז? וואו ליגט יענע צויבער־קראַפֿט, מיט וועלכער ער האָט אַזוי געווירקט און צוגעצויגען צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גאַנצער וועלט?

ריכטיג האָט געזאָגט דער יודיש־רוסישער קריטיקער א. גאָרנ־פֿעלד: פֿון אַלע טאָלסטאָי׳ס ווערק איז די בעסטע שאַפֿונג ער אַליין. טאָלסטאָי איז געווען אַ גרויסער ראָמאַניסט, נאָר פֿיעל אַנדערע האָבען געשריבען גרויסע ראָמאַנען און דאָך ביסלעכווייז פֿערגעסען געוואָרען; טאָלסטאָי איז געווען אַ דענקער, אַ מאָראַליסט, נאָר עס איז לייכט מיט וויסענשאַפֿטליכע געוועהר אין די הענד צוצושטערען זיין גאַנצע פֿילאָזאָפֿיע, און אַפילו זיינע פֿערברענטסטע אָנהענגער וועלען מוזען מודה זיין, אַז אַלס דענקער און פֿילאָזאָף האָט טאָלסטאָי פֿיעל קאָנקורענטען געגען זיך. אין וואָס־זשע בעשטעהט טאָלסטאָי׳ס גרויס־

קייט? פריהער פון אלץ אין זיין פערזענליכקייט. אט דא דארפען מיר זוכען יענע קראפט, מיט וועלכער ער האט ווילענדיג און ניט־ווילענדיג געמוזט צוציהען צו זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט און אלגעמיינע גרויסע אכטונג צו זיך, און אלס צענטר פון זיין פערזענליכקייט מוזען מיר אנווייזען אויף יענע גרויסע אינערליכע סתירות, וועלכע איינינע האבען געשטעלט טאלסטאי'ען אלס פארוואורף, אנדערע האבען געזוכט צו פערגלעטען און נאר צו־ליעב וועלכע טאלסטאי איז אונז אייגענטליך אזוי טייער: דאס איז טאלסטאי'ס גראנדיעזער אינערליכער קאמפף צווישען קינסטלער און מאראליסט, יענער קאמפף, וועלכער האט צו זיך כמעט קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע.

לאמיר זיך דערמאהנען. אין וואס בעשטעהען טאלסטאי'ס איי־גענשאפטען אלס קינסטלער? טאלסטאי איז א גרויסער רעאליסט, ד. ה. ער איז א מייסטער צו מאלען דאס פשוט'סטע און צוזאמען דערמיט סאמע טיעפסטע, וואס ליגט אין לעבען פון א מענשען. ער איז אויך דער גרויסער מייסטער פון פסיכאלאגישען אנאליז, און נעהמט ער דערצעהלען די לעבענס־געשיכטע פון א מענשען, וועט ער זיך ניט בעגנוגנען מיט ארויסהאפען און ארויסשטעלען פאר'ן לעזער איינינע מאמענטען פון זיין לעבען, נאר טאלסטאי שפירט נאך זיין העלד טריט־ביי־טריט, געהט איהם נאך כמעט ביז דעם סוף פון זיין לעבען, אזוי אז מיר בעקענען זיך מיט זיינע העלדען כמעט אין אלע זייערע עפאכען און אין פערשיעדענע לאגען, און וואס בריי־טער זיי בעוויזען זיך, אלץ קלארער שפירען מיר זייער עקזיסטענץ, אלץ מעהר בעקענען מיר זיך מיט זיי, אזוי אז מיר קענען זיי שוין מיט אלע פיטשעווקעלעך, ווי אונזערע נאהענטסטע אינטימסטע פריינד. אבער ניט מיט דער גרויסער קראפט פון אנאליז בעצויבערט אונז טאלסטאי. א מענש איז ניט קיין מאטעמאטישע פארמעל און וויפיעל מען זאל ניט אנאליזירען די מענשליכע נשמה, וויפיעל מען זאל זיך ניט סטארען אויפדעקען זי און קלאר מאכען, וועט שטענדיג דאך בלייבען אין איהר עטוואס אונקלארעס, דונקעלעס און טיעפעס, וואס איז דער תמצית פון איהר לעבען און וואס מיר זענען ניט אימ־שטאנד צו פערטייטשען אויף דער געוועהנליכער שפראך פון ווער־טער. עס איז דא א נשמה־שפראך, א שפראך אהן ווערטער און דער קינסטלער קאן נאר מאלען די נשמה, פאר איהר פארמען בעשאפען.

אמת, נאָכ'ן קינסטלער קומט דער קריטיקער און טײַטשט אױס דאָס, װאָס דער קינסטלער האָט געשאַפֿען, אױף דער געװעהנליכער שפּראַך פֿון לאָגיק און װערטער. אָבער דערפֿאַר איז דער קריטיקער נאָר קריטיקער, ער קאָן דעם לעבעדיגען מענשען פֿון קינסטלער־שאַפֿינג צופֿיהרען צו אַ בעשטימטע פֿאָרמעל, ער װעט אָבער פֿון דער פֿאָרמעל צוריק קײן מענשען ניט בעשאַפֿען. טאָלסטאָי איז ניט בלױז קינסטלער, ער טהוט אַלײן אױך די אַרבײַט פֿון דעם קריטיקער, אַנאַליזירט, משפּט זײַנע העלדען, און דעריבער שפּירט זיך אין אַלע זײַנע װערק אַזאַ שטרענגער טאָן, עפּעס אַ שרעקליכע אונרחמנות הינטער דער האַנד, װאָס װירקט הינטער די קוליסען: דאָס איז די האַנד פֿון שטרענגען שופֿט, פֿון קינסטלער, װעלכער איז צוזאַמען דערמיט אױך קריטיקער. אָבער פֿאַרװאָס זענען טאָלסטאָי'ס העלדען אַזױ לעבעדיג, „צו לעבעדיג", װי עס דריקט זיך אױס אײנער פֿון זײַנע קריטיקער? פֿאַרװאָס ליבען מיר זײ, אינטערעסירען זיך מיט זײערע שיקזאַלען, קימערען זיך אַזױ װעגען זײערע לײדען און פֿרעהען זיך מיט זײערע פֿרײדען? װאָלטען טאָלסטאָי'ס העלדען געװען עהנליך אױף מאַטעמאַטישע פֿאָרמעלען, װאָלטען זײ פֿאַר אונז אינגאַנצען קלאָר און אַבסאָלוט־פֿערשטענדליך געװען, װאָלטען מיר געבליבען צו זײ אינגאַנצען גלײַכגילטיג און זײ װאָלטען געשטאַנען פֿאַר אונז, װי אײַנגעטאָקטע גולמ'ס, אָבער זײ זענען לעבעדיגע, „צו לעבעדיגע" מענשען, און דאָס ערקלערט זיך דערמיט, װאָס איסער דער געװאַלדיגער קראַפֿט פֿון אַנאַליז און קענטניס צו מאָלען גאַנצע מענשליכע לעבענס מיט אַלע אײנצעלהײטען, אין אַלע זײערע לאַגעס און עפּאָכען, פֿערמאָגט נאָך טאָלסטאָי אַ געניאַלען טאַלאַנט צו שילדערען יענע בעװעגליכקײט, יענע האַלב־דונקעלע, האַלב־אָפֿענע בעװעגליכקײט, װעלכע איז דער טאָן פֿון יעדער נשמה. אַ אמת־לעבעדיגער מענש איז שטענ־דיג אַ שטראָם פֿון געדאַנקען, געפֿיהלען, בעװעגונגען, װעלכע האָבען כמעט קײן ערקלערונג ניט. דאָס לעבען איז שטענדיג טעטיג, שטענ־דיג בעװעגליך, פֿאָדערט פֿאַר זיך אײביגע פֿרײַהײַט, שפּאַרט־דורך אַלע געקינסטעלטע צױמען, און טאָלסטאָי האָט צו זיך קײן גלײַכען ניט אין מאָלען אָט די אונקלאָרע, אינטימע נשמה־בעװעגונגען. מאָלט ער װי אַנאַ קאַרעני־נאַ פֿאָהרט אין צוג, בעת אין דרױסען בושעװעט די בײזע זאַװערוכע, און זי קעמפּפֿט מיט זיך, טרײַבט פֿון זיך אָב די געדאַנקען װעגען װראָנסקי און שפּירט דאָך מיט יעדער דער

אַלץ טיעפֿער, אַז עטוואָס נייעס ערוואַכט אין איהר האַרצען און שטעהט אויף פֿאַר די אויגען ווי אַ בּייזער שרעקליכער גאָט, צו וועלכען ער ציהט די נשמה; מאָלט ער דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכט דער שיינער קוראַגין, בעת ער בעוויזט זיך אין הויז פֿון די וואָלקאָנסקי׳ס, אויף דער צנועות׳דיגער מאַריאַ און אויף דער לעבּענס־לוסטיגער נאַטאַשאַ; אָדער דעם חלום וועגען עפּעס אַ שרעקליכען מוזשיק, וועלכער קומט גלייכצייטיג ווראָנסקי׳ן און אַנאַ קאַרעניגאַ בּאַלד נאָך זייער ערשטען חטא, — אין דעם אַלעם זעהען מיר טאָלסטאָי דעם גרויסען מייסטער פֿון דער אינטימער נשמה־שפּראַך, פֿון די טיעפֿסטע נשמה־ציטערנישען, וועלכע זענען אַ האַלב ווירקליכקייט, אַ האַלב אַ חלום און זענען דאָס רעאַלסטע און וויכטיגסטע אין יעדען לעבּען. ווען מיר זאָגען דעריבּער, אַז טאָלסטאָי איז אַ רעאַליסט, דאַרף מען דאָס פֿערשטעהן אין בּרייטערען זינן פֿון דעם וואָרט: דאָס בּעדייט, אַז טאָלסטאָי׳ען איז פֿרעמד די פּראַזעאָלאָגיע, די פּראַזעאָלאָגיע פֿון דער נשמה, און ער נעהמט שטענדיג נאָר די פּשוט׳סטע, דאָס טיעפֿסטע, דאָס רעאַלסטע, וועלכעס איז צוזאַמען דערמיט אויך דאָס וויכטיגסטע אין מענשליכען לעבּען און ווען מיר זאָגען, אַז טאָלסטאָי בּעזיצט די גרויסע קראַפֿט פֿון פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז, בּעדייטעט דאָס, אַז אין דער צייט, ווען ער שאַפֿט, איז ער אינבּעוואוסטזיניג, ווי יעדער אמת׳ער קינסטלער, גאַנצע לעבּענס, אין דער זעלבּער צייט מישפּט ער זיינע העלדען, קריטיקירט זיי, און כּדי זיי זאָלען אַרויסקומען אמת׳ער, רעאַלער, אָהן דער פּראַזע, וועלכע מוז זיך צוטשעפּען צו יעדען מענשען, אָהן דעם אַלעם, וואָס איז איבּעריג און ניט וויכטיג, — כּדי דאָס אַלץ זאָל אַרויסקומען קלאָר, ווי בּוימעל אויף׳ן וואַסער, מוז טאָלסטאָי, פֿריהער פֿאַר זיך אַליין, דערנאָך צוליעב די לעזער, נאָכשפּירען זיינע העלדען אויף יעדען שריט און טריט, אַנאַליזירען זייערע ווערטער און מעשים און נאָכקוקען זיי, וואָס זיי טהוען בּחדרי חדרים.

טאָלסטאָי איז אַ בּעשעפֿער, אַ קריטיקער פֿון זיינע שאַפֿונגען. און די בּיידע אייגענשאַפֿטען, וועלכע ער האָט בּעזיצט אין גלייכער מאָס, האָבּען געווירקט אויך אין זיין פּערזענליכען לעבּען, אַלס צוויי גרויסע פֿאַקטאָרען. נאָך אַנהויבּענדיג פֿון די קינדער־יאָהרען בּעמערקען מיר שוין אין איהם סיי דעם בּעשעפֿער, סיי דעם קריטיקער. ער לעבּט, לעבּט פֿיעל און טיעף, ווי אַ בּוים, וואָס

האָט טיעפע וואָרצלען אין דער ערד, ווי אַ זוהן פון אַ מיטעלמעסיגען קלאַס מיט אַ גרויסער קולטור, נאָר איהם איז ווינציג דאָס לעבען אַליין, ער דאַרף נאָך וויסען דעם „זינן" פון לעבען, ער ווערט געפּייניגט, זוכט, וואַנדערט אום, שאַפט, קריטיקירט, נאָר ענדליך קומט דער שרעק פאַר'ן טויט און די געדאַנקען וועגען טויט, וועלכע האָבען איהם קיין רוה ניט געגעבען, האָט שוין טאָלסטאָי ניט געקאָנט אָב'פּטר'ען מיט גאָרנישט, ער, וואָס האָט זיך שטענדיג פאַרנומען מיט אַנאַליז, האָט יעצט געמוזט געפינען עפּעס אַ סינטעז פון לעבען און דאָ זעהען מיר פאַר זיך אַ אונגעוועהנליכע ערשיינונג: דער גרויסער קינסטלער, וועלכער האָט אַזוי טיעף געפיהלט און געשילדערט די שטענדיגע בעוועגליכקייט און אונאויפהערליכע ווידערשפּרוכען אין דער נשמה פון מענשען, בעשאַפט זיך אַ קאַטעכיזם, פיהרט צו דאָס לעבען צו אַ בעשטימטע בעגרענצטע פאָרמול און פאָדערט, אַז דער מענש זאָל לעבען לויט בעשטימטע רעגעלען. עס פּאַסירט אַ אונגעוועהנליכע אין דער געשיכטע ערשיינונג, אַז אַ גרויסער קינסטלער זאָל זיך אָבזאָגען און פערשעלטען זיינע קונסטווערק, עס הויבט זיך אָן דער גרויסער קאַמפּף צווישען קינסטלער און מאָראַליסט, וועלכער לאָזט ניט אָב טאָלסטאָי'ען ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען. טאָלסטאָי דער קינסטלער האָט אונז געגעבען די „מענשליכע", זינדיגע ליעבע פון דער גרויסער זינדיגערין אַננאַ קאַרעענינאַ, וועלכע איז אינגאַנצען אונזערע, וועלכע רופט אַרויס אונזער הייסטע סימפּאַטיע; טאָלסטאָי דער מאָראַליסט פערשעלט די דאָזיגע ליעבע און פאָדערט פון אונז אַ ליעבע, וועלכע זאָל ניט זיין אָבהענגיג פון בעשטימטע סימפּאַטיעס צו אַ בעשטימטען מענשען; טאָלסטאָי דער קינסטלער, ווי יעדער אַנדער קינסטלער, גלויבט ניט אין קיין אַבסאָלוטען אמת אין יעדער מענש איז פאַר איהם אַ בעזונדער אמת פאַר זיך; טאָלסטאָי דער מאָראַליסט פאָדערט פון אונז איין בעשטימטען אמת, פאַר וועלכען אַלע דאַרפען אַראָבבויגען די קעפּ און דערשטיקען אין זיך זייער אינדיווידואַליטעט. טאָלסטאָי דער קינסטלער האָט אין זיין „קריעג און פריעדען" איבערגעשאַפען אַ גאַנצע עפּאָכע, אַ גאַנצע קולטור; טאָלסטאָי דער מאָראַליסט לייקענט אָב יעדע קולטור, לייקענט אין דעם גאַנצען „פאַלש", וועלכער איז דער יסוד פון יעדע קולטור. — וועלכער טאָלסטאָי איז דער „אמת'ער"? וואו איז טאָלסטאָי נאַטירליכער אין פּסיכאָלאָגיש—

טיִפֿער? אַלס קינסטלער אָדער מאָראַליסט? אויף דער פֿראַגע איז
שווער צו געבּען אַ בּעשטימטען ענטפֿער. עס איז קיין ספק ניט,
אַז טאָלסטאָי איז געווען אַ טיִעף־רעליגיעזע נאַטור, און נאָך אין
די קינדער־יאָהרען האָט ער נישט־קלאָר געשפּירט אין זיך עפּעס
אַ מיסיע אין דער צוקונפֿט און האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן גע־
דאַנק, אַז „עמיצער האָט איהם געשיקט אויף דער וועלט עפּעס
אויפֿצוטהון". פֿון דער צווייטער זייט איז קיין ספק ניט, אַז טאָלסטאָי
האָט זיך געבּראָכען, מיט אַ וועהטאָג אין הארצען, געבּראָכען זיינע
קולטורעלע געוועהנהייטען און פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ אַריסטאָקראַט. עס
בּלייבּט אויך אַ בּעשטימטער פֿאַקט, אַז שוין נאָכדעם ווי טאָלסטאָי
האָט איבּערגעלעבּט דעם קריזיס, האָט ער דאָך געשאַפֿען אַזעלכע
קינסטלערישע ווערק, ווי „דער טויט פֿון איוואַן איליאיטש", „קרייצער־
סאָנאַטאַ", „תחית־המתים", וועלכע זענען טענדענציעז און דאָך עכט־
קינסטלעריש, און מיר ווייסען, אַז בּיז דעם טויט האָט טאָלסטאָי
ניט אויפֿגעהערט אַרומטראָגען זיך מיט פּלענער וועגען נייע, קינסט־
לערישע ווערק. דאָס בּעווייזט, אַז ער האָט ניט קוקענדיג אויף זיינע
איבּערצייגונגען, דאָך ניט געקאָנט דערשטיקען אין זיך דעם קינסטלער.
אונז איז אָבּער דאָ נאָר וויכטיג טאָלסטאָי אַלס פּערזענליכקייט און
דעריבּער דאַרפֿען מיר ניט זוכען צו פֿערגלייכען די סתירות זיינע,
נאָר אויפֿדעקען זיי און פֿאַר אונז איז ניט וויכטיג, וועלכער טאָלסטאָי
איז דער אמת'ער, נאָר ווי אַזוי און וואָס האָט זיך פֿער־
קערפּערט זיין געניוס. מיר זאָגען דעריבּער: מיר ווייסען ניט,
צי דער אמת'ער טאָלסטאָי איז אין זיין קינסטלערישער טהעטיגקייט,
אָדער אין זיין שפּעטערדיגער טעטיגקייט אַלס מאָראַליסט, מיר
ווייסען אָבּער, אַז ער איז געווען אי דאָס, אי יענץ, אַז די בּיידע
געגענגעזעצטע יסודות האָבּען אין איהם געלעבּט צוזאַמען און שטענדיג
געקעמפּפֿט איינער געגען צווייטען, און דער קאַמפּף מאַכט טאָל־
סטאָי'ען אין אונזערע אויגען בּעזונדערס גרויס.

איז טאָלסטאָי געווען אַ טראַגישע פּערזאָן? עס האָבּען שלעכט
פֿערשטאַנען טאָלסטאָי'ען יענע, וועלכע האָבּען איהם געוואָלט מאַכען
פֿאַר אַ קדוש, פֿאַר אַ מענש, וואָס האָט זיך פֿון עולם־הזה אָבּ־
געזאָגט און געוואָרען אַ אַסקעט. טאָלסטאָי איז געווען אַ „לעבּעדיגער
זינדיגער" מענש בּיז די לעצטע טעג, אַלעס מענשליכעס, ערדישעס,
האָט ער געשפּירט און איבּערגעלעבּט אין אַ פֿיעל גרעסערער מאָס,

איידער אַנדערע געוועהנליכע מענשען, און אויב לעבען הייסט איבער-לעבען פיעל מיט'ן קערפער און דער נשמה, דאַן האָט טאָלסטאָי געלעבט אַ סך און איז אפשר געוועזן דער גליקליכסטער צווישען די גליקליכע. טאָלסטאָי האָט אָבער געוואוסט פון די אַלע קאָנפליקטען צווישען זינד און קדושה, הימעל און ערד, בעוואוסטזיין און געפיהל, פון וועלכע עס ווייכט דער היינטיגער מענש, דער יורש פון האַמ-לעט'ן; ער האָט אויך געהאַט אויסצושטעהן זיין אייגענעם גרויסען קאַמפף צווישען קינסטלער און רעליגיעזען מענשען און אין דער הינזיכט זאָגען מיר: ער איז אונזערער, ער געהערט צו אונזער דור, ער איז טראַגיש געוועזן.

טאָלסטאָי האָט אָבער פערמאָגט אויך אַזעלכעס, וועלכעס עס האָט ניט קיינער פון די היינטיגע מאָדערנע מענשען: ער איז אַ בטיחיע געוועזן. די אייביגע פראָבלעמען פון גוטס און שלעכטס האָט טאָלסטאָי געלעזען אויף אַ אָריגינעלען אופן: גוטס מוז הערשען אין לעבען און קיין קאָמפּראָמיסען קאָנען דאָ ניט זיין. קונסט, וויסענשאַפט, קולטור — דאָס אַלץ האָט ניט קיין ווערט אַן און פאַר זיך, נאָר אַלס מיטעל צו דעם הויפט-צוועק: גוטס. פיהרען זיי צו דעם גוטס אין לעבען, איז רעכט, אַז נישט, דאַרף מען זיי נישט האָבען. טאָלסטאָי האָט זיך ניט געוואָלט אָבגעבען קיין חשבון: וואָס איז דאָס גוטס גופא? צי איז בכלל דאָ אַ הויפט-צוועק אין לעבען? אפשר לוינט צו אָפּפערען מיט'ן גוטס צוליעב דער קונסט, אָדער וויסענשאַפט, קולטור, וועלכע זענען אַ צוועק אַן און פאַר זיך? דאָס אַלץ האָט טאָלסטאָי ניט געוואָלט וויסען. ער איז געוועזן אַ בטיחיע, גוטס איז פאַר איהם געוועזן אַ אַבסאָלוטע בע-דערפניש און ניט אומזיסט האָט ער אַזוי פיינט געהאַט דעם גרויסען פילאָזאָף העגעל און זיין דיאַלעקטישען אַרט דענקען. דער היינטיגער מענש דענקט, אַז אַלץ אויף דער וועלט איז ניט אַבסאָלוט, נאָר פערהעלטניסמעסיג און זיין מח קאָן אין זיך ענטהאַלטען פערשיעדענע געגענגעזעצטע בעגריפען, זיין האַרץ — פערשיעדענע געפיהלען, וועלכע ווידערשפרעכען איינער דעם צווייטען און לעבען דאָך צו-זאַמען. טאָלסטאָי האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען. דער מענש דאַרף פריהער פון אַלץ גליקליך זיין און קאָנען מאַטעריעליש און אויך גייסטיג פריי לעבען; אונזער געוויסען זאָגט אונז, אַז מיר טאָרען ניט לעבען אויפ'ן חשבון פון אַנדערע, און אַזוי ווי די היינטיגע

קולטור און פאָליטישע פאָרמען העלפען מיט דאצו, אז די עקספּלואַ-טאַציע און פאַלשקייט זאָלען ווייטער עקזיסטירען, — דעריבער, זאָל חרוב ווערען די גאַנצע קולטור, זאָל חרוב ווערען אַלץ, וואָס דער מענשליכער געדאַנק האָט געשאַפען אין משך פון דורות, אַבי דאָס גוטס זאָל אָנהויבען הערשען אין לעבען און דאָס געוויסען זאָל קאָנען רוהיג זיין. טאָלסטאָי האָט ניט געפּרובט אַנאַליזירען דאָס געפיהל פון געוויסען און פרעגען זיך: אפשר איז דאָס געוויסען אַליין נאָר אַ פּראָדוקט פון אונזער קולטור? און אפשר לוינט, אַז עס זאָל בלייבען דאָס „שלעכטס", ווייל מיט איהם צוזאַמען האָט די מענשהייט ערוואָרבען פיעל געדאַנק און רייכטום? אפשר איז די קונסט, וויסענשאַפט, ציוויליזאַציע א. אז. וו. אַזוי פיעל ווערט אַן און פאַר זיך, ווי דאָס געוויסען? טאָלסטאָי האָט אָבער פון קיין פשרות ניט געוואָלט וויסען און אָהן אויפהער האָט ער מיט אַ זעלטענער פטיחישער קראַפט געפּרעדיגט ליעבע און גערופען די מענשען „אַ טראַכט צו טהון" און דערמאָהנען זיך, אַז מיר האָבען קיין רעכט ניט אַזוי ווייטער צו לעבען. טאָלסטאָי איז דאָ געווען כמעט איינער געגען אַלע, פון זיין טעאָריע וועגען אונטערשטעלען די באַק און ניט געגענשטעלען זיך דעם שלעכטס האָט מען קאַריקאַטורען גע-מאַכט, אָבער ער איז ניט מיעד געוואָרען צו פיהרען זיין טראַגישען קאַמפּף און האָט זיך געוואונדערט, ווי די וועלט פערשטעהט איהם נישט, ווען אַלץ איז דאָך אַזוי פּראָסט און קלאָר.

אונטערפיהרענדיג אַ סך־הכל פון טאָלסטאָי'ס לעבען, דאַרפען מיר נאָך אַמאָל אונטערשטרייכען, אַז טאָלסטאָי'ס גרעסטע בעדייטונג איז אין זיין פערזענליכקייט. זיין גרויסער טאַלענט אַלס קינסטלער איז פאַר אַלעמען קלאָר און דאָ עקזיסטירען ניט קיין צוויי מיינונגען, אָבער גרויסע קינסטלער האָט די וועלט פערמאָגט אַ סך, אויסער טאָלסטאָי'ען; וועגען זיין בעדייטונג אַלס מאָראַליסט און דענקער קאָן מען דיספּו-טירען, נאָר יעדענפאַלס זענען אַפילו זיינע גרעסטע אָהנגענער מודה, אַז טאָלסטאָי האָט געהאַט פאַר זיך פיעל גרעסערע דענקער, וועלכע האָבען איהם פיעל איבערגעשטיגען; עס וואָלט אויך זיין אַ אוטאָפּיע צו מיינען, אַז די וועלט וועט ווען עס איז אָנגענומען טאָלסטאָי'ס אידעען און אָנהויבען לויט זיי דאָס לעבען איינאָרדנען, אַפילו ווי עס וועט ניט זיין, וועט די מענשהייט דאָך קיינמאָל זיך ניט אָבזאָגען פון דער געשיכטע, ניט אָנהויבען אַלץ פון בראשית און אָבוואַרפען

פֿון זיך אַליין, וואָס איז בײַ זיכער געשאַפֿען געוואָרען, ווי עס פֿאָדערט טאָלסטאָי. זײַן בעדײַטונג און אינטערעס איז דעריבער בעזונדערס גרויס נאָר אין זײַן לעבען און שאַפֿען אַלס פּערזענליכקײַט. זײַן לעהרע איז געשאַפֿען געוואָרען דורך איהם און פֿאַר איהם אַליין, אַלס אַ רעזולטאַט פֿון אַ לאַנג-יעהריגער גײַסטליכער אָרגאַנישער אַרבײַט אין לעבען. וואָלטען אַנדערע פּרובען נאָכמאַכען און לעבען ווי טאָלסטאָי, וואָלט דאָס געווען אַ העסליכע קאַריקאַטור, ווײַל דאָס, וואָס איז געווען אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדען מיט דעם שעפֿער אַליין, וואָלט דאָס פֿאַר אַנדערע געווען נאָר אַ נאָכאַהמונג. און ווי יעדע נאָכאַהמונג—מיאוס און לעכערליך. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס פֿון טאָלסטאָי'ס אידעען איז אין לעבען געשאַפֿען געוואָרען די בעגרענצטע „טאָלסטאָיאוסטווא", וועלכע איז געווען נאָר צוגעפּאַסט פֿאַר אַ קליינע סעקטע פֿון פֿאַנאַטישע און בעגרענצטע מענשען, און עס קאָן זײַן אַז קיינער האָט אַזוי ווינציג ניט סימפּאַטיזירט די „טאָלסטאָווצעס", ווי טאָלסטאָי אַליין. דאָס זעהען מיר אין פֿיעל פֿון זײַנע בריעף, וואו ער רעדט וועגען די טאָלסטאָווצעס אַלס מענשען מיט אַ געוויסע איינגעהאַלטענע בייזקײַט. דאָס זעהען מיר אויך דערין, וואָס טאָלסטאָי האָט זיך בעצויגען שטרענג נעגאַטיוו צו יעדער פּראָבע פֿון די טאָלסטאָווצעס צו פֿעראייניגען זיך אין אַ אָרגאַניזאַציע. דער מענש מיט דעם געבוירענעם אַרטיסטישען געשמאַק האָט ניט געקאָנט נישט שפּירען, אַז אויב זײַן לעהרע פּאַסט פֿאַר איהם אַליין, פֿאַר דעם בעשעפֿער, פּאַסט זי ניט פֿאַר אַנדערע, וואָס ווילען איהם פּשוט נאָכקאָפּירען, אַז אויב פֿאַר איהם אַליין איז זײַן לעהרע אַ קוואַל פֿון לעבען, איז זי פֿאַר אַנדערע אַ טויט, אויף וויפֿיעל אין איהר דריקט זיך ניט אויס זייער אייגענע פּערזענליכקײַט. מיר זעהען פּראַקטיש, אַז אַלע געמיינדעס און אינטעליגענטע קאָלאָניעס, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרען דורך די טאָלסטאָווצעס, האָבען נאָך פֿיעל מיה און מאַטערניש זיך געמוזט צופֿאַלען, און דאָס איז פֿאָרגעקומען ניט בלויז צוליעב די שווערע בעדינגונגען פֿון אַרומיגען לעבען, נאָר דער עיקר דערפֿאַר, ווײַל דאָס גײַסטיגע לעבען פֿון די קאָלאָניעס איז געווען אָרים און בעגרענצט, לאַנגווײַליג און פּוסט. דאַגעגען האָט טאָלסטאָי פֿיעל סימפּאַטיזירט — און זיי זענען ווירקליך סימפּאַטישע מענשען — יענע טאָלסטאָווצעס, בײַ וועלכע זייער „טאָלסטאָיסטווא" איז, ווי בײַ טאָלסטאָי'ען אַליין, געווען אַ אָרגאַנישער פּראָצעס, וועלכע

האָבּען ניט פערלאָרען זייער פּערזענליכקייט אין קיין בּעגרענצטע סעקטע-אָרגאַניזאַציעס, נאָר אָנגעהויבּען אַלץ אַליין, פאַר זיך און מיט זיך.

טאָלסטאָי האָט אונז געלערנט, אַז אַ מענש מוז זיך אָבּזאָגען פון זיין איגענעם „איך“, אָבּער געגען זיין ווילען איז ער אַליין טיעער געוועזען דער וועלט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט פערמאָגט אַ גרויסען איך. נאָר אַלס פּערזענליכקייט, נאָר אַלס מענש, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערען, לאַנגען וועג, איז ער בּעזונדערס גרויס געוועזען און אַלס אַזעלכער איז ער געוועזען איינער פון די געצעהלטע שריפטשטעלער אין אונזער דור, צו וועלכען מען האָט געשפּירט טיעפען דרך-ארץ און צו וועמען מען האָט זיך שטענדיג מיט אינטערעס און אַכטונג צוגעהערט. טאָלסטאָי אַליין האָט דאָס ציי-טענווייז פערשטאַנען און אין איין אָרט שרייבּט ער: „דאָס לעבּען ווייסט ניט פון קיין צוועק, מיר ווייסען נאָר פון אַ ריכטונג, פון אַ וועג“. יאָ, דאָס, איז דאָס העכסטע, וואָס אַ מענש קאָן ווייסען און וואָס רייכער אַ מענש דריקט-אויס זיין פּערזענליכקייט, וואָס שענער און וואָס ריינערע מענש אויס זיין פּערזענליכקייט, וואָס שענער און טיעפער עס איז זיין וועג, אַלץ מעהר אַכטונג און אינטערעס האָבּען מיר צו איהם. טאָלסטאָי האָט אַזאַ וועג, אַ וועג פון קאַמפף, פון מענשליכע זינד און קדושה, גאונות און שוואַכקייט דורכגעמאַכט, און פאַר דעם געניאַלען לעבּען זיינעס איז זיין נאָמען פּאָפּולער געוואָרען.

* *

*

דעם 28-טען אָקטאָבּער 1910 איז גאַנץ אייראָפּאַ אויפגעוועקט געוואָרען פון אַ אונגעוועהנליכע וועלט-נייעס: דער 83-יעהריגער זקן פון יאַסנאַיאַ-פּאָליאַנאַ איז אין אַ שטילע נאַכט ענטלאָפען פון דער-היים און איבּערגעלאָזט אַ בּריוועלע, אַז ער קאָן מעהר דאָרט ניט בּלייבּען, אַז ער וויל זיינע לעצטע טעג פון לעבּען פערבּרענגען אין התבודדות און אין תפלה. וואוהין איז דער געניאַלער מענש ענט-לאָפען? צי פון דער וועלט אין דער וויסטע, אום דאָרט צו שטאַרבּען, אָדער ער איז פון דערהיים ענטלאָפען און געוואָלט מיט דער וועלט.

מיט די גרויסע מאַסען פֿון די מיליאָנען אַרבייטענדע מענשען זיך פֿעראייניגען? נאָר דאָ לאָזט זיך אַראָב דער פֿאָרהאַנג.

אויפֿ'ן וועג האָט טאָלסטאָי זיך פֿערקיהלט, געמוזט זיך אָבשטעלען אויף דער קליינער סטאַנציע אַסטאַפּאָוואָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז קראַנק אויף אַ לונגען-אָנצינדונג און מוז אין בעט זיך לעגען. נאָר מעהר איז טאָלסטאָי פֿון בעט שוין ניט אויפֿגעשטאַנען: די קראַנק האָט זיך אומגעריכט ענטוויקעלט ניט ניט אויפֿגעשטאַנען: די קראַנק האָט זיך אומגעריכט ענטוויקעלט און דעם 7-טען נאָיאַבר איז טאָלסטאָי שטיל אָהן ליידען געשטאָרבען. זיינע לעצטע ווערטער פֿאַר'ן טויט זענען געווען: „אויף דער וועלט ליידען מיליאָנען מענשען, וואָס טהוט איהר דאָ אַרום מיר?" נאָר די וועלט האָט געוואוסט ווי אָבצושאַצען טאָלסטאָי'ען און זיין לעצטען געניאַלען אַקט פֿון לעבען. אַלע האָבען פֿערשטאַנען, אַז מיט זיין ענטלויפֿען האָט טאָלסטאָי געמאַכט אַ גראַנדיעזען אַרטיסטישען צוג, וועלכער האָט אַזוי שען געענדיגט זיין לעבען, געוויזען אַ מוסטער פֿון אַ שענעם טהאַט, וועלכער איבעראַשט מיט זיין געניאַלער פּראָסטקייט. צום שבת פֿון דער מענשהייט דאַרף מען זאָגען, אַז דאָס מאָל האָט די וועלט געוואוסט ווי געהעריג אָבצושאַצען אַ גרויסען מענשען און טיעף-טיעף זיך בוקען פֿאַר זיין גרויסע דראַמע.

אַלע האָבען מיט אַמאָל פֿערשטאַנען: עס איז געשטאָרבען ניט בלויז אַ גרויסער קינסטלער און דענקער, נאָר פֿריהער פֿון אַלץ אַ גרויסער מענש, אפשר דער גרעסטער פֿון אונזער עפּאָכע.



# שימינס פערלאַג.

## יודישע בעלעטריסטיק:

.) אַנכי. „צווישען הימעל און ערד" 50 ק.
(נאָוועלע)

2) „ „ „ר' אַבא" — — — 40 ק.
(אילוסטרירט פראַכט אויסגאַבע)

3) שלום אַש, שריפֿטען. I באַנד יוגענד 70 ק.

4) „ „ II „ אַ שטעדטיל 70 ק.

5) „ „ III „ ערצעהלונגען 70 ק.

6) „ „ IV „ מאָטיווען 70 ק.

7) „ „ V „ ארץ ישראל 70 ק.

8) „ „ באַנקראָט (המאָרעסקע) — -- 5 ק.

9) ח. נ. ביאַליק. אריה בעל גוף (ערצעהלונג) 15 ק.

10) י. מ. ווייסענבערג. שריפטען — 75 ק.

11) מ. מייטש. שריפטען — — — 75 ק.

12) ה. סמאָליסקי. אידיליען און בילדער — 25 ק.

13) „ „ „ „ אַ שפיעל — — 5 ק.

14) מ. ספּעקטאָר. אַ ראָמאַן אָהן אַ נאָמען — 50 ק.

15) דוד פינסקי. ודאבקין און יום כפור 25 ק.
(ערצעהלונגען)

16) מ. ז. פייערבערג. לאָהין? — — 25 ק.

17) יונה ראָזענפעלד. אין די שמאָלע
געסלעך (ערצעהלונגען) 25 ק.

18) אברהם רייזען. די אַלטע וועלט 25 ק.

19) „ „ „ „ הינטערוואַרג — — 25 ק.
(ערצעהלונגען)

20) נ. שאַפּמאַן. פון יענער זייט (נאָוועלע) 25 ק.

21) יהודה שטיינבערג. חסידישע מעשה'לעך 25 ק.

22) „ „ „ „ אין יענע צייטען — 25 ק.

23) יעקב שטיינבערג. נאָוועלען — — 25 ק.

24) ז. שניאור. שריפטען — — — 75 ק.

ווארשא, נאלעווקי 33

ל. נ. טאָלסטאָי.

# דער לעבעדיגער מת.

## אַ דראַמאַ.

איבערזעצט פון

ד״ר א. מוקדוני.

פערלאַג „ליטעראַטור״. ווארשא.

1912.

# פּערזאָנען:

פיאָדר וואַסיליעוויטש פּראָטאַסאָוו (פעדיא).

יעליזאַוועטאַ אַנדרייעוונאַ פּראָטאַסאָוואַ (ליזע), זיין פרוי

מישאַ, זייער זוהן.

אננאַ פּאַוולאָוונאַ, ליזעס מוטער.

סאַשאַ. אַ יונג מיידעל, ליזעס שוועסטער.

וויקטאָר מיכאַלאָוויטש קאַרענין.

אננאַ דמיטריעוונאַ קאַרענין.

פירסט סערגיי דמיטריעוויטש אַברעזקאָוו.

מאַשאַ, אַ יונגע ציגיינערין.

איוואַן מאַקאַראָוויטש, אַן'אַלטער ציגיינער )
נאַסטאַסיאַ איוואַנאָוונאַ, אַן'אַלטע ציגיינערין ) מישאַ'ס עלטערן.

אָפיציר.

אַ מוזיקאַנט.

ערשטער ציגיינער.

צווייטער ציגיינער.

אַ ציגיינערין.

ציגיינער און ציגיינערינס (כאָר).

דאָקטאָר.

מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש אַפרעמאָוו. )
סטאַכאָוו. )
בוטקעוויטש. ) פיאָדר'ס גוטע פריינד
קאָראָטקאָוו. )

איוואַן פעטראָוויטש אַלעקסאַנדראָוו .
וואָנעסענסקי , — קארעניִנס סעקרעטער .
פעטושקאָוו , — א מאלער .
אָרטעמיעוו .
א קעלנער אין א בעזונדער קאבינעט .
א קעלנער אין א שײַנק .
דער חירטה פון שײַנק .
אַ גאָראָדאָוואָי .
מעלניקאָוו .
סעקרעטאַר אין געריכט .
שווייצער .
א יונגער אדוואָקאט .
פעטרושין , — אַנ'אדוואָקאט .
א דאַמע .
אַנ'אָפיציר .
אַנ'אם ביַי פראָטאַסאָוו .
א שטוב־מיידעל .
אפרעמאָוו'ס דינער .
קארעניִנ'ס דינער .



# ערשטער אקט.

---

## ערשטעס בילד.

די האנדלונג קומט פאר אין דער הויפט־שטאדט אין דער מאזי־נונג פון פראטאסאוו — די סצענע שטעלט פאר א קליין עס־צימער.

### ערשטער אויפטריט.

אננא פאוולאוונא. (א דיקע גרויסע דאמע אין א קארסעט, זיצט אליין ביים טיי־טיש.)

### צווייטער אויפטריט.

אננא פאוול. און די אם (מיט א טשייניק).

די אם. מ׳קען נעהמען א ביסעל וואסער?

אננא פאול. מ׳קען. וואס מאכט מישינקע?

די אם. אלץ אונרוהיג. ס׳איז זעהר ניט גוט, ווען א בעל־הבית׳טע אליין זויגט איהר קינד. זי האט דארטען איהרע שמערצען און יסורים און דאס קינד ליידט דערפון. וואס פאר א מילך קען עס זיין, ווען מען שלאפט קיין נאכט ניט און מען וויינט כסדר?

אננא פאוול. דוכט זיך, זי האט זיך שוין בערוהיגט.

די אַם. אודאי בערוהיגט! עס פערקלעמט דאָס הארץ קוקענדיג. זי האָט עפּיס געשריבען און געוויינט.

## דריטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוול, די אַם און סאַשאַ (קומט).
סאַשאַ. (צו דער אַם) ליזע זוכט אייך.
די אַם. ל'גנעה, ל'גנעה. (די אַם געהט אַוועק).

## פיערטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוול. און סאַשאַ.

אַננאַ פּאַוול. די אַם זאָגט, אַז זי וויינט כסדר. פאַר־וואָס קען זי זיך ניט בערוהיגען?

סאַשאַ. ניין, איהר, מאַמאַ, זענט אַ מאָדנע. פערלאָזען דעם מאַן, דעם פאָטער פון'ם קינד און איהר ווילט נאָך, אַז זי זאָל זיין רוהיג.

אַננאַ פּאַוול. וואָס געטאָן איז געטאָן. ווען איך, די מוטער, האָב עס דערלאָזען, ניט נאָר דערלאָזען, נאָר זאָגאַר צופרידען דערפון, וואָס מיין טאָכטער ווארפט איהר מאַן, מסתמא האָט ער עס פערדיענט. מען דאַרף זיך פרעהען און ניט טרויערן, ווען דו ווערסט פּטור פון אַזאַ שלעכטען מענשען. ווערסט פּטור פון אַזאַ בריליאַנט.

סאַשאַ. מאַמאַ, פאַרוואָס רעדסטו אַזוי? דו ווייסט דאָך, אַז דאָס איז ניט ריכטיג. ער איז ניט קיין שלעכטער מענש, נאָר פערקעהרט, ער איז אַ וואונדערבאַרער, אַ וואונדערבאַרער מענש, טראָץ זיינע שוואַכקייטען און פעהלער.

אַננאַ פּאַוול. אָט דאָס איז עס — אַ וואונדערבאַרער מענש מאַקע. האָט ער נאָר געלד אין האַנד, קוקט ער צי איז עס זיינע צי פרעמדע...

סאַשאַ. מאַמאַ, ער האָט קיינמאָל קיין פרעמד געלד ניט גענומען.

אַננאַ פּאַוול. אַלץ איינס — איז דעם ווייבס.

סאַשאַ. ער האָט דאָך זיין פרוי אָבגעגעבען זיין גאַנץ

פערמעגען.

אננאַ פּאַוול. אודאי, וואָס-זשע, ער זאָל ניט אָבגעבּען, ווען ער ווייסט, אַז ער וועט עס פערשאַרלאַטאַנעווען.

סאַשאַ. פערשאַרלאַטאַנעווען צי ניט פערשאַרלאַטאַנעווען, איך ווייס נאָר איינס, אַז מ'קען זיך ניט שיידען מיט אַ מאַן און ווער רעדט מיט אַזאַ מאַן ווי פעדיאַ.

אננאַ פּאַוול. נאָך דיר נאָך דאַרף מען וואַרטען, ביז ער וועט דאָס לעצטע העמד פערשאַרלאַטאַנעווען און וועט ברענגען צו זיך זיינע געליבּטע ציגיינערינס?

סאַשאַ. ער האָט ניט קיין געליבּטע.

אננאַ פּאַוול. אָט דאָס איז דאָך דאָס אומגליק, וואָס ער האָט אייך אַלעמען פערכשופ'ט. נאָר מיך ניט, אָה, ניין! איך זעה איהם דורך און ער ווייסט עס. איך אויף ליזעס אָרט וואָלט שוין איהם אַוועקגעוואָרפען מיט אַ יאָהר צוריק.

סאַשאַ. ווי לייכט דו רעדסט עס.

אננאַ פּאַוול. ניין, ניט לייכט. אַ מוטער איז ניט לייכט צו זעהן איהר טאָכטער אַ געג'גט'ע. גלויבּ מיר, אַז עס איז מיר זעהר ניט לייכט. נאָר אַלץ בּעסער איידער צושטערען אַ יונג לעבּען. ניין, איך דאַנק גאָט, וואָס זי האָט עס ביי זיך גע'פועל'ט און אַלץ איז געענדיגט.

סאַשאַ. ס'קען זיין, אַז עס איז נאָך ניט געענדיגט.

אננאַ פּאַוול. אָהאָ, זאָל ער איהר נאָר געבּען גט.

סאַשאַ. וואָס איז עס פאַר אַ גליק?

אננאַ פּאַוול. זי איז נאָך יונג און קען נאָך זיין גליקליך.

סאַשאַ. אַך, מאַמאַ, עס איז שרעקליך וואָס איהר רעדט; ליזע קען ניט ליבּ בּעקומען אַנ'אַנדערן.

אננאַ פּאַוול. פאַרוואָס קען זי ניט? זאָל זי נאָר זיין פריי. עס וועלען זיך געפינען מענשען טויזענד מאָל בּעסערע פאַר אייער פעדיאַ, וואָס וועלען האַלטען פאַר אַ גליק חתונה-האָבען מיט ליזען.

סאַשאַ. מאַמאַ, עס איז ניט גוט, איך ווייס, איהר האָט אַנ'אויג אויף וויקטאָר קאַרענין.

אננאַ פּאַוול. און פאַרוואָס טאַקע ניט ער? ער ליעבּט זי שוין צעהן יאָהר און זי איהם אויך.

סאשא. זי ליעבט איהם, אָבער ניט ווי א מאַן. דאָס איז נור א פריינדשאַפט פון די קינדער־יאָהרען.

אַננא פּאַוול. מיר וויסען שוין די פריינדשאַפטען! זאָל גאָר ניט זיין קיין שטערונגען...

## פינפטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוולאָוונאַ, סאַשאַ. (עס קומט אריין א שטוּב־מיידעל.)

אַננא פּאַוול. וואָס?

די שטוּב־מיידעל. די בעל־הבית'טע האָט געשיקט דעם דיענער מיט א בריוועל צו וויקטאָר מיכאילאָוויטש.

אַננא פּאַוול. וועלכע בעל־הבית'טע?

שטוּב־מיידעל. יעליזאַוועטאַ אַנדרייעוונאַ.

אַננאַ פּאַוול. נו, וואָס איז?

שטוּב־מיידעל. וויקטאָר מיכאַילאָוויטש האָט געלאָזען זאָגען, אז ער קומט באלד אליין.

אַננאַ פּאַוול. (פערוואונדערט) אָט ערשט האָבען מיר פון איהם גערעדט. איך פערשטעה אָבער ניט צו וואָס. (צו סאַשאַ'ן) דו ווייסט ניט?

סאַשאַ. ס'קען זיין, אז איך ווייס, און ס'קען זיין, אז איך ווייס ניט.

אַננאַ פּאַוול. כּסדר סודות.

סאַשאַ. ליזע וועט אריינקומען, וועט זי דיר זאָגען.

אַננאַ פּאַוול. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. צו דעם שטוּב־מיידעל) מ'דאַרף דעם סאַמאָוואַר צוואַרימען. נעהם, דוניאַשאַ.

(דאָס שטוּב־מיידעל נעהמט דעם סאַמאָוואַר און געהט).

## זעקסטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוולאָוונאַ און סאַשאַ.

אַננא פּאַוול. (צו סאַשאַ'ן, וואָס איז אויפגעשטאַנען און וויל געהן) עס שטעלט זיך אַרוֹיס ווי איך האָב געזאָגט: זי האָט שוין געשיקט נאָך איהם.

סאשא. ס'קען דאָך זײַן, אַז זי האָט נאָך איהם געשיקט גאָרניט צוליעב דעם.

אננא פאַוול. צוליעב וואָס־זשע?

סאשא. איצט, אין דעם מאָמענט, איז קארעניך פאַר איהר אַלץ איינס וואָס טריפּאָנאָוונאַ.

אננא פאַוול. וועסטו שוין זעהן. איך קאָן זי דאָך. זי רופט איהם; זי זוכט זיך צו טרייסטען.

סאשאַ. אך, מאַמאַ, ווי ווייניג דו קענסט זי. ווי קענסטו אַזוי קלערען...

אַננא פאַוול. וועסט שוין זעהן. און איך בין זעהר און זעהר צופרידען.

סאַשאַ. מיר וועלען זעהן. (זינגט צו עפּיס און געהט אוועק).

## זיעבעטער אויפטריט.

אננא פּאַוולאָוונאַ אַליין.

אננא פּאַוול. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און רעדט שטיל) ווען אַזוי דאַרף זײַן, זאָל זײַן אַזוי. אָט אַזוי, יאָ...

## אַכטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוולאָוונאַ און דאָס שטוב־מיידעל.

דאָס שטוב־מיידעל. וויקטאָר מיכאַילאָוויטש איז געקומען צופאָהרען.

אננאַ פאַוול. נו, איז וואָס? בעט איהם אריין און געה זאָג עס דער בעל־הבית'טע.

(דאָס שטוב־מיידעל געהט דורך די אינערליכע טיר).

## נײַנטער אויפטריט.

אַננאַ פּאַוולאָוונאַ און וויקטאָר קארעניך.

וויקט. קאַרעניך. (קומט אַריין, גריסט זיך מיט אַננאַ פּאַוול.). יעליזאַוועטאַ אַנדרייעוונאַ האָט מיר געשיקט אַ צעטעל, אַז איך זאָל קומען. איך האָב זיך זאָ־ווי־זאָ געקליבען צו קומען צו אייך

הײַנט אין אָװענד, איך בין זעהר צופרידען... איז יעליזאװעטא אנדרעיעװנא געזונד?

אננא פאװל. זי איז געזונד. דאָס קינד איז נאָר א ביסעל אונרוהיג. זי קומט באַלד. (טרויעריג) יאָ, יאָ, אַ שװערע צײַט... איהר װײַסט דאָך מסתמא אַלץ?

קארענין. ל'וױיס. איך בין דאָך דאָ געװעזען מיט דרײַ טעג צוריק, בשעת עס האָט זיך ערהאַלטען זײַן בריעף. איז שוין אַלץ פערפאַלען?

אננא פאװל. געװיס, פערשטעהט זיך. איבערלעבען דאָסזעלבע נאָכאַמאָל װאָלט געװען שרעקליך.

קארענין. יאָ, נור אָט װאוּ מען דאַרף צעהן מאָל מעסטען און אײנמאָל אָפּשנײַדען. שנײַדען א לעבעדיגע זאַך איז שװער.

אננא פאװל. פערשטעהט זיך שװער. נאָר זײער פאַמיליען־לעבען איז שוין לאַנג אָנגעריסען און צוריסען, עס איז גאָרניט אַזוי װי עס װײַזט זיך אויס. ער פערשטעהט אַלײן, אַז נאָך דעם, װאָס עס איז געשעהען, טאָר ער ניט קומען צוריק.

קארענין. פאַרװאָס?

אננא פאװל. װי־זשע װילט איהר, אַז נאָך אַלע זײַנע נידערטרעכטיגקײַטען, נאָך די אַלע שבועות, װאָס ער האָט געגעבען, אַז װײַטער װעט עס ניט פּאָרקומען און אויב עס װעט װײַטער פּאָרקומען, זאָגט ער זיך אַלײן אָב פון אַלע רעכט, װאָס אַ מאַן האָט אויף זײַן פרוי און ניט איהר פאָלשטענדיגע פרײַהײַט...

קארענין. װאָס פאַר אַ פרײַהײַט קען האָבען א פרוי, װאָס איז געבונדען דורך די הײַראַט?

אננא פאװל. גט — ער האָט צוגעזאָגט גט. און מיר װעלען עס פאָדערן.

קארענין. יאָ, נאָר יעליזאַװעטא אנדרעיעװנא האָט דאָך איהם אַזוי ליעב געהאַט...

אננא פאװל. אַך, איהר ליעבע האָט געהאַט אויסצושטעהן אַזוי פיעל לײַדען, אַז איך װײס ניט צי עס איז עפּיס געבליבען פון איהר. דאָ איז געװען שכרות, פאַלשקײַט און ניט־טרײַהײַט. קען מען דען ליעבען אַזאַ מאַן?

קאַרעָנין. פאַר דער ליעבע איז אַלץ מעָגליך.

אַננאַ פאַוול. איהר זאָגט ליעבע, נאָר ווי ליעבט מען אזא שמאַטע, אַ מענשען אויף וועלכען מען קען זיך אין קיין הינזיכט ניט פערלאָזען? אָט נאַט אייך, וואָס איז אָט איצט געווען... (קוקט אויף דער טיר און דערצעהלט אײלענד). די געשעפטען זענען רואינירט, אַלץ איז פערמשכּנ'ט, צאָהלען איז ניטאָ מיט וואָס. צום סוף — שיקט דער אָנקעל 2000 צו בעצאָהלען די פראָצענטען, פאָהרט ער אַוועק מיט'ן געלד און ווערט פערפאַלען. די פרוי זיצט מיט אַ קראַנק קינד און וואַרט. ענדליך בעקומט מען פון איהם אַ בריעף — מען זאָל איהם שיקען וועש און זאַכען.

קאַרעָנין. יאָ, יאָ. איך ווייס.

## צעהנטער אויפטריט.

אַננאַ פאַוולאָוונאַ, קאַרעָנין. עס קומען אַריין ליזע און סאַשאַ.

אַננאַ פאַוול. וויקטאָר מיכאַילאָוויטש איז געקומען.

קאַרעָנין. יאָ, מען האָט מיך אַ ביסעל פערהאַלטען. (געריסט זיך מיט די שוועסטער)

ליזע. כ'דאַנק אייך. איך האָב צו אייך אַ גרויסע ביטע, איך האָב ניט צו וועמען זיך ווענדען.

קאַרעָנין. אַלץ וואָס איך בין אימשטאַנד.

ליזע. איהר ווייסט דאָך אַלץ...

קאַרעָנין. יאָ, איך ווייס.

אַננאַ פאַוול. איך וועל אייך לאָזען אַליין (צו סאַשאַ'ן) לאָמיר געהן, לאָמיר זיי לאָזען אַליין (געהט אָב מיט סאַשאַ'ן),

## עלפטער אויפטריט.

ליזע און קאַרעָנין.

ליזע. יאָ, ער האָט מיר געשריבען, אז ער האָלט, אז צווישען אונז איז אַלץ געענדיגט. איך (האַלט איין די טרעהרען) האָב מיך אַזוי בעלײדיגט פון דעם, אַזוי... נו, מיט איין וואָרט איך האָב בײַ מיר געפּועל'ט צו אָבשנײַדען אײנמאָל פאַר אַלץ

מאָל . . . און האָב איהם געענטפערט , אז איך נעהם אן זײן אבזאָג .

קאַרעניִן . און איצט האָט איהר חרטה ?

ליזע . יאָ , איך האָב דערפיהלט , אז עס איז זעהר שלעכט פון מײן זײט . . . אז איך קען ניט . אלץ װעל איך אננעהמען פאַר גוט , אבי זיך ניט פונאַנדערגעהן מיט איהם . . . קורץ ניט איהם איבער אָט דעם בריעף . כ'בעט אײַך , װיקטאָר . . . ניט איהם איבער דער בריעף און זאָגט . . . און ברענגט איהם אהער .

קאַרעניִן . (פערװאונדערט) װי אַזױ ?

ליזע . זאָגט איהם , אז איך בעט איהם , ער זאָל אלץ פערגעסען און קומען צוריק . איך װאָלט געקענט דעם בריעף אָבשיקען אײנפאַך , נאָר איך קען איהם : צום אָנהױב װעט ער זײן טיעף גערירט , שפּעטער אָבער קומט װעמענס ס'איז אײנ-פלוס , ער װעט זיך בעדענקען און װעט טאָן גראָד ניט דאָס , װאָס ער װיל .

קאַרעניִן . כ'װעל טאָן אַלץ , װאָס איך בין איִמשטאַנד .

ליזע . איהר װאונדערט זיך מסתמא , פאַרװאָס איך בעט עס גראָד אײַך ?

קאַרעניִן . ניין . . . נאָר , מ'דאַרף זאָגען דעם אמת , יאָ , עס װאונדערט מיך . . .

ליזע . נאָר איהר זענט ניט אין כעס ?

קאַרעניִן . איך קען דען זײן אין כעס אויף אײַך ?

ליזע . איך האָב אײַך געבעטען , װײַל איך װײס , אז איהר ליעבט איהם .

קאַרעניִן . אי איהם , אי אײַך . איהר װײסט עס . איך ליעב איהם ניט פאַר מיר נאָר פאַר אײַך . און איך דאַנק אײַך , װאָס איהר טרויט מיר . כ'װעל טאָן װאָס איך װעל קענען .

ליזע . כ'װײס . איך װעל אײַך אלץ זאָגען : איך בין הײַנט געפאָהרען צו אפרעמאָװ'ן ערקונדיגען זיך װאו ער איז . מען האָט מיר געזאָגט , אז ער איז אַװעקגעפאָהרען צו די ציי-געַנער . און אָט פאַר דעם שרעק איך זיך . פאַר דער נײַער בעגײַסטערונג האָב איך מורא . איך װײס , אז אויב מען װעט איהם ניט אָבהאַלטען צו דער ריכטיגער צײַט , װעט ער זיך פער-פלאָנטערן . אָט װאָס עס איז נויטיג . װעט איהר פאָהרען ?

קאַרענין. פֿערשטעהט זיך, באַלד.

ליזע. פֿאָהרט, געפֿינט איהם און זאָגט איהם, אַז אַלץ ווערט פֿערגעסען, אַז איך ערוואַרט איהם.

קאַרענין. (שטעהט אויף) נאָר וואו זאָל איך איהם זוכען?

ליזע. ער איז ביי די ציגײַנער. איך בין דאָרט אַליין געוועזען. איך בין שוין געוועזען ביי דער טיר, כ'האָב געוואָלט אַרײַנשיקען איהם דעם בריעף, נאָר איך האָב זיך בעטראַכט און בעשטימט צו בעטען אײַך... אָט איז דער אַדרעס. זאָגט־זשע איהם, אַז ער זאָל קומען צוריק, אַז עס האָט גאָרניט פּאַסירט, אַז אַלץ איז פֿערגעסען געוואָרען. טוט עס צוליעב אײַער ליעבע צו איהם און אײַער פֿרײַנדשאַפֿט צו אונז.

קאַרענין. כ'וועל טאָן אַלץ וואָס כ'וועל קענען. (געזעגענט זיך און געהט אָב).

## צוועלפֿטער אויפֿטריט.

ליזע.

ליזע. איך קען ניט, איך קען ניט. אַלץ בעסער אַזוי־דער... איך קען ניט.

## דרײַצעהנטער אויפֿטריט.

ליזע עס קומט אַרײַן סאַשאַ.

סאַשאַ. נו, וואָס? געשיקט?

ליזע. (מאַכט אַ בעשטימונגסצײַכען מיט'ן קאָפּ).

סאַשאַ. און ער האָט מסכים געוועזען?

ליזע. פֿערשטעהט זיך.

סאַשאַ. פֿאַרוואָס גראָד ער? כ'פֿערשטעה ניט.

ליזע. ווער־זשע?

סאַשאַ. דו ווייסט דאָך אָבער, אַז ער איז פֿערליעבט אין דיר?

ליזע. דאָס איז אַלץ געוועזען און פֿאַריבער. ווען־זשע וואָלסטו געוואָלט, אַז איך זאָל שיקען? ווי מיינסטו, ער וועט קומען?

פאשא. איך בין זיכער, ווייל...

## פיערצעהנטער אויפטריט.

ליזע, ראַשאַ ס'קומט אריין אננאַ פאוולאָוונאַ.

אננא פאוול. וואו איז וויקטאָר מיכײַלאָוויטש? (פאשא בלייבט שטיל).

ליזע. אַוועקגעפאָהרען.

אננא פאוול. וואָס הייסט אַוועקגעפאָהרען?

ליזע. איך האָב איהם געבעטען ערפילען מײַנע א ביטע.

אננא פאוול. וואָס איז עס פאר א ביטע? ווײַטער א סוד?

ליזע. ניט קיין סוד. איך האָב איהם איינפאך געבעטען, אז ער זאל איבערגעבען א בריף פעדיאַ'ן.

אננא פאוול, פעדיאַ'ן? פיאָדר וואסיליעוויטש'ן?

ליזע. יאָ, פעדיאַ'ן.

אננא פאוול. און איך האָב געמיינט, אז אײַערע בעציהונגען זענען שוין איבערגעריסען געוואָרען.

ליזע. איך קען זיך ניט שײַדען מיט איהם!

אננא פאוול. ווי! ווײַטער פון סאמע אָנהויב?

ליזע. איך האָב געוואָלט, איך האָב מיר געגעבען מיה, נור איך קען ניט. אַלץ ווען איהר בײַ מיר פועל'ן, נור ניט שײַדען זיך מיט איהם.

אננא פאוול. איז וואָס־זשע, ווילסטו הייסט עס, ער זאל קומען צוריק אהער?

ליזע. יאָ.

אננא פאוול. ווײַטער אַרייַנלאָזען צו זיך אין הויז דאָס עקעלהאַפטע בעשעפעניש?

ליזע. מאַמאַ, איך בעט דיר ניט אויסדריקען זיך אזוי וועגען מײַן מאַן.

אננא פאוול. ער איז געווען דײַן מאַן.

ליזא. ער איז יעצט אויך מײַן מאַן.

אננא פאוול. א שאַרלאַטאַן, א שכור, אַ הולטאי—און דו קענסט זיך מיט איהם ניט שײַדען?!

ליזע. פאַרוואָס פײַניגסט דו מיך? מיר איז אזוי געווג

שוועֶר און דו ווילסט נאָך מעֶהר אַזוי ווי אויף להלעים.

אננאַ פּאַוול. איך פּייניג דיך?! וועל איך גאָר אוועק־פאָהרען. איך קען עס ניט צוזעהן.

ליזע. (שווייגט).

אננאַ פּאַוול. איך זעה, אַז איהר זענט עס נאָר אויסען, איך שטער אייך. איך קען אַזוי ניט לעבען. איך הויב אייך ניט אָן צו פערשטעהן. אַלץ נאָך דער לעצטער מאָדע. דאָ בעשטימסטו צו שיידען זיך, פּלוצלונג פּאַלט דיר איין און דו שרייבסט אוים אַ מענשען, וואָס איז פערליעבט אין דיר...

ליזע. עס איז ניט ריכטיג, עס הויבט זיך ניט אָן.

אננאַ פּאַוול. קארענין האָט דיר געמאַכט אַ פּאָרשלאָג... און דו שיקסט איהם ברענגען דיין מאַן... צו וואָס איז דאָס? צו דערוועקען אייפערזיכט?

ליזע. מאַמאַ, עס איז שרעקליך דאָס, וואָס דו רעדסט! לאָז מיך צורוה.

אננאַ פּאַוול. טאָ טרייב אַרוים די מוטער פון שטוב און לאָז אַריין דעם הולטאַי דעם מאַן דיינעם. איך וועל ניט וואַרטען אויף דעם. זייט געזונד, טוט וואָס איהר ווילט! (געהט אָב, גיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר).

## פופצעהנטער אויפטריט.

ליזע און סאַשאַ.

ליזע. (פאַלט אויף אַ שטוהל) דאָס האָט נאָך געפעהלט!

סאַשאַ. ניט געפעהרליך, אַלץ וועט גוט זיין. די מאַמאַ וועלען מיר בערוהיגען.

## זעכצעהנטער אויפטריט.

ליזע, סאַשאַ און אַננאַ פּאַוולאָוונאַ (געהט דורך).

אננאַ פּאַוול. דוניאַשאַ, מיין טשעמאָדאַן!

סאַשאַ. מאַמאַ! הער נאָר אוים! (געהט נאָך איהר, ווינקט צו דער שוועסטער).

# צוויטעס בילד.

---

## ערשטער אויפטריט.

אַ צימער בײַ די ציגײַנער. דער באַר זינגט „קאָנאַוועלאַ“. פעדיאַ ליגט אויף אַ דיוואַן מיט'ן פּנים אַראָב אָהן אַ ראָק. אַפרעמאָוו זיצט רײַטענדיג אויף אַ שטוהל געגען דעם באַר-אָנפיהרער. אַן אָפיציר זיצט בײַ אַ טיש, אויף וועל-כען עס שטעהט שאַמפּאַניער און גלעזער. דאָ שטעהט אַ מוזי-קאַנט און פערשרײַבט.

אַפרעמאָוו. פעדיאַ, דו שלאָפסט?

פעדיאַ. (הויבט זיך אויף). ניט געררעדט! איצט — „ניע וועטשערניאַיאַ“.

אַ ציגײַנער. מ'קען ניט, פיאָדר וואַסיליעוויטש. איצט זאָל מאַשאַ אַליין עפּיס זינגען.

פעדיאַ. נו, גוט. אָבער דערנאָך — „ניע וועטשער-ניאַיאַ“ (לעגט זיך ווײַטער).

דער אָפיציר. „טשאַס ראָקאָוואָי“?

דער ציגײַנער. זענט איהר מסכים?

אַפרעמאָוו. זאָל זײַן!

דער אָפיציר. (צום מוזיקאַנט) נו, וואָס הערט זיך, האָט איהר פערשריבען?

דער מוזיקאַנט. אונמעגליך. יעדעס מאָל נעהט אַרויס אַנדערש. גאָר אַן'אַנדער סקאַלאַ, אָט דאָ... (רופט אַ ציגײַנערין, וועלכע קומט אַרײַן) ווי ווערט דאָס זײַן? (זינגט צו).

די ציגײַנערין. אָט אַזוי איז עס טאַקע. אַזוי, אויס-געצייכענט.

פעדיאַ. (אויפהויבענדיג זיך) ער וועט ניט פערשרײַבען. און אַז ער וועט יאָ פערשרײַבען און וועט עס אַרײַנשמוגלען אין אַן'אָפּערע — וועט ער אַלץ פערפלאַכען און פערמאוסען. נו, מאַשאַ, שטעל אַרויס האָטש „טשאַס“! נעהם די גיטאַרע! (שטעהט אויף, זעצט זיך אַנטקעגען איהר און קוקט איהר אַרײַן אין די אויגען).

מ אַ ש אַ. (זינגט).

פ עֶ ד י אַ. דאָס איז וואויל, אַי מאַשאַ! נו, איצט — „ניעָ וועטשעֶרניאַיאַ".

אַ פּ ר עֶ מ אָ ו. ניין, וואַרט, פריהער מיין בעגרעבניש־ליעד.

ד עֶ ר אָ פ י צ י ר, פאַרוואָס עפּיס אַ בעגרעבניש־ליעד?

אַ פּ ר עֶ מ אָ ו. ווייל, ווען איך וועל שטאַרבען, פערשטעהסט, איך וועל שטאַרבען, אין קבר וועל איך ליעגען, וועלען קומען ציגיינער... פערשטעהסט? אַזוי וועל איך אָנזאָגען מיין ווייב אין מיין צואה. און זיי וועלען זינגען „שאָלמע־וועֶרסטאַ" — וועל איך פון קבר אויפשפּרינגען — פערשטעהסט? (צום מוזי־קאַנט) אָט וואָס דו זאָלסט פערשרייבען! נו, האַק!

(די ציגיינער זינגען).

אַ פּ ר עֶ מ אָ ו. (מאַכט אַ קאָזעליק)

(די ציגיינער שמייכלען און זינגען. מען פּאַטשט בראַוואָ).

אַ פּ ר עֶ מ אָ ו. (זעצט זיך, דאָס ליעד ענדיגט זיך).

ד י צ י ג יי נ עֶ ר, אַי, מיכאַיל אַנדרייעוויטש, אַנ׳אמת׳ער ציגיינער און ווייטער גאָרניט!

פ עֶ ד י אַ. נו, איצט — „ניעָ וועטשעֶרניאַיאַ".

(די ציגיינער זינגען).

פ עֶ ד י אַ. אָט דאָס איז זי, אָט דאָס איז זי! וואונדער־שען! און וואו געשיהט דאָס אַלץ, וואָס דאָ ווערט אַרויסגע־זאָגט? אַך, ווי גוט! פאַרוואָס קען אַ מענש דערגרייכען צו אַזאַ בעגייסטערונג, און פערציהען עס ווייטער איז ער ניט אימשטאַנד?

ד עֶ ר מ ו ז י ק אַ נ ט. (פערשרייבט) יאָ, דאָס איז זעהר אָריגינעל.

פ עֶ ד י אַ. ניט אָריגינעל, דאָס איז דאָס ריכטיגע!

אַ פּ ר עֶ מ אָ ו. נו, איהר רוהט אָב (ער נעהמט די גיטאַרע און זעצט זיך צו צו קאַטיאַ׳ן)

ד עֶ ר מ ו ז י ק אַ נ ט. עס איז אייגענטליך זעהר איינפאַך, נאָר וויפיעל ריטם!

פ עֶ ד י אַ. (מאַכט מיט׳ן האַנד, געהט צו צו מאַשאַ׳ן. זעצט זיך נעבען איהר אויפ׳ן דיוואַן). אַך, מאַשאַ, מאַשאַ, ווי דו צונעהמסט מיך, דאָרט אינעווייניג.

מ אָ ש אַ. און דאָס וואָס איך האָב אײַך געבעטען?

פ עֶ ד י אַ. וואָס? געלד? (נעהמט ארויס פון הויזען-קעשענע, נעהם.

מ אַ ש אַ. (לאַכט, נעהמט דאָס געלד און בעהאַלט אין בוזים).

פ עֶ ד י אַ. (צו די ציגײַנער) קלײַבּ זיך דאָ פונאַנדער! זי עפענט פאַר מיר וועלטען און אַלײַן בעטעלט זי בײַ מיר. מאַשאַ, דו הויבּסט דאָך גאָרניט אָן צו פערשטעהן דאָס, וואָס דו טוסט!

מ אַ ש אַ. פאַרוואָס פערשטעה איך ניט? איך פערשטעה, אַז ווען איך האָב ליעב, פאַר יענעם פלײַס איך זיך און זינג בעסער.

פ עֶ ד י אַ. און מיך ליעבּסט דו?

מ אַ ש אַ. ווײַזט אוים, אַז איך ליעב.

פ עֶ ד י אַ. וואונדערבּאַר! (קושט זי).

## צווייטער אויפטריט.

די ציגײַנער און ציגײַנערינס געהען אָב, עס שטעלען זיך אָב פאָרלעך: פ עֶ ד י אַ מיט מ אַ ש אַ, א פ ר עֶ מ אָ ו ו מיט קאַטיאַ, דער אָפיציר מיט מאַשאַ. דער מוזיקאַנט שרײַבּט, אַ ציגײַנער קלאַפּט אוים אַ וואַלס אויף דער גיטאַרע;

פ עֶ ד י אַ. איך בּין דאָך אַ בעטרונקענער. און דיר ערלויבּט דאָך דער כאָר ניט.

מ אַ ש אַ. דער כאָר איז זיך אײַן זאַך און דאָס האַרץ איז אַן אַנדער זאַך. אַז איך ליעב וועמען, ליעב איך. און ווער עס איז מיר מאוס, איז מאוס.

פ עֶ ד י אַ. גוט! און דיר איז גוט?

מ אַ ש אַ. פערשטעהט זיך גוט. ווען עס זענען דאָ גוטע געסט, איז אונז אויך פרעהליך.

## דריטער אויפטריט.

(ס'קומט אריין א ציגײַנער).

א ציגײַנער. (צו פעדיא'ן) אויף אײַך פרעגט זיך א הערד.
פעדיא. וואס פאר א הערד?
דער ציגײַנער. ל'ווײס ניט. גוט געקלײדעט. אין א סאבאל=פעלץ.
פעדיא. א פריץ? נו, וואס איז די רײד, רוף איהם אריין.

## פיערטער אויפטריט.

דיזעלבע (אהן דעם ציגײַנער).

פעדיא. א, וויקטאר! אט ווען איך האב גאר ניט ערוואַרט! ווארף אראב דעם פעלץ. וואס פאר א ווינד האט דיך אהער געבראכט? נו, זעץ דיך, הער „ניע וועטשערניאיא״.
קארענין Je voudrais wous parler sous tèmoins.
(איך וויל מיט אײַך רײדען אונטער פיער אויגען)
פעדיא. װעגען וואס?
קארענין. Je viens de cheź vous. Votre femme m'a chargé de cette letfre et puis.
(איך קום אט ערשט פון אײַך, אײַער פרוי האט מיר געגעבען אט דעם בריעף און...)
פעדיא. (נעהמט דעם בריעף, לײענט, ברוגז'ט זיך, דערנאך הויבט ער אהן ליעבליך צו שמײכלען) הער אויס, קארענין, דו ווײסט וואס עס איז געשריבען אין דעם בריעף?
קארענין. ל'ווײס. און ל'וויל זאגען...
פעדיא. ווארט, ווארט. דו מײן נור ניט, אז איך בין שכור און מײַנע ווערטער זענען ניט בײַם קלארען זינען, ד. ה. איך אלײן בין ניט בײַם קלארען זינען. איך בין טאקי שכור, נאר די זאך זעה איך קלאר און דײַטליך. נו, וואס האט מען דיר געהײסען זאגען?
קארענין. מיר האט מען געבעטען געפינען דיך און זאגען דיר אז... ז... ערוואַרט דיך. זי בעט דיר אלץ

פערגעסען און קומען צוריק.

פעדיא. (הערט אוים שווייגענד, קוקט איהם אין די אויגען) איך פערשטעה פונדעסטוועגען ניט, ווי קומסטו, דו?...

קארענין. יעליזאוועטא אנדרייעוונא האט געשיקט נאך מיר און האט מיך געבעטען...

פעדיא. אזוי...

קארענין, איך רייד ניט אזוי אינ'ם נאמען פון דיין פרוי ווי פון מיין אייגענעם נאמען. איך בעט דיך, לאמיר פאהרען אהיים.

פעדיא. דו ביזט א בעסערער מענש פון מיר. נאריש-קייטען! עס איז זעהר לייכט צו זיין בעסער פאר מיר. איך בין א טויגעניכטס און דו ביזט א גוטער, א גוטער מענש. און צוליעב דעם אליין וועל איך ניט ענדערן מיין בעשלוס. און ניט צוליעב דעם, נור איינפאך איך קען ניט און וויל ניט... נו, ווי אזוי וועל איך פאהרען?

קארענין. לאמיר איצט פאהרען צו מיר. איך וועל איהר זאגען, אז דו קומסט צוריק און מארגען...

פעדיא. און מארגען וואס? איך וועל אלץ בלייבען איך און זי — זי (געהט צו צום טיש און טרינקט) א צאהן דארף מען מיט איינמאל ארויסרייסען. איך האב דאס געזאגט, אז אויב איך וועל ווייטער ניט האלטען ווארט, זאל זי מיך אוועקווארפען. איך האב מיין ווארט ניט געהאלטען, און אלץ איז געענדיגט.

קארענין. פאר דיר, אבער ניט פאר איהר.

פעדיא. מאדנע, עפעס זארגסטו זעהר, אז אונזער הייראט זאל חלילה ניט צושטערט ווערען.

קארענין. (וויל עפּים זאגען, עס קומט צו מאשא).

פעדיא. (שלאגט איהם איבער) דו הער בעסער, ווי זי זינגט „ליאן“. מאשא!

(די ציגיינער קומען זיך צונויף).

מאשא. (שושקענדיג) אנשטענדיג אנרופען איהם.

פעדיא. (לאכט) אנשטענדיג: וויקטאר, הארינקע, מיכאי-לאוויטש.

(די ציגיינער זינגען).

קאַרעניִן. (הערט פערשעמט, פרעגט דערנאָך): וויפיעל געבען זיי?

פעדיאַ. נו, גיב א פינפאונצוואַנציגער!

קאַרעניִן. (גיט).

פעדיאַ. פרעכטיג! איצט — „ליאָן" (די ציגיינער זינגען).

פעדיאַ. (קוקט זיך אַרום) אַנטלאָפען קאַרענין, נו, מיט'ן רויך!

(די ציגיינער געהען זיך פונאנדער).

## זעקסטער אויפטריט.

פעדיאַ. (זעצט זיך מיט מאשא'ן) דו ווייסט, ווער ער איז?

מאשאַ. כ'האָב געהערט די פאמיליע.

פעדיאַ. ער איז אַן'אויסגעצייכענטער מענש. ער איז געקומען רופען מיך אַהיים, צו מיין פרוי. זי ליעבט מיך, דעם שוטה, און איך, אט וואָס איך טו!

מאשאַ. וואָס-זשע, ס'איז טאַקע ניט גוט. מען דאַרף פאָהרען צו איהר, מען דאַרף אויף איהר רחמנות האָבען.

פעדיאַ. דו מיינסט מ'דאַרף? און איך מיין, אַז מ'דאַרף ניט.

מאשאַ, געוויס, ווען דו ליעבסט ניט, דאַרף מען ניט. נאָר די ליעבע איז זעהר טייער.

פעדיאַ. פון וואַנען ווייסט דו עס?

מאשאַ. מסתמא ווייס איך...

פעדיאַ. נו, קוש מיך, עה, ציגיינער! נאָכאַמאָל „ליאָן" און דאַן — באַסטאַ!

(די ציגיינער הויבען אָן זינגען).

פעדיאַ. אַך, ווי גוט. ווען איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט אויפגעכאַפּט... אָט אַזוי שטאַרבען...

(פאָרהאַנג.)



# צווייטער אקט.

---

## ערשטעם בילד.

נאָכ׳ן ערשטען אקט איז פאָריבער צוויי וואָכען, ביי ליזען. קאַרענין און אננא פאוולאָוונא זיצען אין עס-צימער.
ס׳קומט אריין סאשא.

### ערשטער אויפטריט.

קארענין. נו, וואָס?

סאשא. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אז עס איז געפאהר ניטאָ. מען זאָל איהם נאָר ניט פערקיהלען.

אננא פאוול. און ליזע איז גאָר אוים מענש.

סאשא. דער דאָקטאָר זאָגט, אז עס איז א פאלשער קרופ אין א לייכטער פאָרם. (ווייזט אָן אויף א קאָרב) וואָס איז דאָס?

אננא פאוול. דאָס האָט וויקטאָר געבראַכט ווייַנטרויבען.

קארענין. ווילט איהר אפשר?

סאשא. יאָ, זי ליעבט עס. זי איז זעהר נערוועז געוואָרען.

קארענין. צוויי נעכט ניט שלאָפען און ניט עסען.

סאשא. (שמייכלענדיג) און איהר אויך דאָך.

קארענין. איך — ס׳איז גאָר אַנ׳אַנדערע זאַך.

## צווייטער אויפטריט.

דיזעלבע. (ס'קומען אריין) דער דאָקטאָר און ליזע.

דער דאָקטאָר. (אויטאָריטעטיש) זאָ, זאָ. יעדע האלבע שעה זאָלט איהר בייטען, אויב ער וועט ניט שלאָפען. אויב ער וועט שלאָפען, ריהרט איהם ניט. שמירען דעם האלז דאַרף מען ניט. די טעמפּעראַטור זאָלט איהר אין צימער האַלטען דיזעלבע.

ליזע. און אויב עס וועט איהם ווידער פערחאַפען דער אָטעם.

דער דאָקטאָר. עס דאַרף ניט געשעהען. געשיהט עס — איז פּולווערויזאַציע. און אויסערדעם פּראָשקעס, אין דערפריה איינעם און אין אָווענד נאָך איינעם. אָט וועל איך עס צושרייבען.

אַננאַ פּאַוול. ווילט איהר ניט, דאָקטאָר, טיי?

דאָקטאָר. ניין, כ'דאַנק, די קראַנקע וואַרטען. (זעצט זיך ביים טיש).

(כאַשאַ דערלאַנגט איהם פּאַפּיר און טינט).

ליזע. איז עס בעשטימט ניט קיין קרופּ?

דאָקטאָר. (שמייכלענדיג) גאַנץ ריכטיג. (שרייבט).

קאַרענין. (צו ליזען) נו, טרינקט איהר איצט טיי אָדער גלייכער — געהט רוהט זיך אוים, גיט אַ קוק אויף זיך, וואָס עס איז פון אייך געוואָרען.

ליזע. איצט האָב איך אָבגעלעבט. אַ דאַנק אייך. אָט איז אַנ'אמת'ער פריינד. (דריקט איהם די האַנד).

(כאַשאַ געהט אָב מיט כעס).

ליזע. איך דאַנק אייך, מיין פריינד. אָט וואו פר...

קאַרענין. וואָס האָב איך אַזוינס געטאָן? עס איז חידקליך ניטאָ פאַרוואָס מיר צו דאַנקען.

ליזע. און ווער האָט קיין נעכט ניט געשלאָפען? ווער האָט געבראַכט אָט די בערימטהייט?

קאַרענין. איך בין שוין בעלוינט מיט דעם, וואָס מי־קאַ איז אויסער געפאַהר, און הויפּטזעכליך מיט אייער גוטסקייט.

ליזע. (דריקט איהם ווייטער די האַנד און לאַכט, בעווייזט איהם אַ מטבע אין איהר האַנד) דאָס איז פאַר'ן דאָקטאָר. נאָר איך קען

קײנמאָל ניט; איך ייײס ניט װי אַזױ מען גיט.

קאַרעניִן. איך קען אויך ניט.

אננאַ פּאַװל. װאָס איך קען ניט?

ליזע. געבען געלד דעם דאָקטאָר. ער האָט מיר געראַטעװעט דאָס, װאָס איז טײַערער פונ׳ם לעבען אַלײן און איך גיב איהם געלד. ס׳איז עפּיס אַנ׳אונאַנגענעהם געפיהל.

אננאַ פּאַװל. גיב אַהער, איך װעל געבען. איך װײס װי. זעהר אײנפאַך.

דער דאָקטאָר. (שטעהט אויף און גיט דעם רעצעפּט) די פּראָשקעס גיט איין אַנ׳עס־לעפעל געקאָכט װאַסער. גוט אויסמישען און... (רעדט װײטער).

(קאַרעניִן בײם טיש טרינקט טײ. ס׳טרעטען פאָר אין פאָדערגרונד אננאַ פּאַװל. און סאַשאַ).

סאַשאַ. איך קען ניט זעהן זײערע בעציהונגען. ריכטיג װי זי איז פערליעבט אין איהם.

אננאַ פּאַװל. װאָס איז עס פאר אַנ׳עולה?

סאַשאַ. עקעלהאַפט.

דער דאָקטאָר. (געהט אַװעק. געזעגענט זיך מיט אַלעמען. אננא פּאװל. געהט איהם בעגלייטען).

## דריטער אויפטריט.

ליזע, קאַרעניִן און סאַשאַ.

ליזע. (צו קאַרענינען) ער איז איצט אַזױ ליעב. װי עס איז איהם נאָר געװאָרען לײַכטער, האָט ער אָנגעהויבען שמײכלען און בעלעבעטשען. איך װיל געהן צו איהם. און פון אײַך אװעקגעהן װילט זיך אויך ניט.

קאַרעניִן. טרינקט טײ, עסט עטװאָס.

ליזע: איך דאַרף איצט קײן זאַך ניט. מיר איז איצט אַזױ גוט, אַזױ גוט נאָכ׳ן שרעק, װאָס איך האָב איבערגעלעבט. (הליפּעט).

קאַרעניִן. אָט זעהט, װי שװאַך איהר זענט.

ליזע. איך בין גליקליך. איהר װילט אַ קוק טאָן אויף איהם?

קאַרעֶנִין. פעֶרשטעֶהט זִיך.
ליִזעֶ. קומט מִיט מִיר. (געֶהעֶן אָפּ).

## פיערטער אויפטריט.

אננאַ פּאַוול. (קומט צורִיק צו סאַשאַ׳ן).

אננאַ פּאַוול. וואָס האָסטו זיך אָנגעֶבלאָזעֶן. ל׳האָב אַזוֹי שעֶן אָבּגעֶגעֶבּעֶן דאָס געֶלד, אַז עֶר האָט גענומעֶן.

סאַשאַ. עֶקעֶלהאַפּט! זִי האָט אִיהם מִיטגעֶנומעֶן אִין קִינדעֶר־צִימעֶר. רִיכטִיג ווִי עֶר וואָלט געֶווען אִיהרעֶר אַ חתן אָדעֶר אַ מאַן.

אננאַ פּאַוול. וואָס געֶהט עֶס דִיר אָן? פאַרוואָס קאָכס־טו זיך אַזוֹי? דו האָסט זיך אפשר געֶקלִיבּעֶן חתונה האָבּעֶן מִיט אִיהם?

סאַשאַ. אִיך?! פאַר דעֶם האָלץ? אִיך ווִעל בּעֶסעֶר ל׳ווייִס נִיט מִיט ווִעֶמעֶן חתונה האָבּעֶן, אַבּי נִיט מִיט אִיהם. מִיר אִיז עֶס קיינמאָל נאָך נִיט אייִנגעֶפאַלעֶן. מִיר עֶקעֶלט נאָר, וואָס ליִזעֶ קעֶן נאָך פעֶדיאַ׳ן ווִעֶרעֶן נאָהנט צו אַ פרעֶמדעֶן מעֶנשעֶן.

אננאַ פּאַוול. וואָס אִיז עֶר פאַר אַ פרעֶמדעֶר — אַ פרייִנד פון די קִינדעֶר־יאָהרעֶן.

סאַשאַ. אִיך זעֶה אָבּעֶר נאָך זייִעֶר שמייכלעֶן, אִין זייִ־עֶרעֶ אויגעֶן, אַז זייִ זעֶנעֶן פעֶרליִעבּט.

אננאַ פּאַוול. וואָס אִיז דאָ דעֶר וואונדעֶר? אַ מעֶנש האָט אַנטייל גענומעֶן אִין דעֶר קראַנקהייט פונ׳ם קִינד, האָט מִיטגעֶפִיהלט מִיט אִיהר, האָט אִיהר געֶהאָלפעֶן—און זִי אִיז אִיהם דאַנקבּאַר. און אויסעֶרדעֶם פאַרוואָס טאַקעֶ זאָל זִי אִיהם נִיט ליִעבּ האָבּעֶן און נִיט ווִעלעֶן חתונה האָבּעֶן מִיט אִיהם?

סאַשאַ. דאָס וואָלט געֶווען שרעֶקלִיך! עֶקעֶלהאַפט! עֶקעֶלהאַפּט!

## פינפטער אויפטריט.

פּקומעֶן אַרייִן קאַרעֶנִין און ליִזעֶ. קאַרעֶנִין געֶזעֶגנעֶט זיך שטייִענדיג.

**סאשא.** (געהט אָב מיט כעס).

## זעקסטער אויפטריט.

אננאַ פּאוול. און ליזע.

**ליזע.** (צו דער מוטער) וואָס איז מיט איהר?

**אננא פּאוול.** ריכטיג איך ווייס ניט.

**ליזע.** (זיפצט שווייגענד).

---

# צווייטעס בילד.

א קאבינעט ביי אפרעמאָוו'ן. אויף א טיש אָנגעגאָסענע גלעזער מיט ווין. געסט.

---

## ערשטער אויפטריט.

אפרעמאָוו, פעדיאַ, סטאַלאָוו (אַ האָהריגער), בוטקע-וויטש (אַ גערויזירטער), קאָראָטקאָוו (אַ שפּיציגער).

**קאָראָטקאָוו.** און איך זאָג אייך, אַז ער וועט בליי-בען הינטערן פאָהן. לאַ-בעל-בוא — איז די ערשטע אין איירא-פּא. לאָמיר זיך וועטען!

**סטאַכ.** גענוג, ברודער. דו ווייסט דאָך, אַז קיינער גלויבט דיר ניט און קיינער וועט זיך מיט דיר ניט וועטען.

**קאָראָטקאָוו.** איך זאָג דיר, דיין קאַרטוש בלייבט הינטערן פאָהן!

**אפרעמאָוו.** נו, געגוג קריגען זיך. איך וועל מאַכען אַ שלום צווישען אייך. פרעגט פעדיאַ'ן, ער וועט שוין ריכטיג זאָגען.

**פעדיאַ.** ביידע פערד זענען גוטע, עס הענגט נאָר אָב פון'ם רייטער.

סטאַל. גוסיעָה איז אַ געמײַנער יונג, מ׳דאַרף איהם נאָר הּאַלטען ווי געהעריג אין די הענד.

קאָראָטקאָוו. (שרײַט) נײַן!

פעדיאַ. אַנ׳עק, וואָרט, איך וועל מאַכען אַ פּשרה. ווער האָט גענומען די פּרעמיע?

קאָראָטקאָוו. גענומען, דאָס האָט אָבער קײַן ווערט ניט. עס איז אַ צופאַל. ווען קראַקוס וואָלט ניט קראַנק געוואָרען ... קוק ... (ס׳קומט אַרײַן אַ דינער).

## צווייטער אויפטריט.

דיזעלבע און דער דינער.

אַפּרעמאָוו. וואָס דאַרפסטו?

דינער. אַ פרוי איז געקומען. זי פרעגט זיך אויף פיאָדר וואַסיליעוויטש.

אַפּרעמאָוו. אַ וואָסערע? אַ דאַמע?

דינער. כ׳קען ניט וויסען, נאָר אַ ריכטיגע דאַמע.

אַפּרעמאָוו. פעדיאַ, צו דיר איז געקומען אַ דאַמע.

פעדיאַ. (דערשראָקען) ווער איז עס?

אַפּרעמאָוו. ער ווייסט ניט.

דינער. זי וואָלט אײַך געבעטען אין זאַל אַרײַן.

פעדיאַ. וואָרט, איך וועל געהן זעהן. (פעדיאַ און דינער געהען אָב).

## דריטער אויפטריט.

דיזעלבע אָהן פעדיאַ׳ן און אָהן דינער.

קאָראָטקאָוו. ווער האָט עס געקענט קומען צו איהם? מסתּמא מאַשקאַ.

סטאַכ. וועלכע מאַשקאַ?

קאָראָטקאָוו. די ציגײַנערין מאַשקאַ. זי האָט זיך פערליעבט אין איהם, ווי אַ קאַץ איז זי פערליעבט.

סטאַל. אי ס׳איז אַ ליעב מײדעל! און ווי זי זינגט!...

אַפּרעמאָוו. פרעכטיג! טאַניושאַ און זי. געכטען האָ-

בען זײ געזונגען מיט פּיאָטר'ן...

סטאַל. ס'אַר אַ מזל ער האָט עס אַ ביסעל!..

אַפּרעמאָוו. וואָס ווײַבער האָבען איהם ליעב? גאָט, דער לעבעדיגער מיט זײ!

קאָראָטקאָוו. איך טראָג ניט איבער ציגײַנערינס — קײן עלעגאַנץ ניטאָ.

בוטקעוויטש. נו, רײד שוין ניט.

קאָראָטקאָוו. איך וואָלט זײ אַלע אָבגעגעבען פאַר אײן פראַנצויזין.

אַפּרעמאָוו. דו ביסט דאָך אַנ'עסטעטיקער! מ'דאַרף געהען זעהען ווער איז עס... (געהט אָב).

## פיערטער אויפטריט:

דיזעלבע אָהן אַפּרעמאָוו'ן.

סטאַל. אויב ס'איז מאַשאַ, ברענג זי אהער, זאָל זי עפּעס זינגען. נײן, ניטאָ היינט אַמאָליגע ציגײַנער! טאַניושאַ איז געווען... אַך, חאַפּט מיך דער טײַוועל!

בוטקעוויטש. און איך זאָג, אַז ס'זענען דיזעלבע ווי אַמאָל.

סטאַל. ווי אַזוי אַרום דיזעלבע? געמײנע ראָמאַנסען זינגען זײ אָנשטאָט ליעדער.

בוטקעוויטש. ראָמאַנסען זענען אויך דאָ גוטע.

קאָראָטקאָוו. ווילסט זיך וועטען, אַז איך וועל זײ לאָזען זינגען עטוואָס און דו וועסט ניט דערקענען צי איז עס אַ ראָמאַנס צי אַ ליעד.

סטאַל. קאָראָטקאָוו — אײביג מיט'ן געוועט.

## פינפטער אויפטריט.

דיזעלבע און אַפּרעמאָוו.

אַפּרעמאָוו. (קומט אַרײַן). מײַנע העררען, ס'איז ניט מאַשאַ. ניטאָ וואו אויפצונעהמען די דאַמע אויסער אין דעם צימער, לאָמיר געהן אינ'ם ביליאַרד־צימער. (געהען אָב).

## זעקסטער אויפטריט.

ס'קומען ארײַן פעדיאַ און סאַשאַ.

סאַשאַ. (צומישט) פעדיאַ, האָב קײַן פאַריבעל ניט, אפשר איז דיר אונאַנגענעהם, נאָר איך בעט דיך, הער מיך אויס, (איהר שטים ציטערט).

פעדיאַ. (געהט אַרום איבערן צימער. סאַשאַ זעצט זיך, קוקט אויף איהם).

סאַשאַ. פעדיאַ, געה צוריק אַהײם.

פעדיאַ: הער, סאַשאַ, איך פערשטעה דיך זעהר גוט. סאַשאַ, ליעבע, איך אויף דײַן אָרט וואָלט אויך געטאָן דאָסזעלבע: איך וואָלט מיר געגעבען מיה צו מאַכען אַלץ ווי עס איז געװעזען. נאָר אויף מײַן אָרט: ווען דו, אַ פײַן פיהלענד, ליעב מײדעל, וואָלסט געװעזען אויף מײַן אָרט, וואָלסטו גאַנץ געוויס געטאָן דאָסזעלבע, וואָס איך, ד. ה. דו וואָלסט אַוועק און אויפגעהערט צו שטערען און פערפלאָנטערן אַ פרעמד לעבען.

סאַשאַ: פאַרוואָס שטערען? קען דען ליזע לעבען אָהן דיר?

פעדיאַ. אַך, דו ליעבע סאַשאַ. זי קען, זי קען און וועט נאָך זײַן גליקליך. פיעל גליקליכער ווי פאַר מיר.

סאַשאַ. קײנמאָל ניט.

פעדיאַ. עס ווײַזט זיך דיר נאָר אויס אַזוי. (האַלט איהר האַנד אין זײַן האַנד). נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. די הויפּטזאַך איז דאָס, וואָס איך קען ניט. דו ווײסט, אַ גראָב שטיק פאַפּיער קענסטו בויגען אהער און אַהין, הונדערט מאָל וועסטו בויגען — עס וועט אַלץ האַלטען, און אַז דו וועסט אַ בויג טאָן דאָס הונדערט און ערשטע מאָל, וועט עס זיך פונאַנדערגעהן. אַזוי איז געװעזען מיט מיר און ליזען. איך קען איהר אין די אויגען ניט אַ קוק טאָן, עס טוט מיר וועה. מיט איהר איז אויך דאָסזעלבע, גלויב מיר.

סאַשאַ. ניין, ניין.

פעדיאַ. דו זאָגסט — ניין, און דו אַלײן ווײסט, אַז עס איז אַזוי.

סאַשאַ. איך קען נאָר אורטײלען נאָך מיר. ווען איך וואָלט געווען אויף איהר אָרט און דו וואָלסט מיר געזעגענ־

פערט אזוי — וואָלט עס פאַר מיר געווען שרעקליך.

פעדיאַ. יאָ, פאַר דיר... (ביידע שווייגען, ביידע זענען צומישט)

סאשאַ. (שטעהט אויף) איז עס מעגליך, אז עס ווערט בלייבען אזוי?

פעדיאַ. עס ווייזט אוים...

סאשאַ. פעדיאַ, געה צוריק.

פעדיאַ. ל'דאנק דיר, ליעבע סאשאַ, דו וועסט מיר שטענדיג בלייבען ווי אַ טייערע ערינערונג... נור זיי געזונד, מיין טייבעלע. לאָז מיר דיך אַ קוש טון (קושט זי אויפ'ן קאָפּ).

סאשאַ. (אויפגערעגט) ניין. איך געזעגען זיך ניט, איך בלייב ניט און וויל ניט בלייבען... פעדיאַ...

פעדיאַ. טאָ הער-זשע מיך אוים. נור אַ וואָרט גיב מיר, אַז אַלץ וואָס איך וועל דיר זאָגען וועסטו קיינעם ניט דערצעה-לען. גיסט אַ וואָרט?

סאשאַ. זעלבסטפערשטענדליך.

פעדיאַ. טאָ הער-זשע, סאשאַ. אמת איך בין איהר מאַן און דער פאָטער פון איהר קינד, נור איך בין אַנ'איבע-ריגער... לאָז, וואָרט, שלאָג מיך ניט איבער. דו מיינסט, אַז איך בין אייפערזיכטיג? — עס הויבט זיך ניט אָן! ערשטענס האָב איך דערויף גאָר קיין רעכט ניט און צווייטענס — עס איז גאָר קיין אורזאך ניטאָ. וויקטאָר קאַרענין איז איהרער און מיי-נער אַנ'אַלטער פריינד. ער ליעבט זי און זי ליעבט איהם.

סאשאַ. ניין.

פעדיאַ. זי ליעבט איהם ווי עס קען ליעבען אַנ'אָנ-שטענדיגע און מאָראַלישע פרוי, וואָס ערלויבט זיך ניט צו ליעבען קיינעם אויסער איהר מאַן. נור זי ליעבט איהם און וועט ליעבען, ווען אָט די שטערונג (בעווייזט אויף זיך) וועט בעזייטיגט ווערען, און איך וועל זי בעזייטיגען, זיי וועלען זיין גליקליך (ווישט שטים ציטערט).

סאשאַ. רייד ניט אַזוי, פעדיאַ.

פעדיאַ. דו ווייסט דאָך, אַז אַלץ, וואָס איך זאָג, איז אמת. איך וועל זיין צופריעדען מיט זייער גליק און בעסערס קען איך ניט טון... איך וועל ניט געהן צוריק. איך וועל זיי

געבען פרייהייט . . , און אַזוי זאָג זיי . רייד מעהר ניט, רייד ביט, זיי געזונד ! (קושט איהר איין קאָפּ און עפענט די טיר) .

סאשא . איך בין ענטציקט פון דיר, פעדיא !

פעדיא . זיי געזונד, זיי געזונד . . . (סאשא געהט אָב)

## זיעבענטער אויפטריט.

פעדיא אליין .

פעדיא . יאָ , יאָ . . . פרעכטיג , אויסגעצייכענט... (קלינגט).

## אַכטער אויפטריט

פעדיא און א דיענער .

פעדיא , רופט דעם ווירט !

## ניינטער אויפטריט .

פעדיא אליין .

פעדיא . און עס איז אנ'אמת, אנ'אמת . . .

## צעהנטער אויפטריט

ס'קומט אריין אפרעמאָוו .

פעדיא : לאָמיר געהן :

אַפרעמאָוו : ווי האָסטו עס איינגעאָרדענט ?

פעדיא : פרעכטיג ! „און זי האָט געשוואָרען, געשוואָרען־פרעכטיג ! וואו זענען עס אַלע ?

אפרעמאָוו : זיי שפּיעלען דאָרט .

פעדיא : אויסגעצייכענט, לאָמיר געהן, לאָמיר אויך געהן פערברענגען א ביסעל !



# דריטער אקט.

## ערשטעם בילד.

### די האַנדלענדע פּערזאָנען.

פירשט אָברעזקאָוו, — אַ 60-יעהריגער עלעגאַנטער בחור, געפּאַזירט, מיט וואָנסען, אַן אַלטער מיליטער-מענש, האַלט זיך מיט ווירדע און מעלאַנכאָליש. אַננאַ דמיטריעוונאַ קאַרענין (וויקטאָרס מוטער) יונגט זיך, אַ 50-יעהריגע גראַנד-דאַם. אינ'ם ריידען מישט זי אריין פראַנצויזישע ווערטער. אַ דיענער. וויקטאָר. ליזע. אַ שעהן אייננעאַך קאַבינעט ביי אַננאַ דימיטריעוונא, פול מיט סובענירען.

### ערשטער אויפטריט

אננאַ דימיטריעוונאַ (שרייבט)

### צווייטער אויפטריט.

אננאַ דימיטריעוונאַ און אַ דיענער.

דער דיענער. פירשט סערגעי דימיטריעוויטש.

אַננאַ דמיט. פערשטעהט זיך! (דרעהט זיך אום פאַר דעם גראָסען ביים שפּיגעל).

## דריטער אויפטריט.

פירסט אָברעזקאָוו. (אַריינגעהענדיג) Ie espere que je ne force pas la consigne. (איך האָף, אַז איך האָב זיך ניט אַריינגעריסען מיט געוואלד).

אַננאַ דמיט. איהר ווייסט דאָך, אַז Vous êtes toujours le bievenu (איהר זענט שטענדיג ווילקאָמען). און איצט, היינט בעזונדערס. איהר האָט ערהאַלטען מיין צעטיל?

פירסט אָברעזקאָוו. און אָט איז מיין ענטפער.

אַננאַ דמיט. אַך, מיין פריינד, איך הויב אָן אַריינפאַלען אין פערצווייפלונג. Je est ensoreelé positivement onsorcelé (ער איז פער׳כשופ׳ט, אינגאַנצען פער׳כשופ׳ט). איך האָב קיינמאָל ניט בעמערקט אין איהם אַזאַ עקשנות, אַזוי פיעל שטאַנדהאַפטיגקייט און אַזאַ האַרטקייט און גלייכגילטיגקייט צו מיר. ער האָט זיך אינגאַנצען געענדערט זינט די דאָזיגע פרוי האָט געוואָרפען איהר מאַן.

פירסט אָברעזקאָוו. וואָס איז אַזוינס! וואו האַלט עס?

אַננאַ דמיט. ער האָט זיך איינגעשפאַרט און וויל דוקא הייראַטען מיט איהר.

פירסט אָברעזקאָוו. און וואָס איז מיט איהר מאַן?

אַננאַ דמיט. ער גיט גט.

פירסט אָברעזקאָוו. אַזוי גאָר.

אַננאַ דימיט. און ער, וויקטאָר, קוקט עס נור אוים. און די גאַנצע שמוץ, אַדוואָקאַטען, די שולד-בעווייזונג Tout ça est dégoutant (דאָס אַלץ איז העסליך) און דאָס האַלט איהם גאָר ניט אָב. איך פערשטעה איהם ניט, ער מיט זיין פיינפיהליגקייט, מיט זיין שעמעוודיגקייט...

פירסט אָברעזקאָוו. ער ליעבט. אַהאָ, ווען אַ מענש ליעבט אויפריכטיג, דאן...

אַננאַ דמיט. יאָ, נור פאַרוואָס אין אונזער צייט האָט די ליעבע געקאָט זיין ריין, פאַרוואָס האָט זי געקאָנט זיין אַ פריינדשאַפט, וואָס דויערט דאָס גאַנצע לעבען? אַזאַ ליעבע פערשטעה איך און שעץ.

פירסט אָברעזקאָוו. איצט איז אַנ׳אַנדער דור, ער קען זיך בעגניגענען מיט אידיעלע בעציהונגען. La possession

de l'âme ne leur suffit plus (די ערהעבערונג פון דער גשמה איז זיי װעניג). נאָר װאָס װעט זיין מיט איהם?

אננא דמיט. ניין, פון איהם רעדט ניט. עס איז עפּיס א כשוף. ריכטיג װי מען האָט איהם מיר אונטערגעביטען. איהר װייסט, איך בין דאָך געװען ביי איהר. ער האָט מיך געבעטען, איך בין געפאָהרען, האָב זי ניט געפונען אין דער־היים און האָב געלאָזען מיין װיזיט־קארטע.

Elle ma fait demander si je ne pourais la recevoir (זי האָט מיך געלאָזען פרעגען אויב איך װעל זי קאָנען אויפנעהמען)

און היינט (קוקט אויפ'ן זייגער) צװיי אוהר, ד. ה. באלד, דארף זי קומען. איך האָב װיקטאָר'ן צוגעזאָגט צו אויפנעהמען זי, נאָר איהר פערשטעהט מיין לאגע? איך בין אויסער זיך. און לויט דער אלטער געװאוינהייט האָב איך געשיקט נאָך אייך. מיר איז נויטיג אייער הילף.

פירסט אברעז. כ'דאנק אייך.

אננא דמיט. איהר פערשטעהט נור, אז פון דעם איצטי־גען בעזוך איהרען הענגט אָב די גאנצע זאך — װיקטאָר'ס שיקזאל. איך מוז אָדער געבען מיין צושטימונג אָדער פערקעהרט. און װי קען איך?

פירסט אברעז. איהר קאָנט זי גארניט?

אננא דמיט. כ'האָב זי קיינמאָל ניט געזעהען. נאָר איך שרעק זיך פאר איהר. אנ'אנשטענדיגע פרוי קען ניט פער־לאָזען איהר מאן א גוטען מענשען. ער איז דאָך װיקטאָר'ס קאמעראד, ער פלעגט אָפט קומען צו אונז. ער איז געװען א זעהר ליבער מענש — און װער ער זאָל ניט זיין!

quels que soient les torts quil a eus vis-a-vis d'elle (װאָס פאר אנ'עולות ער זאָל איהר ניט האָבען געטאָן) מען טאָר ניט װארפען א מאן. מען דארף טראָגען דעם פעקיל. איך פערשטעהע נאָר איין זאך ניט; װי קען װיקטאָר, מיט זיינע איבערצייגונגען איינגעהן אויף דעם — התונה האָבען מיט א גרושה. װיפיעל מאָל — און נאָך דאָ ניט לאנג האָט ער געהאט װעגען דעם א װכוח מיט ספיצינען — האָט ער בעװיזען, אז דער גט שטימט ניט מיט די פּרינציפּען פון קריסטענטום, און איצט געהט ער

Si elle a pu le charmer a un tel point . אלײַן אײַן אויף דעם
(ווען זי האט געקענט איהם אזוי בעצויבערן) האב איך מורא פאר איהר.
איבעריגענס, איך האב דאך אײַך גערופען אום צו הערען אײַ-
ער מײַנונג און איך רעד אלײַן די גאנצע צײַט . זאגט, וואס
מײַנט איהר ? וואס דארף מען טאן ? איהר האט גערעדט מיט
וויקטאר׳ן ?

פירסט אברעזקאוו. כ׳האב גערעדט מיט איהם . און
איך מײַן, אז ער ליעבט זי און ער ליעבט אזוי, אז די ליעבע
האט אויך א מאכט . ער איז א מענש, וואס לאזט זיך בעהער-
שען לאנגזאם אבער פעסט . וואס עס האט זיך אײַנגעבאקען בײַ
איהם אין הארצען דאס וועט ניט ארויסגעריסען ווערען . ער
וועט שוין קײַן פרוי, אויסער איהר, ניט ליעבען. אויב ניט מיט
איהר, וועט ער שוין מיט אַנ׳אנדערער גליקליך ניט זײַן .

אננא דמיט. ווארוא קאזאנצעווא וואלט דאך פאר
איהם חתונה געהאט . וואס פאר א פרעכטיג מײַדעל ... און זי
ליעבט איהם ! . .

פירסט אברעזקאוו . (שמײַכלענדיג) l'est compter sans
son hote (דאס הײַסט אויסרעכענען אהן דעם בעל-הבית) דאס איז
איצט א חלום, און איך מײַן, אז עס איז בעסער צו אונטער-
געבען זיך און העלפען זײַ הײַראטען .

אננא דמיט. אויף א גרושה ? ער זאל זיך בעגעגענען
מיט איהר מאן ? איך פערשטעה ניט ווי קענט איהר עס אזוי
רוהיג זאגען . צי דאס איז די פרוי, וואס א מוטער קען זיך
ווינשען פאר איהר אײַנציגען זוהן — און אזא זוהן ?

פירסט אברעזקאוו . וואס קען מען מאכען , ליעבער
פרײַנד ? פערשטעהט זיך , אז גלײַכער וואלט געווען , ער זאל
חתונה האבען מיט א יונג מײַדעל , וועלכע איהר קאנט און
ליעבט . נאר ווען עס איז אונמעגליך ... וואס וואלט געווען , אז
ער וואלט חתונה געהאט מיט א ציגײַנערין אדער גאט ווייסט מיט
וועמען... ליזע פראטאסאווא איז זעהר אַנ׳אנשטענדיגע און ליעבע
פרוי . איך אורטײל לויט די רייד פון איהר קוזינע נעלי און קאן
: א בעשײַדענע, א הארציגע, א ליעבענדע און מאראלישע פרוי .

אננא דמיט. א מאראלישע פרוי, וואס ווארפט אוועק
יהר מאן ? !

פירסט אָבּרעזקאָוו. איך דערקאָן אײַך ניט. איהר זעֶנט ניט גוט, הארט. איהר מאַן איז אײנער פון די מענשען, וועגען וועלכע מען זאָגט, אַז ער איז אַ שונא נאָר זיך אַלײן. ער איז נאָך אָבּער מעהר שונא זײַן פרוי. ער איז אַ געפאַלע-נער, אַ האַראַקטערלאָזער און אַ שכור. ער' האָט פערשאַרלאַ-טאַנעוועט זײַן פערמעגען און איהר פערמעגען — זי האָט אַ קינד... ווי קען מען אויף איהר פעראיבּעל האָבּען, וואָס זי האָט אַוועקגעוואָרפען איהר מאַן. און נאָך אַלע זאַכען, האָט ער זי אַוועקגעוואָרפען, ניט זי איהם.

אַננאַ דמיט. אַך, וואָס פאַר אַ שמוץ, וואָס פאַר אַ שמוץ. און איך דאַרף זיך אין איהם בּרודיגען.

פירסט אָבּרעזקאָוו. און אײַער רעליגיע?

אַננאַ דמיט. יאָ, יאָ, מחילה. „ווי מיר רעכענען זיך מיט אונזערע בעלי-חובות" Mais c'ect plus fort que moi. (דאָס איז צו-שווער פאַר מיר).

פירסט אָבּרעזקאָוו. ווי זאָל זי לעבּען מיט אַזאַ מענשען? וואָלט זי ניט געליעבּט אַנ'אַנדערן וואָלט זי עס גע-מוזט טאָן פארן קינד. ער אַלײן, איהר מאַן, אַ קלוגער און אַ גוטער מענש, ווען ער איז נאָר בּײַם קלאָרען זינען, הײסט איהר אויך פונאַנדערגעהן זיך מיט איהם.

## פיערטער אויפטריט.

אַננאַ דמיט. פירסט אָבּרעזקאָוו. עס קומט אַרײַן וויקטאָר (קושט דער מוטער אין האַנד, גריסט זיך מיט אָבּרעזקאָוו'ן).

וויקטאָר. מאַמאַ, איך בּין אַרײַן זאָגען דיר אײן זאַך: יעליזאַוועטאַ אַנדרײעוונאַ קומט בּאַלד צופאָהרען, איך בּעט דיר נור אײן זאַך, אויבּ דו בּיזט נאָך אַלץ ניט מסכים אויף דעם...

אַננאַ דמיט. (שלאָגט איהם איבּער) פערשטעהט זיך, אַז איך בּין נאָך אַלץ ניט אײַנשטימיג.

וויקטאָר (רעדט ווײַטער אומצופרידען)... בּעט איך דיר נור אײן זאַך, רײד ניט וועגען דעם. בּעשטים ניט דערוועגל אויף ניט.

אננאַ דמיט. איך קלער, אַז מיר וועלען גאָר ניט רײַדען גאָט ווײַסט וועגען וואָס. יעדענפאַלס וועל איך ניט אָנהויבען רײַדען דערפון.

וויקטאָר. זי געווים ניט. איך וואָלט נור געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיך מיט איהר גוט בעקאָנען.

אַננאַ דמיט. איך פערשטעה נור איין זאַך ניט: ווי אַזוי בינדסטו צונויף דײַן ווונש צו חתונה האָבען מיט פּרווי פּראָטאַסאָוואַ, וואָס האָט אַ לעבעדיגען מאַן,—מיט דײַנע רעליגיע־זע איבערצײַגונגען, אַז גט איז ניט קריסטליך?

וויקטאָר. מאַמע, דו ביזט צו־האַרט צו מיר! זענען מיר דען אַלע אַזוי ריין פון עבירות, אַז מיר קענען ניט טון קיין זאַך, וואָס איז געגען אונזערע איבערצײַגונגען? דאָס לעבען איז אַזוי טיעף, אַזוי פערפּלאָנטערט. מאַמאַ, פאַרוואָס ביזטו אַזוי האַרט צו מיר?

אַננאַ דמיט. איך ליעב דיך און ווינש דיר נור גליק.

וויקטאָר (צו אָברעזקאָוו'ן): סערגיי דמיטריעוויטש!

פירסט אָברעז. זעלבסטפערשטענדליך, אַז איהר ווינשט איהם נור גליק, נור אונז, מיט אונזערע גרויע האָר, איז שווער צו פערשטעהן די יוגענד. דערהויפּט איז עס שווער אַ מוטער, וואָס וויל איהר בעגריף פון גליק אָנבינדען איהר קינד. אַלע פרויען זענען שוין אַזוי.

אַננאַ דמיט. אָט, אָט דאָס איז עס, אַלע זענען געגען מיר. פערשטעהט זיך, דו קענסט עס טון, Vous êtes majeur (איהר האָט די מערהייט) נור מיך וועסטו אומברענגען.

וויקטאָר. איך דערקאָן דיך ניט! דאָס איז נאָך ערגער פון אכזריות.

פירסט אַברעזקאָוו (צו וויקטאָר'ן): העך אויף, וויקטאָר, די מאַמאַ רעדט אַלע מאָל שלעכטער ווי זי טוט.

אַננאַ דמיט. איך וועל זאָגען דאָס, וואָס איך קלער און פיהל, איך וועל עס זאָגען אַזוי, אַז עס זאָל זי ניט בעליידיגען.

פירסט אָברעז. גאַנץ זיכער.

## פינפטער אויפטריט.

אננאַ דמיִט. פיִרסט אָבּרעָזקאָוו, וויִקטאָר און אַ דיִענעָר (קומט אַרײַן).

פיִרסט אָבּרעָז. אָט קומט זיִ.

וויִקטאָר. איִך געָה אַוועָק.

דעָר דיִענעָר. יעָליזאַוועָטאַ אַנדרײעָוונאַ פּראָטאַסאָוואַ.

וויִקטאָר. איִך געָה, מאַמאַ, איִך בּעָט דיִך (געָהט אָבּ).

פיִרסט אָבּרעָז. (שטעָהט אויף).

אננאַ דמיִט. בּעָט זיִ אַרײַן (צו אָבּרעָזקאָוו'ן) נײַן, איִהר בּלײַבּט.

## זעקסטער אויפטריט.

אַננאַ דמיִט. און פיִרסט אַבּרעָזקאָוו.

פיִרסט אַבּרעָז. איִך האָבּ געָמײנט, אַז אויב אויף אויב וועָט אײַך זײַן לײַכטעָר.

אננאַ דמיִט. נײַן, איִך שרעָק זיִך עָפּיִס (צוררודעָרט) ווען איִך וועָל וועָלען בּלײַבּען מיִט איִהר אַלײַן וועָל איִך אײַך אַ וואונק טון. Ça dependare. (עָס וועָגרט זיִך) בּלײַבּ איִך מיִט איִהר אַלײַן וועָט עָס מיִך מאַכען שטײַף. איִך וועָל שוין אײַך געָבּען צו וויִסען דורך אַ צײַכען.

פיִרסט אָבּרעָזקאָוו. כ'וועָל שוין פעָרשטעָהן. איִך בּיִן זיִכעָר, אַז זיִ וועָט אײַך געָפעָלען ווערען. זעָנט נאָר ניִט פּאַרטײאיִש.

אננאַ דמיִט. ווי איִהר זעָנט אַלעָ געָגען מיִר!

## זיעבּעטער אויפטריט.

אננאַ דמיִט. פיִרסט אָבּרעָזקאָוו. ס'קומט אַרײַן ליִזאַ איִן אַ הוט און אַ וויִזיִט-מאַנטעָל.

אננאַ דמיִט. (הויבּט זיִך אויף) עָס האָט מיִר זעָהר לײַד געָטאָן, וואָס איִך האָבּ אײַך ניִט געָטראָפעָן, נאָר איִהר זעָנט אַזוי ליִעבּעָנסוויִרדיִג, איִהר זעָנט אַלײַן געָקומעָן.

ליזע. איך האָב עס ניט ערוואַרט, איך בין אײַך זעהר דאַנקבאַר, וואָס איהר האָט מיך געוואָלט זעהען.

אננאַ דמיט. איהר זענט בעקאַנט? (בעזוויזט אויף אָברעזקאָוו׳ן).

פירסט אָברעזקאָוו. ווי דען? איך האָב געהאַט די עהרע שוין פאָרגעשטעלט צו ווערן. (מען גריסט זיך. מען זעצט זיך). מײַן קוזינע נעלי האָט זאָפט געדעדט וועגען אײַך.

ליזע. יאָ, מיר זענען געוועזען זעהר בעפריינדעט (קוקט זיך אַרום צומישט אויף אַננאַ דמיט.) און איצט זענען מיר בעפריינ־דעט. (צו אַננאַ דמיט.) איך האָב ניט ערוואַרט, אַז איהר זאָלט מיך וועלען זעהן.

אננאַ דמיט. איך האָב זעהר גוט געקענט אײַער מאַן. ער איז געוועזען בעפריינדעט מיט וויקטאָר׳ן און פלעגט אָפט אַרײַנגעהן צו אונז, איידער ער איז אַריבערגעפאָהרען קיין טאַמ־באָוו. מיר דוכט, אַז דאָרט האָט איהר חתונה געהאַט.

ליזע. יאָ, מיר האָבען דאָרט חתונה געהאַט.

אננאַ דמיט. שפּעטער, אַז ער איז צוריק אַרײַנגעפאָה־רען קיין מאָסקווע האָט ער אונז אויפגעהערט צו בעזוכען.

ליזע. ער האָט קיינעם קיין בעזוכען ניט געמאַכט.

אננאַ דמיט. און האָט מיך מיט אײַך ניט בעקאַנט (אָנ׳אונאַנגענעהם שוויַגען).

פירסט אָברעזקאָוו. דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך מיט אײַך בעגעגענט בײַ דעניסאָוו׳ן אויף אַ ספּעקטאַקל. ס׳איז געוועזען זעהר היימליך, איהר האָט אויך געשפּיעלט.

ליזע. ניין... יאָ... ווי־זשע דען... כ׳געדענק. איך האָב געשפּיעלט. (מען שווייגט ווײַטער). אַננאַ דמיטרעוונאַ, האָט קיין פאַראיבעל ניט, אויב עס וועט אײַך זײַן אונאַנגענעהם דאָס, וואָס איך וועל אײַך זאָגען. איך קען ניט, איך קען זיך ניט פאַרשטעלען. איך בין געקומען, ווײַל וויקטאָר מיכאַילאָוויטש האָט געזאָגט... ווײַל ער, ד. ה... ווײַל ער, ווײַל איהר האָט געוואָלט מיך זעהן... נאָר בעסער אַלץ זאָגען... (צע־וויינט זיך)... מיר איז זעהר שווער... און איהר זענט אַזוי ליע־בענסווירדיג.

פירסט אָברעזקאָוו. איך וויל בעסער אַוועקגעהן.

אננאַ דמיט. יאָ, געהט.

פירסט אבּרעזקאָוו. אויף ווידערזעהן! (געזעגענט זיך מיט אַלעמען און געהט אָב).

# אַכטער אויפטריט.

אַננאַ דמיט. און ליזע.

אַננאַ דמיט. הערט מיך אויס, ליזע... איך וויס ניט און וויל ניט אָנרופען איינך לויט'ן פאָטער-נאָמען.

ליזע. אַנדרייעווּנאַ.

אַננאַ דמיט. ס'איז אַלץ אײנס, — ליזע. איך האָב מיט אייך מיטלייד, איהר זענט מיר סימפּאַטיש. נאָר איך ליעב וויקטאָר'ן. איך ליעב איין זאַך אויף דער גאַנצער וועלט. איך קאָן איהם ווי זיך אַליין. ער האָט אַ זעהר שטאָלץ געמיט. ער איז געוועזן שטאָלץ ווען ער איז געוועזן נאָך אַ זיבּען-יאָהריגער יונגעל. ער איז געוועזן שטאָלץ ניט מיט זיין נאָמען, ניט מיט זיין רייכקייט, נאָר מיט זיין ריינקייט, מיט זיין מאָראַלישער הויכקייט. און דאָס איז געבּליבּען בּיי איהם. ער איז ריין ווי אַ קינד.

ליזע. איך וויים.

אַננאַ דמיט. ער האָט קיין פרויען ניט געליעבּט. איהר זענט די ערשטע. כ'וועל ניט זאָגען, אַז איך בּין ניט אײפערזיכטיג צו אייך. איך בּין אייפערזיכטיג. נאָר מיר מוטערס — איהר האָט נאָך אַ קליין קינד, אייך איז נאָך צופריה — מיר מוטערס גרייטען זיך צו דעם. איך האָב זיך צוגעגרייט אָבּצוגעבּען איהם אַ פרוי און ניט זיין דערבּיי אײפערזיכטיג. נאָר אָבּגעבּען איהם האָבּ איך געוואָלט אַזאַ ריינער פרוי ווי ער אַליין איז.

ליזע. איך... צו-דען...

אַננאַ דמיט. ענטשולדיגט מיר, כ'וויים, אַז איהר זענט ניט שולדיג, נאָר איהר זענט אומגליקליך. און איך קאָן איהם אויך. איצט איז ער גרייט צו איבּערטראָגען אַלץ, ער וועט אויך אַלץ איבּערטראָגען און וועט קיין וואָרט זאָגען, נאָר ער וועט ליידען. זיין בּעליידיגטער שטאָלץ וועט ליידען און ער וועט ניט זיין גליקליך.

ליזע. איך האָב שוין געקלערט וועגען דעם.

אננאַ דמיט. ליזע, ליבע, איהר זענט אַ גוטע און אַ קלוגע פרוי. אויב איהר ליעבט איהם דאַרף זיין גליק זיין ביי אייך טייערער פון אייער גליק. און אויב עס איז אַזוי וועט איהר ניט וועלען בינדען איהם און ער זאָל דערנאָך געפייניגט ווערען פון חרטה-געפיהל. חאָטש ער וועט גאָרניט זאָגען, ער וועט קיינמאָל קיין וואָרט ניט זאָגען.

ליזע. איך ווייס, אַז ער וועט שווייגען. איך האָב אויך געקלערט וועגען דעם. איך האָב מיר אויך געשטעלט די פראַגע. איך האָב עס אויך איהם געזאָגט. נאָר וואָס קען איך טון? ער זאָגט, אַז ער וויל ניט לעבען אָהן מיר. איך האָב איהם געזאָגט: לאָמיר בלייבען פריינד, פערפלאָנטערט ניט אייער ריין לעבען מיט מיין אומגליקליך לעבען. אָרדענט זיך איין אַייער אייגען לעבען. וויל ער אָבער ניט.

אַננאַ דמיט. יאָ, איצט וויל ער ניט.

ליזע. פּועל'ט איהר ביי איהם, אַז ער זאָל מיך אוועק-לאָזען. איך בין מסכים. איך ליעב איהם פאַר איהם אַליין, אָבער ניט פאַר מיין גליק. העלפט מיר, האַסט מיך ניט. לאָמיר צוזאַמען זוכען זיין גליק.

אַננאַ דמיט. יאָ, יאָ, איך האָב אייך ליעב בעקומען. (קושט זי. ליזע וויינט) נאָר פונדעסטוועגען, פונדעסטוועגען איז עס שרעקליך. ווען חאָטש פריהער, פריהער איידער איהר האָט חתונה געהאַט... ווען ער וואָלט זיך דעמאָלט פערליעבט...

ליזע. ער זאָגט, אַז ער האָט מיך נאָך פריהער געליעבט, נאָר ער האָט ניט געוואָלט שטערען דאָס גליק פון זיין פריינד.

אַננאַ דמיט. אַך, ווי שווער עס איז! פונדעסטוועגען לאָמיר ליעבען איינע די צווייטע און גאָט וועט אונז העלפען, מיר וועלען געפינען דאָס, וואָס מיר זוכען.

## ניינטער אויפטריט.

אננאַ דמיט. ליזע און וויקטאָר.

וויקטאָר (קומט אַריין). מאַמאַ, טייערע, איך האָב אַלץ געהערט. איך האָב עס ערוואַרט פון דיר. דו האָסט זי ליעב

בעקומען. אַלץ וועט שוין גוט זײַן.

ליזע. ווי לייד עס טוט מיר, וואָס איהר האָט גע־הערט אונזער געשפּרעך. — איך וואָלט ניט געוואָלט געהערט.

אַנאַ דמיט. די לאַגע איז נאָך דערווײַל ניט קלאָר. איך קען נאָר אײנס זאָגען: ווען ניט די אַלע, די אַלע שווע־רע בעדינגונגען וואָלט איך געווען זעהר צופרידען... (קושט ליזען).

וויקטאָר. איך בעט דיך, מוטער, ענדער זיך נאָר ניט.

(פאָרהאַנג).

---

# צווייטעס בילד.

אַן'אײַנפאַכע וואוינונג: אַ בעט, אַ שרײַב־טיש און אַ דיוואַן.

---

## ערשטער אויפטריט.

פעדיאַ אַלײַן.

(מען קלאַפּט אין טיר, עס הערט זיך פון הינטערן־טיר אַ פרויען־שטימע):

„וואָס האָסטו דיך פערשפּאַרט, פיאָדר וואַסילעוויטש, פעדיאַ, עפען אויף!“

## צווייטער אויפטריט.

פעדיאַ און מאַשאַ.

פעדיאַ (שטעהט אויף און עפענט די טיר). אַ דאַנק, וואָס דו ביזט געקומען. אַך, ווי לאַנגווײַליג, שרעקליך לאַנגווײַליג.

מאַשאַ. פאַרוואָס־זשע ביזטו צו אונז נישט געקומען? דו טרינקסט ווידער. עך, דו! דו האָסט דאָך צוגעזאָגט.

פעדיאַ. דו ווייסט וואָס—עס איז קיין געלד ניטאַ.

מאשאַ. און צו וואָס האָב איך זיך פערליבט אין דיר?

פעדיאַ. מאשאַ!

מאַשאַ. וואָס מאַשאַ'טט דו, מאַשאַ, מאַשאַ. ווען דו האָלסט מיך געליבט, וואָלסטו זיך שוין לאַנג געזאָגט. און דאָרט בעט מען זיך דאָך ביי דיר. און אַליין זאָגסטו, אַז דו ליבסט זי ניט און דו האַלסט זיך אָן איהר פאַרטוך. ווילסט מסתמא ניט . . .

פעדיאַ. דו ווייסט דאָך, פאַרוואָס זאָל איך ניט וועלען?

מאַשאַ. ס'איז בבא-מעשיות, ס'איז אמת, וואָס מען זאָגט, אַז דו ביזט אַ פוסטער מענש.

פעדיאַ. וואָס זאָל איך דיר זאָגען? זאָגען דיר, אַז דיינע רייד פערשאַפען מיר שמערצען, אַז מיר טוט וועה—ווייסט עס אַליין גוט.

מאַשאַ. דיר טוט גאָרניט וועה.

פעדיאַ. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס איינציגע טרייסט אין מיין לעבען איז דיין ליבע.

מאַשאַ. מיין ליבע איז שוין דאָ. דיינע איז אָבער ניטאָ.

פעדיאַ. איך וועל דיר ניט איינרעדען, און צוליעב וואָס? דו ווייסט אַליין.

מאַשאַ. פאַרוואָס פיינינגסט דו מיך?

פעדיאַ. ווער — וועמען?

מאַשאַ. (וויינט) דו ביזט אַ שלעכטער.

פעדיאַ (געהט צו, אומאַרעמט זי). מאַשאַ! וואָס וויינסטו, הער אויף, מען דאַרף לעבען און ניט פלאַקסען. דיר געהט עס גאָרניט. דו שענהייט מיינע!

מאַשאַ. ליעבסט מיך?

פעדיאַ. וועמען-זשע זאָל איך ליעבען?

מאַשאַ. נור מיך אַליין? נו, לייען דורך, וואָס דו האָסט דאָ אָנגעשריבען.

פעדיאַ. עס וועט דיך לאַנגווײַלען.

מאַשאַ. וויבאַלד דו האָסט עס געשריבען דאַרף עס זיין גוט.

פעדיאַ. נו, הער, (לייענט): „אין שפעט-הערבסט האָבען

מיר אָבגערעדט זיך טרעפען ביי דעם מורגין-פלאַץ. דער פלאַץ איז געוועזען אַ שטאַרקער פוקין. עס איז געוועזען אַ ווארימער, אַ ווארימער און שטילער טאָג-נעבעל"...

## דריטער אויפטריט.

פעדיא און מאַשאַ. אין טהיר בעווייזט זיך אַן׳אַלטער ציגיי-נער איוואַן מאַקאַראָוויטש און אַן׳אַלטע ציגיינערין נאַ-סטאַסיאַ איוואַנאָוונאַ, מאַשאַ׳ס עלטערן.

נאַסט. איוואַנ. (צוטרעטענדיג צו איהר טאָכטער) דאָ גאָר! דו ווערימדריגע חיה! כ׳גריס דעם האַר. (צו דער טאָכטער) וואָס מאַכס-טו פון אונז? האַ?

איוו. מאַק. (צו פעדיאַ׳ן) ניט גוט, האַרינקע, דו אומ-בריינגסט אַ מיידעל. אָך, ניט גוט טוסטו, מאוס טוסטו.

נאַסט. איוואַנ. האַב אַרויף די טיכעל און מאַרש אַהיים — די מינוט! זעה אַ סחורה — אַנטלאָפען גאָר! וואָס וועל איך דעם כאַר זאָגען? שלעפסט זיך, פלאָנטערסט זיך מיט אַ קבצן. וואָס ווסטו ביי איהם נעהמען?

מאַשאַ. איך שלעפ מיך ניט, איך האָב ליעב דעם האַר און ווייטער גאָרניט, דעם כאַר וואַרף איך ניט, איך וועל זינגען און וואָס...

איוו. מאַק. רייד נאָך אַ ביסעל, די צעפ וועל איך דיר אויסרייסען. ווער האָט זיך אַזוי אויפגעפיהרט? ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע, ניט די מוהמע. מאוס, האַרינקע. מיר האָבען דיך געליעבט, וויפיעל מאָל האָבען מיר דיר אומזיסט געזוננגען מיר האָבען אויף דיר רחמנות געהאַט און דו האָסט אונז שוין אָבגעדאַנקט.

נאַסט. איוואַנ. נעהמט גלאַט אין דער וועלט אַריין אוי פערדאַרבט אונז דאָס מיידעל, אונזער איינענע איינ-איינציגע בריליאַנטענע, טייערע, האַרציגע טאָכטער. אין מיסט האָסטו זי אַריינגעשלעפט, אָט וואָס דו האָסט געטאָן. דו האָסט קיין גאָט אין האַרצען ניט.

פעדיאַ. נאַסטאַסיאַ איוואַנאָוונאַ, אומזיסט קלערסטו וועגען מיר שלעכטס. דיין טאָכטער איז מיר ריכטיג ווי אַ שוועס-

טער. איך היט איהר עהרע. מײַן ניט. און איך ליעב זי...
וואס קען איך טאן?

איװ. מאק. אט האט איהר זי ניט געליעבט, ווען איהר געהאט געלד. דעמאלט האט מען בעדארפט אבשרײַבען א צעהן טױ ענדער אױפ'ן פאר און נעהמען זי שען, פײַן. אבער איצט וואס? דאס געלד האט איהר פײ״שוועדעט און זי האט איהר בגנבה אװעקגעפיהרט. שעמט זיך, הארינקע, שעמט זיך.

מאשא. ער האט מיך ניט אװעקגעפיהרט, איך בין אליין צו איהם געקומען. אז איהר וועט מיך איצט צונעהמען וועל איך ווײַטער קומען. איך ליעב איהם און — באסטא, מײַן ליעבע איז שטארקער פון אלע אײַערע שלעסער... איך וויל ניט! —

נאסט. איװאנ. מאשענקע, טײַערע, הארציגע, ברום ניט אזױ. האסטו ניט גוט געטון, נו, מילא, לאמיר געהן.

איװ. מאק. גענוג צו ברײַען, מארש! (נעהמט מאשא'ן פאר'ן האנד) ענטשולדיגט, הארינקע. (אלע דרײַ געהען אב).

## פיערטער אױפטריט.

פעדיא. עס קומט ארײַן אברעזקאװ.

פירסט אברעז. ענטשולדיגט מיר; איך האב ניט ווי־לענדיג בײַגעװאױנט די גאנצע אונאנגענעהמע סצענע.

פעדיא. מיט וועמען האב איך די עהרע?.. (דערקאנט) אך, פירסט סערגײַ דמיטריעװיטש! (גריסט זיך).

פירסט אברעז. איך בין ניט ווילענדיג געווען א צו־שױער פון א אונאנגענעהמע סצענע. איך וואלט עס ניט גע־וואלט הערען. נאר וויבאלד איך האב שױן יא געהערט האלט איך פאר מײַן פליכט צו זאגען, אז איך האב געהערט. מיך האט מען געשיקט אהער און בײַ דער מיר האב איך געסוזט אבווארטען ביז די געזעלשאפט וועט ארױס. איך האב געקלאפט אין טיר נאר צוליעב זײַערע הױכע שטימעם האט איהר דאס קלאפען ניט דערהערט.

פעדיא. ריכטיג, ריכטיג. ביטע. איך דאנק אײַך זעהר, וואס איהר האט עס מיר געזאגט. דאס ניט מיר דאס רעכט

צו ערקלערען אײַך די סצענע. דאס וואס איהר קענט דענקען פון מיר איז מיר אַלץ אײנס. מיר ווילט זיך נאר אײַך זאגען, אז די זידלערײַ, וואס איהר האט געהערט אויפ׳ן חשבון פון דאס מײדעל, דער ציגײַנערין — האט זי ניט פערדיענט. דאס מײדעל איז ערליך און רײן ווי א טויב. מײַנע בעציהונגען צו איהר זענען נאר פרײַנדשאַפטליכע. אויב אויף זײ פאלט יא א א שאטען פון פאעזיע, דאס ריהרט אבער ניט אן איהר רײנקײט און איהר ערע. אט דאס האט זיך מיר געוואלט אײַך זאגען. איצט וואס ווילט איהר פון מיר? מיט וואס קען איך אײַך דיענען?

פירסט אברעז. איך, ערשטענס...

פעדיא. ענטשולדיגט, פירסט, מײַן שטעלונג אין דער געזעלשאַפט איז געוואָרען אזא, אז מײַנע אמאליגע בעקאַנטשאַפט גיט מיר ניט דאס רעכט אויף אײַערן א פרײַנדליכען בעזוך. אויב איהר האט מיט מיר ניט קײן בעציהונגען — איז מיט וואס ערקלערט זיך אײַער בעזוך?

פירסט אבּרעז. איך וועל ניט לײקענען, איהר האט געטראפען. איך האט צו אײַך אַן׳עקסטרא געשעפט. נאר פונדעסטוועגען בעט איך אײַך, אז איהר זאלט מיר גלויבען, אז די ענדערונג פון אײַער שטעלונג אין דער געזעלשאפט האט בשום אופן גיט געווירקט אויף מײַנע בעציהונגען צו אײַך.

פעדיא. איך בין גאנץ זיכער אין דעם.

פירסט-אבּרעז. די זאך איז אזוי: דער זוהן פון מײַן אלטער פרײַנדין, אננא דמיטריעוונא קארעניז, און זי אליין האבען מיר געבעטען צו ערקונדיגען זיך אונמיטעלבאר וועגען אײַערע בעציהונגען... איהר וועט דאך מיר ערלויבען צו רײדען אפען!... וועגען אײַערע בעציהונגען צו אײַער פרוי, יעליזאַוועטא אנדרײעוונא פראטאסאָווא.

פעדיא. מײַנע בעציהונגען צו מײַן פרוי אדער ריכטיגער — צו מײַן געוועזענער פרוי, זענען אינגאנצען איבערגעריסען געוואָרען.

פירסט אבּרעז. איך האב עס פערשטאנען און דעריבער טאקע האב איך גענומען אויף מיר די שווערע מיסיע.

פעדיא. זײ זענען איבערגעריסען געוואָרען, מוז איך

ערקלערען, ניט צוליעב איהר שולד, נאר צוליעב מיינע אונ־געהויערע שולדען. זי איז, ווי געווען, די סאמע אונבעפלעקטע פרוי.

פירסט אבּרעז. אויב אזוי, האט מיך וויקטאר קארענין, און בעזונדערס זיין מוטער, געבעטען דערוויסען זיך, וואס קלערט איהר צו טאן?

פעדיא (אויפגעברויזט). וואס קלער איך טאן? — גאר־ניט. איך גיב איהר פאלשטענדיגע פרייהייט, נאכמעהר, איך וועל קיינמאל זי ניט בעאונרוהיגען. איך וויים, אז זי ליעבט וויקטאר קארענינען — זאל זי. איך האלט איהם פאר א לאנג־וויילינגען, נאר פאר א זעהר גוטען אין ערהרליכען מענשען, און איך קלער, אז זי וועט זיין מיט איהם (ווי מען זאגט געוועהנ־ליך) גליקליך. זאל זיי גאט בּענשען. אט דאס איז אלץ...

פירסט אבּרעז. יא, נאר מיר וואלטען...

פעדיא (שלאגט איהם איבער). מיינט אבער ניט, אז אין מיר איז דא דאס קלענסטע אייפערזוכט־געפיהל. איך האב גע־זאגט וועגען וויקטאר'ן, אז ער איז א לאנגווייליגער מענש — איך נעהם די ווערטער צוריק. ער איז אנ'ערהרליבער, א ריי־נער, א מאראלישער מענש, כמעט דער היפך פון מיר. ער האט זי געליעבט פון קינדהייט אן. מעגליך, אז זי האט איהם געליעבט, ווען זי האט פאר מיר חתונה געהאט. די בעסטע ליעבע איז די, פון וועלכער דו ווייסט ניט. איך מיין, אז זי האט איהם כסדר געליעבט, נאר ווי אנ'ערהרליכע פרוי האט זי עס פאר זיך אליין ניט געוואלט מודה זיין. נאר דאס... עפּיס א שאטען איז כסדר געלעגען אויף אונזער פאמיליען־לעבען. אי־בעריגענס, וואס טו איך, איך בין זיך מתודה פאר אייך?

פירסט אבּרעז. ל'בעט אייך, טוט עס. גלויבט מיר, אז פאר מיר איז וויכטיגער פון אלץ, אז פון מיין בעזוך זאל מיר קלאר ווערען אינגאנצען אייערע בעציהונגען. איך פערשטעה אייך. דער שאטען, ווי איהר האט זיך זעהר גוט אויסגעדריקט, האט בעראָרפט זיין...

פעדיא. און ער איז געווען. און אפשר צוליעב דעם האט מיר ניט בעפרידיגט דאס פאמיליען־לעבען, וואס זי האט מיר געגעבען און איך האב כסדר עפּיס געזוכט, כסדר צוגע־

כאַלען צו עטוואָס נייעס. איבעריגענס, עס געהט אַרוים ווי איך וויל זיך פערענטפערן. איך בין געווען, איך זאָג עס אָפען, איך בין געווען אַ שלעכטער מאַן און דעריבער בין איך אין מיין בעוואוסטזיין שוין לאַנג ניט איהר מאַן. איך האַלט זי שוין לאַנג פאַר אַ בעפרייטע. אָט האָט איהר ממילא אַנ'ענטפער אויף אייער מיסיע.

פירסט אָברעז. יאָ, נאָר איהר קאָנט דאָך וויקטאָר'ס פאַמיליע און איהם אַליין אויך. זיינע בעציהונגען צו יעליזאַוועטאַ אַנדרעיעוונאַ זענען גאָר ניט קיין נאָהנטע. ער האָט איהר געהאָלפען, ווען איהר איז געווען שווער.

פעדיאַ. איך האָב מיט מיין שלעכטער אויפפיהרונג זיי געהאָלפען צו ווערען נאָהנט. וואָס קען מען מאַכען. אַזוי האָט בעדאַרפט זיין;

פירסט אָברעז. איהר קאָנט דאָך זיינע און זיין פאַמיליעס שטרענגע קריסטליכע איבערצייגונגען. איך האַלט ניט פון זיי, איך האָב אַ ווייטערען בליק, נאָר איך פערשטעה זיי און אַכט זיי. איך פערש...עה, אַז פאַר איהם און בעזונדערס פאַר זיין מוטער איז אונמעגליך יעדע נאָהענטקייט מיט איהר אָהן אַ קירכליכער טרויאונג.

פעדיאַ. איך ווייס זיין טעמפּ... זיין גראדליניגקייט, זיין קאָנסערוואַטיזם אין דער הינזיכט. נאָר וואָס ווילען זיי? אַ גט? איך האָב דאָך זיי שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך בין גרייט, נאָר די אַלע צערעמאָניעס, דאָס נעהמען די שולד אויף זיך, די ליגענס, וואָס דאַרפען דערביי געזאָגט ווערען, זענען פאַר מיר זעהר שווער.

פירסט אָברעז. איך פערשטעה אייך און בין מיט אייך איינשטימיג. נאָר ווי-זשע זאָל זיין? איך קלער, אַז מען קען עס אַזוי מאַכען... איבעריגענס, איהר זענט גערעכט. דאָס איז שרעקליך, איך פערשטעה אייך.

פעדיאַ (דריקט איהם די האַנד). ל'דאַנק אייך, ליעבער פירסט. איך האָב אייך פון שטענדיג אָן געקענט פאַר אַנ'עהרליכען און גוטען מענשען. נו זאָגט-זשע איהר, ווי זאָל זיין? וואָס זאָל איך טאָן? געהט אַריין אין מיין לאַגע. איך גיב מיר ניט די מיה צו ווערען בעסער, נאָר עס זענען דאָ אוזעלכע

זאָגען, וואָס איך קען ניט מאָן רוהיג. איך קען ניט רוהיג זאָגען א ליגען.

פּירסט אָבּרעז. איך פערשטעה אייך אויך ניט. איהר זענט אַ פעהיגער, אַ גוטער מענש מיט אַזאַ עמפּפינדליך הארץ צו גוטעס — ווי קענט איהר זיך אַזוי פערטומלען, און פערגעסען דאָס, וואָס איהר פאָדערט פון זיך אַליין? ווי אַזוי זענט איהר דערגאַנגען צו אַזאַ נידעריגער שטופע? ווי אַזוי האָט איהר פערדאָרבּען אייער אייגען לעבען?

פעדיאַ (האַלט איין אויפרעגונגס-טרערען). אָט שוין צעהן יאָהר, אַז איך פיהר אַזאַ וויסט לעבען. און דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, אַז אַ מענש ווי איהר זאָל האָבען מיט מיר מיטלייד. מיט מיר האָבען געהאַט מיטלייד קאַמעראַדען, זויפער, פרויען, נור ניט אַזאַ קלוגער, גוטער מענש, ווי איהר. כ'דאַנק אייך. ווי אַזוי בין איך דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה? ערשטענס וויין. און ניט ווייל עס איז געשמאַק, נור וואָס איך זאָל ניט טון פיהל איך, אַז עס ניט דאָס, וואָס מען בעדאַרף צו טון און איך שעם מיך, אָט רייד איך מיט אייך און שעם מיך. און זיין אַ מאַרשאַלאָק, זיצען אין אַ באַנק איז אַזוי מאוס, אַזוי מאוס, — נור ווי דו טרינקסט אוים, הערסטו זיך אויף צו שעמען, און מוזיק — ניט קיין בעטהאָווען און ניט קיין אָפּערעס, נור ציגיינער... עס איז אַזאַ לעבען, עס פליסט אין דיר אַריין אַ שטראָם פון ענערגיע! און דאָ קומען נאָך אָט די ליבּע שוואַרצע אויגען און אַ שמייכעל. און וואָס עס איז אַלץ רייצענדער, אַלץ מעהר שעמסטו דיך דערנאָך, שפּעטער.

פּירסט אָבּרעז. נו, און אַרבּייט?

פעדיאַ. געפּרובירט. אַלץ ניט גוט. כ'בין מיט אַלץ ניט צופריעדען. נור געניג וועגען זיך צו ריידען! כ'דאַנק אייך.

פּירסט אָבּרעז. וואָס-זשע זאָל איך זיי זאָגען?

פעדיאַ. זאָגט זיי, אַז איך וועל טון אַלץ, וואָס זיי ווילען — זיי ווילען דאָך חתונה האָבען — קיין זאַך זאָל זיי ניט שטערען חתונה האָבען?

פּירסט אָבּרעז. פערשטעהט זיך.

פעדיאַ. איך וועל עס טון, זאָגט זיי, איך וועל עס טון.

פּירסט אָבּרעז. ווען-זשע!

פעדיא. װאַרט, לאָמיר זאָגען, צװײַ װאָכען, גענוג?

פירסט אָבּרעז. (אױפשטעהענדיג). אזױ קען איך זײַ זאָגען?

פעדיא. איהר קענט עס, פירסט, איך דאַנק אײַך נאָך אמאָל. (אָבּרעזקאָװ געהט אָב).

## פינפטער אױפטריט.

### פעדיא אַלײן.

פעדיא. (זיצט לאַנג, שמײכעלט שװײַגענד). גוט, זעהר גוט, אזױ בעדאַרף צו זײַן, אזױ בעדאַרף צו זײַן, פרעכטיג...

(פאָרהאַנג.)



# פיערטער אקט.

---

## ערשטעם בילד.

אין שיינק. א בעזונדער קאבינעט. א קעלנער פיהרט אריין פעדיא'ן און איוואן אלעקסאנדרווא'ן.

---

### ערשטער אויפטריט.

פעדיא, איוואן פעטראָוויטש און דער קעלנער.

דער קעלנער. ביטע אהער, דאָ וועט אייך קיינער ניט שטערען; און פאפיר גיב איך אייך באלד.

איוו. פעט. פראָטאַסאָוו! איך וויל אויך אריין.

פעדיא (אנ'ערנסטער). גיה אריין, נור איך האָב עפּיס צו טון און... ווילסט—קום אריין.

איוו. פעט. דו קלויבסט דיך ענטפערן אויף זייערע פאָרערונגען? איך וואָלט דיר געזאָגט. איך וואָלט ניט געווען ווי דו. איך ריי'ד אלע מאל אָפּען און טו אלץ פעסט, זיכער!

פעדיא (דעם קעלנער). א פלאש שאמפאניער. (דער קעלנער געהט אָב).

## צווייטער אויפטריט.

פעדיא און איוואַן פעטראָוויטש (פעדיא נעהמט אַרויס אַ רעוואָלווער און לעגט איהם אַוועק).

איוו. פעט. וואָס־דען? ווילסט זיך שיסען? מ'קען, מ'קען — איך פערשטעה דיך. זיי ווילען דיך ערנידעריגען און דו וועסט דערוואַרטען, ווער דו ביזט. זיך וועסטו טויטען מיט אַ רעוואָלווער און זיי מיט דיין גרויס־מוטיגקייט. איך פערשטעה דיר. איך פערשטעה אַלץ, ווייל איך בין אַ זשעני.

פעדיא. יאָ, נו יאָ. נור... (עס קומט אַריין דער קעלנער מיט פאַפּיער און טינט).

## דריטער אויפטריט.

פעדיאַ, איוואַן פעטראָוויטש און דער קעלנער.

פעדיא (דעקט צו דעם רעוואָלווער). עפּען דאָס פלאַש לאָמיר אויסטרינקען. (מ'טרינקט, פעדיא שרייבט) וואַרט אַ ווייַלע.

איוו. פעט. פאַר דיין... לאַנגע רייזע. איך שטעה דאָך העכער פון די אַלע זאַכען. איך וועל זיך ניט בעמיהען צו אָבהאַלטען דיך. פאַר'ן זשעני איז אי דאָס לעבען אי דער טויט גלייכגילטיג. איך שטאַרב אינ'ם לעבען און לעב אינ'ם טויט. דו נעהסט זיך ערמאָרדען כדי צוויי מענשען זאָלען מיט דיר האָבען מיטלייד און איך — איך וועל זיך ערמאָרדען כדי די גאַנצע וועלט זאָל פערשטעהן, וואָס זי האָט פערלאָרען. איך וועל זיך ניט וואַקלען און קלערען. גענומען (חאַפּט דעם רעוואָלווער) איינם — און פערטיג. נור עס איז נאָך פריה (לעגט אַוועק דעם רעוואָלווער). און איך וועל ניט האָבען נויטיג צו שרייבען. זיי וועלען אַליין מוזען פערשטעהן... עך, איהר...

פעדיא (שרייבט). וואַרט אַ ביסעל.

איוו. פעט. עלענדע מענשעלעך! קריכען, שמייען. און זיי פערשטעהען גאָרניט — זיי פערשטעהען גאָרניט. איך זאָג עס ניט דיר. איך זאָג גלאַט, אין דער וועלט אַריין, אַרויס מיינע געדאַנקען. און וואָס האָט די מענשהייט נויטיג? זעהר ווענינ: שעצען איהרע גאונים. און זי האָט זיי בסדר געפּייניגט,

געיאָגט, געמאַטערט... ניין! — איך וועל ניט זיין אייער שפּיעל-צייג! איך וועל אַראָפּרייסען פון אייך די מאַסקע! ניין! חונפים!

פעדיאַ (האָט געענדיגט שרייבען, טרינקט און לייענט). זעה איך בעט דיר.

איוו. פעט. אַוועקגעהן? נו, זיי געזונד, איך וועל דיך ניט אָבהאַלטען, איך וועל אויך טון דאָסזעלבע, נור עס איז נאָך פריה. איך וויל דיר נור זאָגען...

פעדיאַ. גוט, דו וועסט מיר זאָגען שפּעטער. איצט, גוטער ברודער, זיי אַזוי גוט און גיב דאָס איבער דעם ווירט. (גיט איהם געלד). און פרעג צי עס פערהאַן פאַר מיר אַ בריעף און אַ פּאַקעט. כ'בעט דיר.

איוו. פעט. גוט. און דו וועסט וואַרטען אויף מיר? איך וועל דיר נאָך עפּיס וויכטיגעס זאָגען, אַזאַ זאַך, וואָס דו וועסט עס גיט הערען ניט נור אויף דער וועלט נור אפילו ניט אויף יענער וועלט, יעדענפאַלס ביז איך וועל ניט קומען צוריק אַהער. אָבגעגעבען איינגאַנצען?

פעדיאַ. וויפיעל עס קומט. (איוו. פעט. געהט אָב).

## פיערטער אויפטריט.

### פעדיא אַליין.

פעדיאַ. (אָטעמט אָב, פערשפּאַרט די טיר נאָך איוואַן פעטראָוויטש'ן נעהמט דעם רעוואָלווער, שטעלט איהם אָן, לעגט צו צום שלייף, ציטערט און לאָזט איהם אַראָב פאָרזיכטיג. ברומט). ניין, כ'קען ניט, כ'קען ניט! (מען קלאַפּט אין טיר) ווער איז דאָרט? (פון הינטערן טיר מאַשאַ'ס שטים: איך).

פעדיאַ. ווער: איך? אָך, מאַשאַ... (ער עפענט די טיר).

## פינפטער אויפטריט.

### פעדיא און מאַשאַ.

מאַשאַ. איך בין געוועזען ביי דיר, ביי פּאָפּאָוו'ן, ביי אַפֿ-רעמאָוו'ן און האָב זיך ענדליך אָנגעשטויסען, אַז דו ביזט דאָ,

(דערזעהט דעם רעוואָלווער) אָט אַנ'אײַנפאַל, ביסטו אַ ביסעל אַ נאַר ! אויף מײַן וואָרט אַ נאַר ! דו מײַנסט עס טאַקע מיט אַנ'אמת ?
פעדיאַ. נײַן, כ'האָב ניט געקענט.
מאַשאַ. און איך בין גאָר ניטאָ אויף דער וועלט ? דו שלעכטער דו ! אויף מיר האָסטו גאָר קײַן רחמנות ניט געהאַט. אַך, פיאָדר, ס'איז אַ זינד, ס'איז אַ זינד ! פאַר מײַן ליעבע...
פעדיאַ. איך האָב זײַ געוואָלט באַפרײַען, כ'האָב זײַ פערשפּראָכען, און זאָגען אַ ליגען קען איך ניט.
מאַשאַ. און איך, וואו בין איך ?
פעדיאַ. וואָס דו ? דו וואָלסט זיך אויך אויסגעפּלאָנ־טערט. עס איז דיר דען בעסער זיך צו פּײַניגען מיט מיר צוזאמען ?
מאַשאַ. מסתּמא בעסער, כ'קען אָהן דיר ניט לעבען.
פעדיאַ. וואָס איז עס פאַר'א לעבען מיט מיר ? דו וואָלסט געוויינט אַ ביסעל און ווײַטער געלעבט.
מאַשאַ. און איך וואָלט גאָרניט געוויינט. גאָה צום טײַוועל, ווען דו האָסט אויף מיר קײַן רחמנות ניט. (וויינט).
פעדיאַ. מאַשאַ, מײַן פרײַנד, איך האָב דאָך געמײַנט צום בעסטען.
מאַשאַ. דיר וואָלט געוועזען בעסער.
פעדיאַ (שמײכלענדיג). ווי אַזוי וואָלט מיר געוועזען בעסער, ווען איך וואָלט זיך דאָס לעבען גענומען ?
מאַשאַ. פערשטעהט זיך בעסער. וואָס דאַרפסטו האָ־בען ? דו זאָג נאָר.
פעדיאַ. וואָס דאַרף איך ? זעהר פיעל.
מאַשאַ. נו וואָס ? וואָס ?
פעדיאַ. כ'דאַרף ערשטענס האַלטען מײַן וואָרט. דאָס איז ערשטענס, און דאָס אַליין איז שוין גענוג. זאָגען ליגען, טאָן די אַלע געמײנע זאַכען, וואָס זענען פערבונדען מיט'ן גט, בין איך ניט אימשטאַנד.
מאַשאַ. לאָמיר זאָגען, אַז עס איז טאַקע געמײַן. איך אַליין...
פעדיאַ. און ווײַטער — מען מוז זײַ באַפרײַען, אי די פרוי מײַנע, אי איהם. זײַ זענען ביידע גוטע מענשען. פאַרוואָס זאָל איך זײַ פּײַניגען ? אָט האָסטו צוויי.

מאשא. גוטעם האָט זי שוין אין זיך וועניג, וויבאלד זי האָט דיך אַוועקגעוואָרפען.

פעדיא. ניט זי האָט מיך אוועקגעוואָרפען נאָר איך — זי.

מאשאַ. נו, גוט, גוט. אַלץ דו. זי איז אַ מלאך. וואָס נאָך?

פעדיאַ. און וואָס ווייטער? אָט דאָס, וואָס דו ביסט אַ גוט און אַ ליעב מיידעל — איך ליעב דיך און אויב איך וועל בלייבען לעבען, וועל איך דיך אומברייננגען.

מאשאַ. דאָס איז שוין ניט דיין זאַך. איך ווייס שוין אליין, וואו איך וועל אומגעבראַכט ווערען.

פעדיאַ (זיפצט). און די הויפט-זאך, די הויפט-זאך... וואָס איז מיין לעבען? לעב איך דען ניט ווי אַ פערפאַלענער מענש? איך טויג צו קיין זאַך ניט. איך פאַל אַלעמען צו לאַסט, אַזוי האָט דיין פאָטער געזאָגט. אַ טויגעניכטס בין איך...

מאשאַ. נארישקייטען, פּלאַפּלעריי. איך וועל זיך פון דיר ניט אָבטשעפען. כ'האָב זיך צוגעקלעפט און ווייטער גאָרניט. און דאָס וואָס דו לעבסט שלעכט, טרינקסט און זויפסט... דו ביסט אַ לעבעדיגער מענש. וואַרף עס אַוועק! און אַ סוף!

פעדיא. ס'איז לייכט צו זאָגען.

מאשא. און טו אַזוי.

פעדיא. אַז איך קוק אויף דיר אָט אַזוי, ווייזט זיך מיר אוים, אַז איך וועל עס טאָן.

מאשא. דו וועסט עס טאָן, אַלץ וועסטו טאָן. (דערזעהט דעם בריעף) וואָס איז דאָס? דאָס האָסטו זיי געשריבען? וואָס האָסטו געשריבען?

פעדיא. וואָס איך האָב געשריבען? (נעהמט דעם בריעף און וויל צורייסען) איצט איז עס שוין ניט נויטיג.

מאשאַ (רייסט אַרוים דעם בריעף). האָסט געשריבען, אַז דו האָסט זיך דאָס לעבען גענומען? יאָ? האָסט ניט געשריבען וועגען פּיסטאָלעט? האָסט געשריבען סתם, אַז דו האָסט זיך דאָס לעבען גענומען?

פעדיא. יאָ, אַז איך וועל שוין ניט זיין אויף דער וועלט.

מאשא. לאָז, לאָז, וואַרט נאָר. דו האָסט געלייענט „וואָס טאָן“?

פעדיאַ. דולט זיך — געלייענט.

מאשאַ. אַ לאַנגווייליגער ראָמאַן, נאָר איין זאַך איז דאָרט גוט. ער, ווי הייסט ער דאָרט? . ראַלמאַנאָוו... ער האָט גענומען און האָט זיך געמאַלט, אַז ער האָט זיך דער־טרונקען... און דו אויך... קענסט ניט שווימען?

פעדיאַ. ניין.

מאשאַ. גיב אַהער דיינע מלבושים, אַלץ, דעם פאָרט־מאָנע אפילו.

פעדיאַ. ווי אַזוי?

מאשאַ. וואַרט, וואַרט, וואַרט! לאָמיר פאָהרען אַהיים, דאָרט וועסטו זיך איבערקליידען.

פעדיאַ. דאָס הייסט דאָך — אָבנאַרען.

מאשאַ. זעהר שען. געגאַנגען באָדען זיך, די זאַכען זענען געבליבען אויפ׳ן ברעג. אין אַ קעשענע ליגט אָט דער פאָרטמאָנע און אַ בריעף.

פעדיאַ. נו, און דערנאָך?

מאשאַ. דערנאָך? דערנאָך וועלען מיר אַוועקפאָהרען און מיר וועלען לעבען אַ טאָג.

## זעקסטער אויפטריט.

פעדיאַ, מאשאַ, ס׳קומט אַריין איוואַן פעטראָוויטש.

איוו. פעט. נאַ דיר נאָר! און דעם רעוואָלווער? איך וועל איהם צונעהמען.

מאשאַ. נעהם, נעהם, מיר פאָהרען.

(פאָרהאַנג).

# צווייטעס בילד

(אַ גאַסט-צימער בײַ פּראָטאַסאָוו'ן.

---

## ערשטער אויפטריט.

קאַרעֶנין און ליזאַ.

קאַרעֶנין. ער האָט אַזוי פעסט צוגעזאָגט, אַז איך בין זיכער, אַז ער וועט האַלטען זײַן וואָרט.

ליזע. מיר איז עס אונאַנגענעהם, נור איך מוז זאָגען אַז דאָס, וואָס איך האָב זיך דערוואוסט פון יענער ציגײַנערין האָט מיך אינגאַנצען בעפרײַט פון איהם. מײַן ניט, אַז עס איז אײַפערזוכט, עס איז ניט קײַן אײַפערזוכט נור בעפרײַאונג... נו, ווי זאָל איך אײַך עס זאָגען?

קאַרעֶנין. ווײַטער אײַך!

ליזע (שמײכלענדיג). דיר. נור שטערט, שטער מיר ניט זאָגען דאָס, וואָס איך פיהל. מיך האָט הויפּטזעכליך געפּײַניגט דאָס, וואָס איך האָב געפיהלט, אַז איך ליעב צווייען. דאָס הייסט דאָך, אַז איך בין ניט קײַן מאָראַלישע פרוי...

קאַרענין. דו נישט קײַן מאָראַלישע פרוי?!

ליזע. נור זינט איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער פיהרט זיך אַרום מיט אַנ'אַנדער פרוי, הייסט עס ער דאַרף מיך שוין מעהר ניט האָבען, האָב איך זיך בעפרײַט. איך האָב דערפיהלט, אַז איך קען זאָגען אויפריכטיג, אַז איך ליב אײַך—דיך. איצט איז בײַ מיר אין האַרצען אַזוי קלאָר, אַזוי העל. מיר טוט נור לײַד זײַן לאַגע. דער גט. און דאָס אַלץ איז אַזוי פּײַנליך. אָט דאָס וואַרטעניש...

קאַר'ענין. באַלד, באַלד וועט עס זיך ענדיגען, אויסער דעם, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, האָב איך נאָך געבעטען מײַן סעקרעטאַר, אַז ער זאָל צו איהם געהן מיט דער „פּראָשעניע" און זאָל ניט אַוועקגעהן ביז ער וועט זי ניט אונטערשרײַבען. ווען איך וואָלט איהם ניט געקאָנט אַזוי גוט וואָלט איך געמײנט, אַז ער טוט מיט אַ מײַן.

ליזע. ער? נײן, דאָס איז אַלץ זײַן שוואַכקײַט און ערהרליכקײַט. ער וויל ניט זאָגען אַ ליגען, דו האָסט איהם ניט בעדאַרפט שיקען קײן געלד.

קאַרעניִן. כ'האָב אַנדערש ניט געקענט טון, אַזוי וואָלט עס זיך ווײַטער פערשלעפּט.

ליזע. געלד, ס'איז עפּיס ניט גוט.

קאַרעניִן. ער האָט אפילו בעדאַרפט זײַן אַ ביסעל וועניגער עמפּפינדליך.

ליזע. וואָס פאַר'אַ עגאָאיסטען מיר ווערען!

קאַרעניִן. איך האָב טאַקע חרטה. נור דו ביזט אין דעם שולדיג. נאָך דאָס לאַנגע וואַרטען, נאָכ'ן לאַנגען יאוש בין איך איצט אַזוי גליקליך, אַזוי גליקליך. און דאָס גליק מאַכט פאַר אַ עגאָאיסט. דו ביזט שולדיג!

ליזע. דו מײנסט, אַז דו אַלײן ביזט אַ עגאָאיסט—איך אויך. איך פיהל, אַז איך בין פול, איך באָד זיך אין מײַן גרויסען גליק. אַלץ: מיקאַ איז געזונד, דײַן מוטער האָט מיך ליעב בעקומען און די הויפּט-זאַך—איך, איך ליעב...

וויקטאָר. יאָ? אָהן חרטה? אויף אײביג?

ליזע. פון יענעם טאָג אָן האָט זיך אין מיר אַלץ געענדערט.

וויקטאָר. און עס קען ניט ווערען אוים?

ליזע. קײנמאָל ניט. איך ווינש מיר נאָר אײנס: בײַ דיר זאָל עס זײַן אַזוי פעסט און זיכער ריכטיג ווי בײַ מיר.

## צווייטער אויפטריט.

קאַרעניִן, ליזע, אַנ'אַם מיט'ן קינד. (ס'געהט אַרום די אַם מיט'ן קינד. דאָס קינד לויפט צו דער מוטער. זי געהמט איהם אויף די קניע).

קאַרעניִן. וואָס פאַר אַנ'אומגליקליכע מענשען מיר זענען.

ליזע. וואָס הײסט? (קושט דאָס קינד).

קאַרעניִן. דו האָסט חתונה געהאַט און קומענדיג צוריק פון אויסלאַנד האָב איך זיך עס דערוואוסט, איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב דיך פערלוירען. איך בין געווען אומגליק-

ליך. אין אויפ'ן זיבעטען הימעל בין איך געוועזען, ווען איך האב געזעהען, אז דו האסט מיך איננאנצען ניט פערגעסען. דאס איז געוועזען גענוג פאר מיר. שפעטער, ווען צווישען אונז האבען זיך איינגעשטעלט פריינדליכע בעציהונגען און איך האב דערפיהלט א ווארימקייט אין דיין בעציהונג צו מיר און אז אין אונזער פריינדשאפט איז דא א פונק פון עטוואס אזוינס, וואס איז פיעל מעהר פון געוועהנליכע פריינדשאפט, בין איך כמעט איננאנצען געוועזען גליקליך. מיך האט נאר געפייניגט דאס, וואס איך בין ניט עהרליך צו פעדיא'ן. איבריגענס, איך האב פון קיין אנדער בעציהונג צו דיר, אויסער א ריינער פריינד־שאפט צו דער פרוי פון מיין פריינד, קיינמאל ניט געהאט. און אגב האב איך דיך געקאנט און עס האט מיך ניט געפיי־ניגט, איך בין געוועזען צופרידען. שפעטער ווען פעדיא האט דיר פערשאפט שמערצען, האב איך דערפיהלט, אז איך בין דיין שטיצע און אז דו שרעקסט זיך פאר מיר... בין איך געוועזען נאך מעהר גליקליך. אין מיר האט אויפגעבליצט עפיס א אונבעשטימטע האפנונג. נאך שפעטער... ווען פעדיא איז גאר געווארען אונערטרעגליך, ווען דו האסט בעשטימט פונאנדער־געהן זיך מיט איהם און איך האב דיר צום ערשטען מאל אלץ געזאגט, האסטו געענטפערט — ניין. מיט טרערען האסטו עס געזאגט און אנטלאפען, דאן בין איך געוועזען איבער־גליקליך. ווען איינער פרעגט מיך דאן: וואס פערלאנגסטו נאך, וואלט איך גאנץ פעסט געענטפערט — גארניט. דערנאך האט זיך בעוויזען די מעגליכקייט צו פעראייניגען מיין לעבען מיט דיי־נעם, די מאמא האט דיך ליעב בעקומען, די מעגליכקייט האט זיך אנגעהויבען צו פערווירקליכען; דו האסט מיר געזאגט, אז דו ליעבסט מיך, מיך אליין, דולט זיך — וואס קען איך נאך פערלאנגען? נאר, ניין, איצט, גראד איצט פייניגט מיך די פער־גאנגענהייט, ס'וואלט זיך געוואלט, אז די פערגאנגענהייט זאל ניט זיין, ס'זאל ניט זיין קיין זאך, וואס דערמאהנט אונז אן איהם.

**ליזע** (מיט פערדרוס) וויקטאר!

**וויקטאר.** ענטשולדיג מיר, ליזע. איך רייד עס נאר, ווייל איך וויל ניט, אז דער מינדעסטער געדאנק מיינער זאל

זײַן בעהאַלטען פון דיר. ל'האָב עס געזאָגט מיט אַ מײַן, אַז איך האָב געוואָלט דיר בעװײַזען, װי שלעכט איך בין און אַז איך חײַם, אַז װײַטער קען מען ניט געהן, אַז איך מוז קעמפּפען מיט זיך און בעקעמפּפען מיך. און איך האָב מיך אַלײן בעקעמפּפט. איך ליעב איהם.

ליזע. אַזוי דאַרף זײַן. איך האָב געטון אַלץ. ניט איך, נור אין מײַן האַרץ איז געשעהען דאָס, װאָס דו האָסט געװאָלט; אין מײַן האַרצען איז איצט גאָר ניטאָ אױסער דיר.

קאַרעני ן. גאָרניט?

ליזע. גאָרניט אױסער דיר. איך װאָלט עס ניט געזאָגט...

## דריטער אויפטריט.

קאַרענין, ליזע, דאָס קינד און אַ דינער.

דער דינער. העררװאָזנעסענסקי.

קאַרענין. דאָס איז ער, מיט אַנ'ענטפער פון פעדיאַ'ן.

ליזע (צו קאַרענינען). רופט איהם אַרײַן אַהער.

קאַרענין (שטעהט אויף, געהט צו דער טיר). אָט איז דער ענטפער.

ליזע (גיט אָב דאָס קינד דער אַם. די אַם געהט אָב). חעט זיך עס אַמאָל ענדיגען, װיקטאָר? (קושט איהם).

## פיערטער אויפטריט.

קאַרענין, ליזע, װאָזנעסענסקי, (קומט אַרײַן).

קאַרענין. נו?

װאָזנ. ניטאָ איהם.

קאַרענין. װער ניטאָ? און די „פּראָשעניע" איז אונטערגעשריבען?

װאָזנ. די „פּראָשעניע" איז ניט אונטערגעשריבען. נור אַ בריעף איז פערהאַן פאַר אײַך און יעליזאַװעטאַ אַנדרײַעװנאַ. (גיט איהם דעם בריעף), איך בין געװען בײַ איהם אין דער־הײַם. זאָגט מען מיר, אַז ער איז אין רעסטאָראַן. געה איך אַהין. זאָגט מיר פיאָדר װאַסיליעװיטש, איך זאָל קומען אין אַ שעה

אַרום נאָך אַנ'ענטפּער, איך בין געקומען אין אַ שעה אַרום און אָט . . .

קאַרעניִן. וועט עס ווײַטער פֿערשלעפּט ווערען? ווײַטער אַנ'אויסרײַד! נײַן, דאָס איז אײַנפֿאַך ניט גוט פֿון איהם. ווי נידעריג ער איז געפֿאַלען!

ליזע. לײענען דאָך דורך!

קאַרעניִן (עפֿענט דעם בריעף).

וואָזנ. איך בין שוין אײַך מעהר ניט נויטיג?

קאַרעניִן. יאָ, נײַן, אַדיע. אַ'דאַנק. (שטעלט זיך, לײענט פֿערוואונדערט. וואָזנעסענסקי געהט אָב).

## פֿינפֿטער אויפֿטריט.

ליזע. וואָס? וואָס?

קאַרעניִן. עס איז שרעקליך.

ליזע. (חאַפּט דעם בריעף). לײענען!

קאַרעניִן. (לײענט). „ליזע און וויקטאָר, איך ווענד זיך צו אײַך בײדען. עס וועט ניט זײַן קײן ליגען, ווען איך וועל אײַך רופֿען ליעבע, אָדער טײַערע. איך קען ניט בעהערשען דאָס געפֿיהל פֿון אַ פֿײַנליכען פֿערדרוס און פֿערביטערונג צו מיר אַלײן, ווען איך קלער וועגען אײַך, וועגען אײַער ליעבע, וועגען אײַער גליק, איך ווײס אַלץ. איך ווײס, אַז ניט קוקענדיג, וואָס איך בין אַ מאַן, האָב איך כסדר געשטערט אײַער גליק. איך בין אין אַלץ שולדיג, פֿונדעסטוועגען קען איך בעקעמפֿפֿען מײַן פֿערדרוס אויף אײַך. טעאָרעטיש ליעב איך אײַך בײדען, בעזונדערס ליזען, ליזעטשקען, נור פּאַקטיש בין איך צו אײַך בײדען נאָך מעהר ווי קאַלט. איך ווײס, אַז איך בין ניט גערעכט. נור איך קען מיך ניט ענדערען".

ליזע. ווי קען ער עס . . .

קאַרעניִן (לײענט ווײַטער). „נור צו דער זאַך. מײַן צווײט געפֿיהל צווינגט מיך צו ערפֿילען אײַער פֿערלאַנג ניט ווי איהר האָט עס געוואָלט. ליגען, שפּיעלען אַ מאוסע קאָמעדיע, געבען שוחד אין קאָנסיסטאָריום און די עקעלהאַפֿטע צערעמאָניע איז מיר צו-ווידער, אונערטרעגליך, ווי מאוס איך

זאָל ניט זײַן, בין איך אַלץ אויף אַנ'אַנדער אופן מאוס און אין דער געמיינהײַט קען איך קײַן אָנטײל ניט נעהמען. אייגפאַך איך קען ניט. דער אַנדערער אויסוועג, וואָס איך האָב געוועהלט, איז אַנ'אייגפאַכער: איהר דאַרפט חתונה האָבען כדי איהר זאָלט זײַן גליקליך, איך שטער אײַך, הייסט עס: איך מוז מיך פערניכטען"...

ליזע (האפט קאַרעניגען פאַר'ן האַנד). וויקטאָר!

(לייענט) ... „איך מוז מיך פערניכטען. און איך פערניכט מיך. ווען איהר וועט ערהאַלטען דעם בריעף וועל איך שוין מעהר ניט זײַן"...

P. S. „עס טוט מיר לייד, וואָס איהר האָט מיר געשיקט געלד אויף דעם גט־פראָצעס. דאָס איז אונאַנגענעהם און פון אײַך האָב איך עס ניט ערוואַרט. נו, נאָר וואָס מאַכט מען? איך האָב אַזוי פיעל מאָל געגרייזט אין לעבען, איהר מעגט אויך איינמאָל מאַכען אַ פעהלער. דאָס געלד וועט אײַך צוריקגעשיקט. מײַן אויסוועג איז קורצער, זיכערער און בילינגער. איינס בעט איך אײַך: זענט ניט אין כעס אויף מיר און דערמאָהנט מיך ניט צום שלעכטען. נאָך עפּיס: דאָ איז פערהאַן אַ זײַנער־מאַכער יעווגעניעוו, קענט איהר איהם ניט העלפען און איינאָרדנען איהם ערגיץ? ער איז אַ שוואַכער, נאָר אַ גוטער מענש. אַדיע. פעדיאַ".

ליזע. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען? יאָ...

קאַרענין (קלינגט, לויפט צום פאָר'הויז). רופט צוריק דעם הערר וואָזניעסענסקי!

ליזע. איך האָב געוואוסט, איך האָב געוואוסט! פעדיאַ, ליעבער פעדיאַ!

קאַרענין. ליזע!

ליזע. ס'איז אַ ליגען, ס'איז אַ ליגען, אַז איך האָב איהם ניט געליעבט, אַז איך ליעב איהם ניט! איך ליעב נאָר איהם אַליין! איך ליעב! און איך האָב איהם אומגעבראַכט. לאָז מיך. (עס קומט אַרײַן וואָזניעסענסקי).

## זעקסטער אויפטריט.

קאַרעניִן, ליִזע און וואָזנעסענסקי.

קאַרעניִן. וואו איז פיאָדר וואַסיִליעוויִטש? וואָס האָט מען אייַך געזאָגט?

וואָזנ. מען האָט מיִר געזאָגט, אַז ער איז אַוועק איִן רעדפּריִה, האָט איִבערגעלאָזען אָט דעם בריִעף און איִז שוין מעהר ניִט צוריִקגעקומען.

קאַרעניִן. מען דאַרף זיִך עס דערוויִסען. ליִזע, איִך לאָז דיִך.

ליִזע. ענטשולדיִג מיִר, נאָר איִך קען אייַך קיין ליִגען ניִט זאָגען. לאָז מיִך איִצט. גיִה דערוויִס זיִך...

(פאָרהאַנג.)



# פינפטער אקט.

## ערשטעס בילד.

א שמוציג צימער אין א שיינק. ארום א טיש טרינקט מען טעה און בראנפען. פאראוים א טישעל, ביי וועלכען עס זיצט פעדיא, אנ׳אבגעלאזענער און אנ׳אבגעריסענער, מיט איהם זיצט פעטושקאוו, א אויפמערקזאמער און צארטער מענש, מיט לאנגע האר, זעהט אוים ווי א גייסטליכער. ביידע זענען אביסעל שכור.

### ערשטער אויפטריט.

פעדיא און פעטושקאוו.

פעטוש. ל׳פערשטעה, ל׳פערשטעה. אט דאס הייסט ריכטיגע ליעבע! נו, איז וואס-זשע?

פעדיא. יא, איהר ווייסט, ווען אזעלכע געפיהלען בע-הערשען א מיידעל פון אנדערע קרייזען, אז זי איז נרייט אלץ אפפערן פאר׳ן געליעבטען מענשען... דאס איז אבער א ציגיי-נערין, וואס איז ערצויגען געווארען נאר אויף זעלבסטזוכט, און אזא ריינע אפפער-פערטיגע ליעבע! זי גיט אב אלץ און זי פאדערט גארנישט צוריק. אט אזא קאנטראסט...

פעטוש. יא, ביי אונז, אין דער מאלעריי, רופט מען עס „וואלער״. מען קען נאר דאן ארויסבעקומען א העל-רייטע

פאַרב ווען אַרום איז גרין. נאָר ניט דאָס מיין איך! איך פערשטעה, איך פערשטעה.

פעדיא. און נאָך עפּיס, מיר דוכט, אַז איין גוטע זאַך האָב איך געטון. איך האָב ניט אויסגענוצט איהר ליעבע. איהר ווייסט פאַרוואָס?

פעטוש. אוים רחמנות.

פעדיא. אַך, ניין. קיין רחמנות-געפיהל האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט צו איהר. איך האָב שטענדיג געהאַט אַ געפיהל פון התלהבות און ווען זי האָט געזונגען... אַך, ווי זי האָט עס געזונגען! — אָ, זי זינגט איצט אויך! שטענדיג האָב איך אויף איהר געקוקט פון אונטען אַרויף. איך האָב זי ניט אומגליקליך געמאַכט איינפאַך, ווייל איך האָב זי געליעבט. אויפריכטיג געליעבט. און איצט אויך — ס'איז אַ גוטע, אַ גוטע ליעבענס-ערא־ינערונג. (טרינקט).

פעטוש. אָט דאָס פערשטעה איך. אידעאַליסטיש.

פעדיא. איך וועל אייך זאָגען: איך האָב געהאַט פליר-טען מיט פרויען. איינמאָל בין איך געווען פערליעבט, אַ דאַמע איז עס געווען זעהר אַ שענע, איך בין געווען מאוס פערליעבט, ציניש, אויפ'ן הינטישען שטייגער און זי האָט מיר געגעבען אַ ראַנדעוואו. איך בין ניט געקומען, ווייל איך האָב עס געהאַלטען פאַר נידערטרעכטיג, פאַר ניט-עהרליך צו איהר מאַן. און מאָרגען, ביז היינטיגם טאָג, ווען איך דערמאָן זיך נאָר אָט דעם פאַל, וויל איך זיך פרעהען און ריהמען זיך אַליין, וואָס איך בין געווען עהרליך און... חרטה האָב איך ווי אויף אַן׳עבירה. און דאָ מיט מאַשאַ'ן איז גאָר פערקעהרט. איך פרעה זיך שטענדיג, איך פרעה זיך, וואָס איך האָב מיט קיין זאַך ניט פערשוועכט דאָס געפיהל. איך קען פאַלען נאָך נידעריגער, אינגאַנצען פאַלען, לייז וועלען אויף מיר קריכען, קרעציג וועל איך זיין, דער ברילליאַנט אָבער, ניט קיין ברי-ליאַנט, נאָר דער זונען-שטראַהל וועט זיין אין מיר און מיט מיר.

פעטוש. כ'פערשטעה, כ'פערשטעה. וואו-זשע איז זי איצט?

פעדיא. כ'ווייס ניט. און וואָלט ניט געוואָלט וויסען. דאָס האָט פאַסירט נאָר אין אַן'אַנדער לעבען; איך וויל עס ניט

צוּנוֹיפמִישֶׁען מִיט דעֶם אִיצטִיגֶען.
(בּײַ אַ טִישעֶל הִינטעֶן העֶרט זִיך אַ געֶשרײַ פוּן אַ פרוֹי. עֶס קוּמט אַרײַן דעֶר ווִירט מִיט אַ פּאָלִיציאַנט אוּן מעֶן פִיהרט זי אַוועֶק. פעֶדיאַ אוּן פּעֶטוּשקאָוו העֶרעֶן אוּן זעֶהעֶן שווײַגעֶנד).

פּעֶטוּש. (נאָכדעֶם ווי עֶס ווערט רוּהִיג). יאָ, אַ וואוּנדעֶרלִיך לעֶבּעֶן אײַעֶרס.

פעֶדיאַ. דאָס סאַמעֶ אײַנפאַכסטעֶ. אַלעֶ מעֶנשעֶן, פוּן דעֶם קרײַז פוּן וועֶלכעֶן אִיך שטאַם, האָבּעֶן דרײַ וועֶגעֶן אִין לעֶבּעֶן; אײן וועֶג — זײַן אוֹיף אַ שטעֶל אוּן פעֶרדִיעֶנעֶן געֶלד, פעֶרגרעֶסעֶרן די נִידעֶרטרעֶכטִיגקײַט, אִין וועֶלכעֶר דוּ לעֶבּסט. דאָס האָט מִיר געֶעֶקעֶלט, אפשר האָבּ אִיך עֶס גאָר נִיט געֶקעֶנט, נײן, עֶס האָט מִיר פשוט געֶעֶקעֶלט. דעֶר צווײטעֶר — בּעֶקעֶמפפעֶן, פעֶרנִיכטעֶן די נִידעֶרטרעֶכטִיגקײַט. צוּ דעֶם דאַרף מעֶן אָבּעֶר זײַן אַ העֶלד. אָדעֶר דעֶר דרִיטעֶר: פעֶרגעֶסעֶן זִיך, טרִינקעֶן, זוֹיפעֶן, זִינגעֶן — אוּן דאָס האָבּ אִיך טאַקעֶ געֶטוּן. אוּן אָט צוּ וואָס אִיך האָבּ זִיך דעֶרזוּנגעֶן!... (טרִינקט).

פּעֶטוּש. נוּ, אוּן דאָס פאַמִיליעֶן־לעֶבּעֶן! אִיך וואָלט געֶווען גלִיקלִיך, ווען אִיך וואָלט געֶהאַט אַ פרוֹי. מִיך האָט מײַן פרוֹי רוּאִינִירט.

פעֶדיאַ. פאַמִיליעֶן־לעֶבּעֶן? יאָ. מײַן ווײַבּ אִיז אַ פרעֶכטִיגעֶ פרוֹי, זי לעֶבּט אוֹיך אִיצט. נאָר ווי אַזוֹי זאָל אִיך עֶס דִיר זאָגעֶן, עֶס האָט געֶפעֶהלט עֶפּיס אַ ראָזִינקעֶ... דוּ ווײסט אַ ראָזִינקעֶ אִין קוואַס? — עֶס אִיז נִיט געֶווען קײן רײץ אִין אוּנזעֶר פאַמִיליעֶן־לעֶבּעֶן. מִיר אִיז געֶווען נוֹיטִיג פעֶרגעֶסעֶן זִיך אוּן אָהן רײץ וועֶסטוּ זִיך קײנמאָל נִיט פעֶרגעֶסעֶן. אִיך האָבּ אָנגעֶהוֹיבּעֶן זִיך פִיהרעֶן מאוּס. אוּן דוּ ווײסט דאָך: מִיר לִיבּעֶן מעֶנשעֶן פאַר דאָס גוּטס, וואָס מִיר טוּעֶן זײ אוּן האַסעֶן זײ פאַר דאָס שלעֶכטס, וואָס מִיר האָבּעֶן זײ געֶטוּן, אוּן אִיך האָבּ אִיהר געֶטוּן שלעֶכטס. זי האָט מִיך, דוּכט זִיך, געֶלִיבּט.

פּעֶטוּש. פאַרוואָס זאָגט אִיהר: דוּכט זִיך?

פעֶדיאַ. אִיך זאָג עֶס, ווײַל זי האָט קײנמאָל נִיט פעֶרמאָגט דאָס, וואָס זאָל מִיך פעֶרחאַפּעֶן בּײַם האַרצעֶן, ווי מאַשאַ; נאָר נִיט דאָס בִּין אִיך אוֹיסעֶן. זי אִיז געֶווען אַ שוואַנגעֶרעֶ, האָט געֶשטִילט אַ קִינד אוּן אִיך פלעֶג פעֶרפאַלעֶן ווערעֶן

און פלעג קומען צוריק אהיים א שכור'ער. אט פאר דעם אלײן האב איך זי אלץ ווענינער און ווענינער ליעב געהאט. יא, יא, ווערט אויפגעלעבט). מיר איז איצט איינגעפאלען: איך ליעב דע־ ליבער מאשא'ן, ווייל איך האב איהר געטון נאר גוטס און ניט קײן שלעכטס. דעריבער ליעב איך זי און יענער האב איך גע־ זײניגט; דערפאר... ניט דאס וואס איך ליעב זי ניט... נײן, איך ליעב זי אײנפאך ניט. איך בין געװעזען אײפערזיכטיג, דאס איז אויך פאריבער.

## צווייטער אויפטריט.

פעדיא, פעטושקאוו און ארטעמיעוו.

(עס געהט צו ארטעמיעוו מיט א קאקארדע, מיט געפארבטע וואנסעס, אין א צוגעפאסטער אלטער קליידונג.

ארטעמיעוו. מיט א גוטען אפעטיט. (גריסט זיך מיט פעדיא'ן) האט איהר זיך בעקאנט מיט'ן קינסטלער־מאלער?

פעדיא. (קאלט). בעקאנט זיך.

ארט. (צו פעטושקאוו'ן). וואס איז מיט'ן פארטרעט, געענדיגט?

פעטוש. נײן, ס'איז גאר ניט געווארען.

ארט. (זעצט זיך). איך שטער אייך ניט?

(פעדיא און פעטושקאוו שווייגען).

פעטוש. פיאדר וואסילעוויטש האט דערצעהלט פון זיין לעבען.

ארט. סעקרעטען? שטער איך ניט, רעדט ווייטער, איך האב אייך ניט נויטיג. שווייגען! (ער געהט אוועק צום צווייטען טיש, שטעלט ביער. הערט זיך צו די גאנצע צייט צום שמועס פון פעדיא מיט פעטושקאוו'ן, בויגט זיך איבער צו זיי).

פעטוש. ער האט זיך בעליידיגט.

פעדיא. מיין דאגה, כ'קען ניט, מיט אזא מענשען בין ניט אימשטאנד א ווארט אויסצורײדען, מיט אייך איז מיר גוט, אנגענעהם. וואו־זשע — האלט איך?

פעטוש. איהר האט געזאגט, אז איהר זענט געווען אייפערזיכטיג.

פעדיא. אך, (פערקלערט זיך), ס'איז א מערקווירדיגע גע־

שיכטע — מײַן פרוי האָט דאָך חתונה געהאַט.

פּעטוש. ווי אַזוי? געז'גט?

פּעדיאַ (שמײַכעלט). זי איז געבליבען אַנ'אַלמנה נאָך מיר.

פּעטוש. וואָס הײַסט? ווי אַזוי?

פּעדיאַ. אָט אַזוי אַנ'אַלמנה, איך בין דאָך ניטאָ.

פּעטוש. וואָס הײַסט ניטאָ?

פּעדיאַ. ניטאָ, איך בין אַ מת. (אַרטעמיעוו בויגט זיך אַי־בער; הערט זיך צו.) אײַך קען איך עס פערצעהלען. עס איז שוין געווען לאַנג און מײַן ריכטיגען פאַמיליען־נאָמען ווײַסט איהר ניט. די מעשה איז געווען אַזוי: ווען איך האָב מײַן ווײַב אינ־גאַנצען פערמוטשעט, ווען איך האָב פערזויפט אַלץ, וואָס האָב נור געקאָנט און בין געוואָרען אונערטרעגליך, איז אויסגעוואַק־סען אַ בעשיצער פון מײַן פרוי. מײַנט ניט, אַז עס איז פאָרגע־קומען עטוואָס שמוציגעס און ניט־שענעס. נײַן, ס'איז מײַנער אַ חבר און אַ זעהר גוטער מענש, דער ריכטיגער היפך פון מיר, און אַזוי ווי אין מיר איז פערהאַן מעהר שלעכטעס ווי גוטעס, דעריבער איז ער געווען אַ גוטער, זעהער אַ גוטער מענש, אַנ'ערליכער, מיט כאַראַקטער, אַנ'אײַנגעהאַלטענער און אײַנפאַך אַ בעל־רחמים. ער האָט געקאָנט מײַן פרוי פון קינדהײַט אָן, און האָט זי געליעבט. אַז זי האָט מיט מיר חתונה געהאַט האָט ער זיך אונטערגעגעבען זײַן האַרטען שיקזאַל. שפּעטער, ווען איך בין געוואָרען העסליך און האָב אָנגעהויבען פּײַניגען מײַן פרוי, האָט ער אָנגעהויבען אָפטער אַרײַנקומען צו אונז. ס'האָב עס אַליין געוואָלט. זיי האָבען זיך פערליעבט. צו דער צײַט בין איך אינגאַנצען אַראָב פון טראָפ און האָב געוואָרפען מײַן פרוי. דאָ קומט נאָך די מעשה מיט מאַשאַ'ן. איך האָב זיי אַליין געראַטען, זיי זאָלען חתונה האָבען. זיי האָבען ניט געוואָלט, איך בין אָבער אַלץ אונערטרעגליכער געוואָרען און עס האָט זיך געענדיגט מיט דעם, אַז...

פּעטוש. ווי דער שטײַגער איז...

פּעדיאַ. נײַן, איך בין זיכער און ווײס עס, אַז זיי זענען געבליבען רײַן. ער, איז אַ רעליגיעזער מענש און האָט געהאַל־טען פאַר אַנ'עבירה לעבען מיט איהר אָהן אַ קירכליכע טרוי־אונג. הכלל, זיי האָבען אָנגעהויבען פערדערן אַ גט; איך האָב

בעדאַרפט נעהמען אויף זיך די שולד, די אַלע ליגענס...
און איך האָב ניט געקענט. איהר וועט מיר גלייבען, עס איז
מיר לייכטער געווען נעהמען זיך דאָס לעבען איידער זאָגען אַ
ליגען. איך האָב שוין געוואָלט בעגעהן זעלבסטמאָרד. קומט
אַ גוטער מענש און זאָגט מיר — צו־וואָס? און האָט אַלץ
איינגעאָרדענט. איך האָב געשיקט אַ געזעגנען־בריעף און מאָרגען
האָט מען געפונען אויפ'ן ברעג מיינע קליידער און מיינע פאַ־
פירען. שווימען קען איך ניט.

פעטוש. און דעם קערפּער, איהם האָט מען דאָך ניט
געפונען.

פעדיאַ. געפונען, שטעלט אייך פאָר אַזאַ צופאַל. אין
אַכט טאָג אַרום האָט מען געפונען עפּיס אַ קערפּער. מען האָט
גערופען מיין פרוי. דער קערפּער איז געווען שוין צופוילט, זי
האָט אַ קוק געטון. ער? — ער. און אַזוי איז עס געבליבען.
מיך האָט מען בעגראָבען, זיי האָבען חתונה געהאַט און לעבען
גאָר שען, פיין, ווי גאָט האָט געבאָטען. און איך — אָט בין איך,
איך לעב און טרינק. נעכטען בין איך פאַרבייגעגאַנגען זייער
הויז. אין די פענסטער ליכטיג, עפּיס אַ שאָטען דורכגעלאָפען פאַר־
ביי. אַמאָל איז פּאַסקודנע און אַמאָל — גאָר ניט. שלעכט איז,
ווען עס איז קיין געלד ניטאָ... (טרינקט).

אַרטעמיעוו. (געהט צו). ענטשולדיגט מיר, איך האָב
געהערט אייער היסטאָריע. אַ שענע געשיכטע און הויפּטזעכליך —
אַ נוצליכע. איהר זאָגט: ס'איז שלעכט, ווען עס איז קיין געלד
ניטאָ. ניטאָ קיין ערגערע זאַך. אָבער איהר, אין אייער לאַגע,
דאַרפט האָבען געלד. איהר זענט דאָך אַ מת. וואויל...

פעדיאַ. ערלויבט מיר, איך האָב דאָך ניט אייך דער־
צעהלט. איך נויטיג זיך ניט אין אייערע עצות.

אַרט. און איך וויל אייך זיי געבען. איהר זענט אַ מת,
די אָבער וועט זיין, אַז איהר ווערט לעבעדיג, וואָס וועלען
די זיין — אייער פרוי מיט'ן העררן, וואָס לעבען, ווי גאָט האָט
געבאָטען? — זיי וועלען זיין בּיגאַמיסטען. אין בעסטען פאַל
וועט מען זיך עס דערוויסען. פאַרוואָס־זשע זאָלט איהר לעבען
אָהן געלד.

פעדיאַ. איך בעט אייך, לאָזט מיך צורוה.

אַרט. שרייבט פשוט אַ בריעף. אויב איהר ווילט ווע׳ איך אָנשרייבען, גיט מיר נאָר דעם אַדרעס און איהר וועט מיר דאנקען.

פעדיאַ. גערט אַוועק! איך האָב אײַך דען געזאָגט עפּיס? איך האָב אײַך גאָרניט געזאָגט.

אַרט. ניין, איהר האָט יאָ געזאָגט. אָט איז אַנ׳עדות. דער קעלנער האָט געהערט, ווי איהר האָט געזאָגט, אַז איהר זענט אַ מת.

דער קעלנער. איך ווייס גאָרניט.

פעדיאַ. געמיינער יונג!

אַרט. איך בין אַ געמיינער יונג? עה, גאָראָדאָוואָי! אַ פּראָטאָקאָל שרייבען!

(פעדיאַ שטעהט אויף, וויל געהן. אַרטעמיעוו האַלט איהם, עס קומט אַ גאָראָדאָוואָי).

---

## צווייטעס בילד.

ס׳קומט פאָר אין דאָרף אויף אַ טעראַסע, בעוואַקסען מיט גרינס.

---

## ערשטער אויפטריט.

אַננאַ דמיט., קאַרענין, ליזע (אַ שוואַנגערע), אַנ׳אַב מיט אַ קינד.

ליזע. איצט פאָהרט ער שוין פון וואָקזאַל.

דער יונגעל. ווער פאָהרט?

ליזע. דער פאַפּאַ.

דער יונגעל. דער פאַפּאַ פאָהרט פון וואָקזאַל!

ליזע. ס׳איז וואונדערליך ווי ער ליעבט איהם, ריכטיג ווי אַנ׳אייגענעם פאָטער.

אַננאַ דמיִט. ס׳איז נאָך בעסער, דערמאָנט ער אַמאָל זײַן ריִכטיִגען פאָטער!

ליִזע (זיפצט). איך זאָג איהם גאָרניִט. צי וואָס זאָל מען איהם פלאָנטערן. אַנ׳אַנדערש מאָל מײַן איך, אַז מען מוז איהם זאָגען. וויִ מײַנט איהר, מאַמאַ?

אַננאַ דמיִט. איך מײַן, אַז דאָס איז אַ געפיִהלס־זאַך. אויב דו וועסט זיך פערלאָזען אויף אײַגען געפיִהל וועט דיר שוין דאָס האַרץ זאָגען, וואָס און ווען צו זאָגען. אַך, וויִ דער טויט האָט בכח צו מאַכען שלום! איך מוז מודה זײַן, ס׳איז געווען אַ צײַט, וואָס ער, פעדיאַ — איך האָב דאָך איהם געקאָנט אַלס קינד — איז מיר געווען צו־וויִדער, נאָר איצט געדענק איך נאָר דעם ליִבען יונגען־מאַן, וויקטאָר׳ס חבר, אַ לײַדענשאַפטליִכער מענש. וואָס האָט זיך, אפילו ניִט געזועצליִך, ניִט רעליִגיעז, געאָפּפערט פאַר דיִ, וועלכע ער האָט געליִעבט. מען קען שען ריידען, דיִ טהאַט אָבער זיִ איז שען... איך האָף, אַז וויקטאָר וועט ניִט פערגעסען ברענגען קײַן וואָל, עס איז שוין אינגאַנצען אויסגעגאַנגען (שטריקט).

ליִזע. אָט פאָהרט ער.

(מען הערט דעם קלאַפּ פון רעדער און גלעקלעך. ליזע שטעהט אויף און געהט צו צום ברעג פון דער טעראַסע).

ליִזע. עמיץ פאָהרט מיִט איהם. אַ דאַמע אין אַ הוט. דיִ מאַמאַ! הונדערט יאָהר האָב איך זיִ שוין ניִט געזעהען. (געהט צו דער טיִר).

## צווייטער אויפטריט.

ליזע, אַננאַ דמיִט. דיִ אַם מיט׳ן קינד. ס׳קומט אַרײַן קאַרעניִן און אַננאַ פּאַוול.

אַנ. פּאַוול. (קושט זיך מיִט ליִזען און מיִט אַננאַ דמיִט). וויקטאָר האָט מיך בעגעגענט און האָט מיך מיִטגענומען.

אַננאַ דמיִט. ער האָט גוט געטהון.

אַנ. פּאַוול. פערשטעהט זיך. איך קלער מיר: ווען וועל איך זיִ זעהן? איך וועל כסדר אָבלײַגען. ביִן איך געקומען, אויב איהר וועט מיך ניִט אַרויסטרײַבען וועל איך דאָ זײַן ביז

דעם אָוועֶנד־צוג.

קאַרעֶנין (קושם ליזען, די מוטער און דאָס קינד). ווי גליק־ליך איך בין — גראַטולירט מיר. צוויי טעג אין דער־היים. מאָרגען וועט מען דאָרט אַלץ אָבטון אָהן מיר.

ליזע. ווי גוט. צוויי טעג! שוין לאַנג ניט געוועֶן, מיר וועלען פאָהרען אין סטעפּ אַריין. יאָ?

אנ. פּאַוול. ווי עהנליך ער איז. אַ יונג מיט ביינער! זאָל ער נאָר ניט אַלץ ירש'נען פונ'ם טאַטען: דאָס האַרץ דעם פאָטערס.

אַננאַ. דמיט. נור ניט זיין שוואַכקייט.

ליזע. אַלץ, אַלץ! וויקטאָר איז מיט מיר איינשטימיג, אַז ווען מען וואָלט איהם פון קינדווייז אָן גשעטעלט אויפ'ן ריכ־טיגען וועג...

אַננאַ פּאַוו. איך פערשטעה עס ניט. נור איך קען ניט קלערען וועגען איהם און טרערען זאָלען זיך מיר ניט שטעלען אין די אויגען.

ליזע. מיר אויך. ווי ער אויסגעוואַקסען אין אונזער זכרון.

אַננאַ פּאַוול. יאָ, איך קלער אויך אַזוי.

ליזע. אַ צייט האָבען מיר געמיינט, אַז ער וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיגען. און פּלוצלונג האָט גענומען אַ סוף.

אַננאַ דמיט. וויקטאָר, דו האָסט געבראַכט וואָל?

קאַרעֶנין. געבראַכט, געבראַכט. (נעהמט אַ זעקעל און לעגט אַרויס). אָט איז וואָל, אָט איז אָ—דע—קאָלאָן, אָט זענען בריעף און דאָ איז אַ קאָזיאָנער בריעף אויף דיין נאָמען. (גיט ליזען). נו, אַננאַ פּאַוולאָוונאַ אויב איהר ווילט זיך וואַשען, וועל איך אייך בעגלייטען. איך וויל אַליין אויך זיך אַרומרייני־גען, באַלד דאַרף מען געהן צום מיטאָג. ליזע, דאָס אונטער־שטעֶ, דאָס ווינקעלדיגע צימער איז דאָך פאַר אַננאַ פּאַוולאָוונאַ?

(ליזע, בלאַס, האַלט מיט טרייסלענדע הענד אַ פּאַפּיר און ליינט).

קאַרעֶנין. וואָס איז מיט דיר? ליזע! וואָס איז דאָרט?

ליזע. ער לעבט! מיין גאָט! ווען וועט ער מיך שוין בעפרייען?! וויקטאָר! וואָס איז עס? (וויינט)!

קאַרעֶנין (נעהמט דאָס פּאַפּיר און ליינט). דאָס איז שרעקליך.

אַננאַ דמיִט. וואָס און שוין!

קאַרעניִן. שרעקליך! ער לעבט — זי איז אַ ביגאַמיסטין און איך אַ פערברעכער. דאָס איז אַ פּאַפּיר פון'ם געריכט-פּאַר־שער, ער רופט אַרויס ליזען צו זיך.

אַננאַ דמיִט. וואָס פאר אַ שרעקליכער מענש ער איז! פאַרוואָס האָט ער עס אַלץ געטון?

קאַרעניִן. ס'איז אַ ליגען, אַ ליגען!

ליזע. אך, ווי איך האַס איהם! איך ווייס ניט וואָס איך רייד... (געהט אוועק וויינענדיג, קארענין געהט נאָך איהר.) —

## דריטער אויפטריט.

אַננאַ דמיִט. און אַננאַ פּאַוול.

אַננאַ פּאַוול. ווי אַזוי איז ער געבליבען לעבען?

אַננאַ דמיִט. איך ווייס נור, אז ווי נור וויקטאָר האָט זיך נור צוגעריהרט צו דעם וועלטיל פון שמוץ... זיי וועלען איהם פערשלעפען אין שמוץ, אָט האָבען זיי שוין איהם אַריינ־געשלעפט, עס איז אַלץ ליג און טרוג!

פּאָרהאַנג,



# זעקסטער אקט.

---

## ערשטעס בילד.

דאָס צימער פונ'ם געריכטס-פאָרשער, דער געריכטס-פאָרשער זיצט ביי אַ טיש און רעדט מיט מעלניקאָוו'ן. ביי אַ זייט זיצט דער סעקרעטאַר און בלעטערט פאַפּירען.

---

### ערשטער אויפטריט.

דער געריכטס-פאָרשער, מעלניקאָוו און דער סעקרעטאַר.

גער. פאָרש. איך האָב עס איהר קיינמאָל ניט געזאָגט. זי האָט עס אַליין אויסגעקלערט און בעקלאָגט זיך אויף מיר.

מעלנ. זי בעקלאָגט עס ניט, זי בעדויערט עס נאָר.

דער פאָרש. נו, גוט, איך וועל קומען צו מיטאָג. איצט האָב איך זעהר אַ אינטערעסאַנטען פראָצעס. בעט זיי אַריין.

סעקרעטאַר. ביידען?

גער. פאָרש. (ענדיגט רויכערן, בעהאַלט דעם פאַפּיראָס). ניין— נאָר פרוי קאַרענין, אָדער ריכטיגער נאָכ'ן נאָמען פון איהר ערשטען מאַן — פראָטאַסאָוואַ אַליין.

מעלנ. (אוועקגעהענדיג) אַ, דאָס איז קאַרענין.

גער. פאָרש. יאָ, אַ שמוציגער פראָצעס. איבעריגענס, איך הויב דאָך ערשט אָן די אויספאָרשונג. נאָר עס איז ניט שען. נו, אַדיע. (מעלניקאָוו געהט אָב).

## צווייטער אויפטריט.

נעריבֿטס-פֿאָרשער, סעקרעטאַר און ליזע (פֿערשלייערט אין שווארצען, קומט אריין).

נער. פֿאָרשער. לֿ׳בעט זיצען (וויזט אָן אַ שטוהל) גלויבט מיר, אז עס טוט מיר לייד, וואָס איך מוז אייך שטעלען איי־ניגע פֿראַגען. מיר זענען געצוואונגען. בערוהיגט זיך נאָר און ווייסט, אַז איהר האָט דאָס רעכֿט צו ניט ענטפֿערן אויף מיינע פֿראַגען. מיין מיינונג איז אָבער — איהר און די אַנדערע זאָלען נאָר זאָגען דעם אמת. עס איז אַלעמאָל בעסער, זאָגאַר פּראַקטישער.

ליזע. איך האָב ניט וואָס צו בעהאַלטען.

גער. פֿאָרש. טאָ הערט-זשע (קוקט אריין אין אַ פּאַפּיר) איי־ער נאָמען, שטאַנד און גלויבען — דאָס אַלץ האָב איך פֿער־שריבען — אַזוי?

ליזע. יאָ.

גער. פֿאָרשער. איהר ווערט בעשולדיגט אין דעם, אַז וויסענדיג, אַז אייער מאַן לעבט האָט איהר חתונה געהאַט מיט אַן׳אַנדערן.

ליזע. איך האָב עס ניט געוואוסט.

גער. פֿאָרשער. און אין דעם, אַז איהר האָט אונ־טערגעקויפֿט אייער מאַן מיט געלד, אַז ער זאָל סימולירען אַ זעלבסט-מאָרד, כּדי בעפֿרייען זיך פֿון איהם.

ליזע. דאָס אַלץ איז ניט ריכֿטיג.

גער. פֿאָרש. איצט ערלויבט מיר צו שטעלען אייך עטלי־כֿע פֿראַגען: האָט איהר איהם געשיקט אין מאָנאַט יולי פֿון פֿערגאַנגענעם יאָהר צוועלף הונדערט רובל?

ליזע. דאָס איז געוועזען זיין געלד. מען האָט זיי בעקו־מען פֿאַר זיינע פֿערקויפֿטע זאַכֿען. אין דער צייט, וואָס איך בין זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען מיט איהם און געוואַרט אויף אַ גט, האָב איך עס איהם אָבגעשיקט.

גער. פֿאָרש. אַזוי. זעהר גוט. דאָס געלד איז געשיקט געוואָרען דעם 17-טען יולי, ד. ה. מיט צוויי טעג פֿריהער איידער ער איז פֿערשוואונדען געוואָרען.

ליזע. מיר שײנט, אז דעם 17-טען יולי, איך געדענק ניט.

גער. פארש. פארװאס האט מען אין יענער צײט אבגעשטעלט די שתדלנות אין קאנסיסטאריום און אבגעזאגט דעם אדװאקאט.

ליזע. ל׳װײס ניט.

גער. פארשער. נו, און בשעת די פאליציי האט אײך אײנגעלאדען צו דערקאנען דעם טויטען קערפער, װי אזוי האט איהר אין איהם דערקאנט אײער מאן?

ליזע. איך בין דאן געװען אזוי אויפגערעגט, אז איך האב גארניט געקוקט אויפ׳ן קערפער. איך בין געװען אזוי זיכער, אז דאס איז ער, אז װען מען האט מיך געפרעגט, האב איך געענטפערט: דוכט זיך, אז ער איז עס.

גער. פארש. איהר האט ניט בעטראכט דעם קערפער צוליעב דער זעהר פערשטענדליכער אויפרעגונג, גוט. נו, ערלויבט מיר אבער צו פרעגען: פון אײך איז געשיקט געװארען יעדען מאנאט א פאקעט און געלד קײן סאראטאװ, אין דערזעלבער שטאדט, אין װעלכער עס האט געװאוינט אײער ערשטער מאן?

ליזע. דאס געלד האט געשיקט מײן מאן, איך קען װעגען דעם גארניט זאגען, עס איז ניט מײן געהײמניס. נאר איך װײס, אז מען האט עס נישט געשיקט פיאדאר װאסיליעװיטש׳ן. מיר זענען געװען פעסט איבערצײגט, אז ער איז טויט, דאס קען איך אײך אויף זיכער זאגען.

גער. פארש. זעהר גוט. ערלויבט מיר נאר צו מאכען אײך, מאדאם, אויפמערקזאם אויף אײן זאך, — מיר זענען טאקע די דיענער פונ׳ם געזעץ, נאר דאס שטערט אונז ניט צו זײן מענשען. גלויבט מיר, אז איך געה ארײן אין אײער לאגע, איך פיהל מיט מיט אײך. איהר זענט געװען פערבונדען מיט א מענשען, װעלכער האט פערשװענדעט דאס פערמעגען, איז אײך געװען ניט טרײ, נו, בקיצור ער האט אײך געמאכט אומגליקליך . . .

ליזע. איך האב איהם געליעבט.

גער. פארש. ריכטיג, נאר פונדעסטװעגען איז עס פער-

שטענדליך, אַז איהר האָט זיך געוואָלט בעפרייען פון איהם, און איהר האָט געוועהלט דאָס איינפאַכסטע מיטעל. ניט פאַרויסזעהענדיג, צו וואָס דאָס קען פיהרען און ניט וויסענדיג, אַז עס איז אַ פערברעכען. דאָס פערשטעה איך, און די ריכטער וועלען עס אויך פערשטעהן און דעריבער וואָלט איך אייך געראַטען זאָגען אַלץ דעם אמת.

ליזע. איך האָב מעהר ניט וואָס צו זאָגען. איך האָב קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט. (וויינט). איהר דאַרפט מיך שוין מעהר ניט?

גער. פאָרש. איך וואָלט אייך געבעטען בלייבען דאָ נאָך אַ ווײַלע, איך וועל אייך שוין מעהר ניט בעאונרוהיגען מיט מיינע פראַגען. זענען ריכטיג איבערגעגעבען געוואָרען אייערע אַנטוואָרטען? כ'בעט אייך. זעצט זיך דאָ (בעווייזט אויף אַ שטוהל ביים פענסטער, צום סעקרעטאַר:) בעט אַריין דעם הערר קאַרענין.

## דריטער אויפטריט.

געריכטס-פאָרשער, סעקרעטאַר, ליזע, ס'קומט אַריין קאַרענין, שטרענג, פייערליך.

גער. פאָרש. כ'בעט זעהר.

קאַרענין. כ'דאַנק (שטעהט). וואָס ווילט איהר פון מיר?

גער. פאָרש. איך מוז אייך אויספרעגען.

קאַרענין. מיט וואָס פאַר אַ רעכט?

גער. פאָרש. (שמייכלענדיג). מיט'ן רעכט פון אַ געריכטס-פאָרשער, איך דאַרף אייך אויספרעגען אַלס אַ בעשולדיגטען.

קאַרענין. אַזוי גאַר? און וואָס בעשולדיגט מען מיך?

גער. פאָרש. אַז איהר האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וואָס האָט אַ מאַן. איבעריגענס ערלויבט מיר שטעלען אייך די פראַגען אין אַנ'אָרדנונג. זעצט זיך.

קאַרענין. כ'דאַנק.

גער. פאָרש. אייער נאָמען?

קאַרענין. וויקטאָר קאַרענין.

גער. פאָרש. טיטול?

קאַרענין. קאַמערהערר, ווירקליכער געהיים-ראַט,

גער. פאָרש. עלטער?

קאַרענין. 38 יאָהר.

גער. פאָרש. גלויבען?

קאַרענין. אַ פּראַוואָסלאַוונער. קיינמאָל ניט געשטאַ־נען פאַר'ן געריכט און אויספאָרשונג. נו, וואָס נאָך?

גער. פאָרש. איז אייך געווען בעקאַנט, ווען איהר האָט חתונה געהאַט, אַז פיאָדר וואַסיליעוויטש פּראָטאַסאָוו לעבט?

קאַרענין. איך האָב ניט געוואוסט. מיר זענען ביידע געווען איבערצייגט, אַז ער האָט זיך דערטרונקען.

גער. פאָרש. ווען האָט איהר אָנגעהויבען שיקען מאָ־נאַטליך געלד קיין סאַראַטאָוו באַלד נאָך דער פאַלשער ידיעה וועגען פּראָטאַסאָוו'ס טויט?

קאַרענין. אויף דער פראַגע וויל איך ניט ענטפערן.

גער. פאָרש. זעהר גוט. מיט וואָס פאַר אַ צוועק האָט איהר געשיקט פּראָטאַסאָוו'ן צוועלף הונדערט רובל איידער ער האָט סימולירט דעם זעלבסט־מאָרד דעם 17־טען יולי?

קאַרענין. דאָס געלד האָט מיר איבערגעגעבען מיין פרוי.

גער. פאָרש. פרוי פּראָטאַסאָוו?

קאַרענין. מיין פרוי, צו איבערגעבען איהר מאַן. דאָס געלד האָט זי געהאַלטען פאַר זיין אייגענטום און פונאַנ־דערגעהענדיג זיך מיט איהם האָט זי עס געהאַלטען פאַר ניט ערליך פערהאַלטען ביי זיך זיין געלד.

גער. פאָרש. איצט נאָך איין פראַגע. פאַרוואָס האָט איהר אָבגעשטעלט די שתדלנות וועגען גט?

קאַרענין. ווייל פיאָדר וואַסיליעוויטש האָט עס גענומען אויף זיך. האָט מיר געשריבען וועגען דעם.

גער. פאָרש. האָט איהר דעם בריעף?

קאַרענין. ער איז פערלוירען געוואָרען.

גער. פאָרש. מאָדנע, עס איז פערפאַלען געוואָרען גראָד דאָס, וואָס האָט געקענט איבערצייגען די ריכטער און די ריכטיגקייט פון אייערע ווערטער.

קאַרענין. דאַרפט איהר נאָך עפּיס?

גער. פאָרשער. איך דאַרף גאָרניט אויסער דער ער־פילונג פון מיין פליכט. איהר דאַרפט אָבער אָבוואַרפען פון זיך

די שולד. און דאָס, וואָס איך האָב געראַטען דער פרוי פראָ־טאַסאָוו וואָלט איך אייך אויך געראַטען — ניט פערלייקענען קיין שום זאך, דערצעהלען אַלץ. איהר מוזט וויסען, אז הער פּראָטאַסאָוו האָט שוין דערצעהלט, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען. ער וועט מסתמא פאַר׳ן געריכט דאָסועלבע דערצעהלען. איך וואָלט אייך געראַטען...

קאַרעניִן. איך וואָלט אייך געראַטען האַלטען זיך שטרענג אין די ראַהמען פון אייער פפליכט און אייערע עצות זענען איִבעריג. מיר קענען שוין געהן? (געהט צו צו ליזע׳ן, זי שטעהט אויף און נעהמט איהם פאַר׳ן האַנד).

גער. פאָרש. עס טוט מיר לייד, וואָס איך מוז אייך פערהאַלטען... (קאַרעניִן קוקט זיך אַרום פערוואונדערט). אָ, ניין, ניט אַרעסטירען וויל איך אייך, האָטש דאָס וואָלט געווען פיעל בעקוועמער פאַר דער אויספאָרשונג, נאָר איך וועל ניט אַנווענדען אַזאַ מיטעל. איך האָב נאָר געוואָלט פאַר אייך אין די אויגען אויספרעגען פּראָטאַסאָוו׳ן. שטעלען איהם מיט אייך אויג אויף אויג און דאָס וועט מיר העלפען חאַפּען איהם אין אַ ליגען. איך בעט אייך זיצען. רופט דעם הערר פּראָטאַסאָוו.

## פיערטער אויפטריט.

גערילכטס־פאָרשער, סעקרעטאַר, ליזע, קאַרעניִן. ס׳קומט אַריין אַ ברודיגער אַנ׳אָבגעלאָזטער—פעדיאַ.

פעדיאַ (ווענדט זיך צו ליזען און קאַרעניִן׳ען). ליזע, יעליזאַוועטאַ אַנדרייעווּנאַ, וויקטאָר. איך בין ניט שולדיג. איך האָב געוואָלט מאַכען וואָס בעסער. און אויב איך בין שולדיג..., פערציִיהט מיר, ענטשולדיגט... (בוקט זיך זייער צו די פיס).

גער. פאָרשער. כ׳בעט אייך ענטפערן אויף די פראַגען.

פעדיאַ. פרעגט.

גער. פאָרש. אייער נאָמען?

פעדיאַ. איהר ווייסט דאָך.

גער. פאָרש. כ׳בעט אייך ענטפערן.

פעדיאַ. נו, פיאָדר פּראָטאַסאָוו.

גער. פאָרש. אייער טיטול, עלטער און גלויבען?

פעדיא (שווייגט). ווי שעמט איהר זיך ניט צו פרעגען אזעלכע נארישקייטען? פרעגט בעסער, וואס עס איז נויטיג און ניט נארישקייטען.

גער. פארש. איך בעט אייך אביסעל פארזיכטיגער זיך אויסצודריקען און ענטפערן אויף מיינע פראגען.

פעדיא. נו, אויב איהר שעמט זיך ניט — ביטע. טיי־טעל — קאנדידאט, עלטער 40 יאהר, גלויבען — פראוואסלאווי־נער; נו, ווייטער?

גער. פארש. האבען קארענין און זיין פרוי געוואוסט, אז איהר לעבט, ווען איהר האט איבערגעלאזען אייערע קליידער אויפ'ן ברעג טייך און אליין זענט איהר פערשוואונדען?

פעדיא. גאנץ זיכער — ניט. איך האב מיך געוואלט נעהמען דאס לעבען, נור שפעטער... נור דאס דארף מען דאך ניט דערצעהלען. הכלל, זיי האבען גאר ניט געוואוסט.

גער. פארש. פארוואס האט איהר געזאגט דעם פאליצי־בעאמטען עפיס אנדערש?

פעדיא. וועלכען פאליציי־בעאמטען? אה, יענסמאלט, ווען ער איז געקומען צו מיר אין רזשאנאוו-הויז, איך בין דאן געווען שכור און האב איהם געלייגט איך געדענק ניט וואס, ס'איז אלץ נארישקייטען. איצט בין איך ניט שכור און זאג אייך דעם גאנצען אמת. זיי האבען גארניט געוואוסט. זיי האבען געגלויבט, אז איך בין טויט און מיך האט עס געפרעהט. און עס וואלט געבליבען אזוי, ווען ניט דער געמיינער קערל אר־טעמיעוו. אויב עמיצער איז יא שולדיג אין דער גאנצער געשיכטע — בין איך עס.

גער. פארש. איך פערשטעה, אז איהר ווילט זיין גרויס־מוטהיג. נור דאס געזעץ פאדערט דעם אמת. פארוואס האט מען אייך געשיקט געלד?

פעדיא (שווייגט).

גער. פארש. איהר האט ערהאלטען דורך סעמאנאוו'ן דאס געלד, וואס מען האט אייך געשיקט קיין סאראטאוו?

פעדיא (שווייגט).

גער. פארש. פארוואס שווייגט איהר? אין פראטאקאל װעט פערשריבען ווערען, אז אויף די פראגען האט דער אנגע־

קלאָנטער ניט געענטפערט און דאָס קאָן שאַדען אײַך און זײַ.
ווי־זשע בלײַבט?

פעדיאַ (שווײַגט. אין אַ ווײַלע אַרום): ווי שעמט איהר אײַך ניט, הערר פּאָרשער! וואָס קריכט איהר אין אַ פרעמד לעבען? אײַך טוט הנאה, וואָס איהר האָט די מאַכט, איהר ווילט זי בעווײַזען און איהר פּײַניגט ניט פיזיש, נור מאָראַליש מענשען, וואָס זע־נען טויזענד מאָל בעסער פאַר אײַך.

גער. פּאָרש. כ׳בעט אײַך...

פעדיאַ. ניטאָ וואָס צו בעטען. איך וויל זאָגען אַלץ, וואָס איך קלער. און איהר שרײַבט (צום סעקרעטאַר) זאָל לכל הפחות צום ערשטען מאָל אַרײַנגעשריבען ווערען אין אַ פּראָטאָ־קאָל קלוגע מענשליכע רייד. (הויבט אויף די שטים). עס לעבען דרײַ מענשען, צווישען זײַ זענען דאָ פערפלאָנטערטע בעציהונ־גען — עס קומט פאַר אַ קאַמפף צווישען גוטס און שלעכטס, אַ גײַסטיגער קאַמפף, פון וועלכען איהר האָט קײַן בעגריף ניט — דער קאַמפף ענדיגט זיך אַ דאַנק אַ געוויסען צופאַל, וואָס בינדט זײַ פונאַנדער. אַלע בערוהיגען זיך. זײַ זענען גליקליך — מיך דערמאָנען זײַ מיט ליעבע. איך אין מײַן פאַלען בין גליקליך מיט דעם, וואָס איך האָב געטאָן, וואָס מ׳דאַרף; איך בין אַוועק פונ׳ם לעבען, כדי נישט צו שטערען די, וואָס זענען פול מיט לעבען. אַזוי לעבען מיר אַלע. פּלוצלונג שווימט אַרויס אַ גע־מײַנער מענש אַ שאַנטאַזשיסט, וואָס פאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל ווערען זײַנער אַ שותף צו אַ שאַנטאַזש. איך יאָג איהם דורך. געהט ער צו אײַך, צום קעמפפער פאַר גערעכטיגקײַט, צו דעם שיצער פון מאָראַל. און איהר, בעקומענדיג יעדען 20־טען גע־האַלט פאַר אײַער געטײַנער טעטיגקײַט, מוט אָן אַ מונדיר און מיט אַ לײַכט האַרץ גלומעט איהר זיך איבער מענשען, וואָס איהר זענט ניט ווערט זײַער מינדעסטען פינגערל, וואָס וואָל־טען אײַך צו זיך אויפ׳ן שוועל ניט אַרויפגעלאָזען. נור איהר זענט דערקראָכען און אײַך טוט עס הנאה...

גער. פּאָרש. איך וועל אײַך אַרויספיהרען.

פעדיאַ. איך שרעק זיך פאַר קײַנעם ניט, ווײַל איך בין אַ מת. איהר קענט מיר גאָרניט טון, ערגער ווי מיר איז איצט קען שוין ניט זײַן, נו, פיהרט מיך אַרויס.

קאַרענין. מיר קענען געהן!

גער. פּאָרש. ביטע, שרייבט נור אונטער. דעם פּראָטאָקאָל.

פעדיאַ. ווי קאָמיש, ווי לעכערליך איהר וואָלט געווען, ווען איהר וואָלט נישט געווען אַזוי מאוס.

גער. פּאָרש. פיהרט איהם אַרויס: איך אַרעסטיר אײַך.

פעדיאַ (צו קאַרענינ'ען און ליזען). פערצייהט מיר.

קאַרענין. (געהט צו גיט איהם די האַנד). מכתמא איז אַזוי בעשערט... (ליזע און קאַרענין געהען דורך, פעדיאַ נייגט זיך טיעף פאַר ליזען).

(פאָרהאַנג).

## צווייטעס בילד.

אַ קאָרידאָר אין דער געבײַדע פונ'ם קרייז-געריכט, טיעף אין סצענע אַ גלעזערנע טיר, נעבען וועלכער עס שטעהט אַ שווייצאַר. רעכטס נאָך אַ טיר, דורך וועלכער מען פיהרט אַרײַן די אָנגעקלאָגטע. צו דער ערשטער טיר געהט צו איוואַן פּעטראָוויטש אַלעקסאַנדראָוו, אַב'אָבגעריסענער, וויל אַרײַן.

## ערשטער אויפטריט.

דער שווייצאַר און איוואַן פּעטראָוויטש.

שווייצער. וואָהין? מען טאָר ניט. וואָהין קריכסטו?

איוו. פּעט. פאַרוואָס טאָר מען ניט? אין געזעץ הייסט עס — די זיצונגען זענען עפענטליכע. (עס הערען זיך אַפּלאָדיסמענטען).

שווייצאַר. מען טאָר ניט און ווייטער גאָרניט. מען האָט ניט געהייסען.

איוו. פּעט. לומפּ! דו ווייסט ניט, מיט וועמען דו רעדסט. (עס געהט אַרויס אַ יונגער אַדוואָקאַט אין אַ פראַק).

## צווייטער אויפטריט.

דער שווייצאַר, איוואַן פּעטראָוויטש און דער יונגער אַדוואָקאַט.

אַדוואָקאַט. וואָס האָט איהר דאָ צו טון, צום פּראָצעס עפּיס?

איוו. פּעטר. ניין, איך בין דאָס פּובליקום, און דער לומפּ, דער צערבער — לאָזט ניט.

אַדוואָקאַט. דאָ איז דאָך ניט דער אַריינגאַנג פאַר׳ן פּובליקום.

איוו. פּעטר. כ׳ווייס, נאָר מיך קען מען אַריינלאָזען.

אַדוואָקאַט. וואַרט, עס וועט באַלד זיין אַ פּויזע. (תיל געהן, בעגעגענט זיך מיט פירסט אָברעזקאָוו).

## דריטער אויפטריט.

דער שווייצאַר, איוואַן פּעטראָוויטש, דער יונגער אַדוואָקאַט און פירסט אָברעזקאָוו.

פירסט. אָברעז. ערלויבט מיר צו פרעגען, וואו האַלט עס מיט׳ן פּראָצעס?

אַדוואָקאַט. עס האַלט ביי די רעדעס פון די אַדוואָקאַטען. פּעטרושין רעדט (ווייטער אַפּלאָדיסמענטען).

פירסט אָברעז. ווי האַלטען זיך די אָנגעקלאָגטע?

אַדוואָקאַט. מיט גרויס זעלבסט-ווירדע, בעזונדערס קאַרענין און יעליזאַוועטאַ אַנדרייעוונאַ. ניט זיי שטעהען פאַר׳ן געריכט, נאָר די געזעלשאַפט שטעהט פאַר׳ן געריכט. דאָס לאָזט זיך פיהלען. אויף דער טעמאַ קלאַפּט טאַקע פּעטרושין.

פירסט אָברעז. נו, און פּראָטאַסאָוו.

אַדוואָקאַט. ער איז זעהר אויפגערעגט, ער טרייסעלט זיך עפּיס אינגאַנצען, נאָר דאָס איז פערשטענדליך — ס׳איז אַ לעבען ער האָט געפיהרט. נאָר ער איז עפּיס גאַנץ בעזונדערס אויפגערייצט, ער איז דעם פּראָקוראָר און די אַדוואָקאַטען אַריינגעפאַלען אין די רייד. ער איז עפּיס גאַנץ בעזונדערס אויפגערעגט

פירסט אָבּרעז. וואָס פאַר אַ רעזולטאַט זעהט איהר פאָראוים.

אַדוואָקאַט. שווער צו פאָראויסזאָגען. יעדענפאַלס איז ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז די זאַך איז פריהער אָבּגעֶרעדט געוואָרען, נאָר פונדערסטוועגען... (עס געהט אַרוים אַ העֶרר. פירסט אָבּרעזוקאָוו געהט צו דער טיר). איהר ווילט דורכגעהן?

פירסט אָבּרעז. יאָ, איך וואָלט געוואָלט.

אַדוואָקאַט. איהר זענט עס פירסט אָבּרעזוקאָוו?

פירסט אָבּרעז. איך.

אַדוואָקאַט (צום שווייצער). לאָזט דורך. דאָ תיכּף, לינקס איז פאַרהאַן אַ פרייער שטוהל.

(דער שווייצאַר לאָזט דורך אָבּרעזוקאָוו'ן. עס עפענט זיך די טיר און מען זעהט אַנ'אַדוואָקאַט, וואָס האַלט אין ריידען.)

## פיערטער אויפטריט.

דער שווייצאַר, אַדוואָקאַט און איוואַן פּעטראָוויטש.

איוו. פּעט. אַריסטאָקראַטען! איך בּין אַ גייסטיגער אַריסטאָקראַט, דאָס איז העכער.

אַדוואָקאַט. נו, ענטשולדיגט-זשע (געהט דורך).

## פינפטער אויפטריט.

דער שווייצער, איוואַן פּעטראָוויטש און פּעטושקאָוו.

(פּעטושקאָוו געהט שנעל).

פּעטוש. אָה, גוט מאָרגען, איוואַן פּעטראָוויטש, וואו האַלט עס?

איוו. פּעט. די אַדוואָקאַטען ריידען. אַט שטעהט מען און מען לאָזט ניט אַריין.

דער שווייצער. טומעלט דאָ ניט, דאָ איז ניט קיין שענק! (וועטער אַפּלאָדיסמענטען, ס'עפענט זיך די טיר, ס'געהען אַרויס אַדוואָקאַטען, צושויער, הערען און דאַמען).

## זעקסטער אויפטריט.

ריזעלבע, א דאמע און אנ'אפיציר.

**דאמע.** אך, ווי שען, טרערען האט עס ארויסגערופען.

**אפיציר.** בעסער פאר יעדען ראמאן. איך פערשטעה גאר ניט ווי אזוי האט זי איהם געליעבט. ס'אר א שרעקליך אויסזעהן!

## זיעבעטער אויפטריט.

ריזעלבע. ס'עפענט זיך די טיר; ס'געהען ארויס די אונגע-קלאגטע: פון אנהויב ליזע און קארענין, זיי געהען דורך דעם קארידאר, נאך זיי פעדיא אליין.

**דאמע.** ש-שא, אט איז ער. זעהט ווי ער איז אויפגע-רעגט. (די דאמע און דער אפיציר געהען דורך).

**פעדיא** (צו איוואן פעטר.) געבראכט?

**איוואן פעטר.** אט איז ער. (גיט איהם עפּיס).

**פעדיא** (בעהאלט אין קעשענע, וויל געהן, בעמערקט פעטוש-קאוו'ן). נאריש, געמיין! לאנגווייליג, לאנגווייליג. טעמפ. (וויל געהן).

## אכטער אויפטריט.

ריזעלבע, און פעטרושין אנ'אדוואקאט א גראבער, א רויטער אנ'אויפגעלעבטער, געהט צו.

**פעטרושין.** נו, ברודער, אונזער זאך שטעהט גוט, נאר פערדארבט נאר ניט אלץ אין אייער לעצטען ווארט.

**פעדיא.** איך וועל גארניט רייידען. וואס זאל איך זיי זאגען?! איך וועל ניט רייידען!

**פעטרוש.** ניין, איהר דארפט יא רייידען. זענט נור רוהיג. איצט איז עס געענדיגט. איהר זאגט, אז מען בעשטראפט אייך דער-פאר, וואס איהר האט זיך ניט גענומען דאס לעבען. ד. ה. דאס וואס איז א פערברעכען לויט'ן וועלטליכען און קירכליכען געזעץ.

**פעדיא.** איך וועל גארניט זאגען.

פעטרוש. פאַרוואָס?

פעדיאַ. איך וויל ניט און וועל ניט רײדען. איהר זאָגט מיר: אינ'ם ערגסטען פאַל צו־וואָס קען מען אונז פאַראור־טײלען?

פעטרוש. איך האָב דאָך אייך געזאָגט: אינ'ם ערגסטען פאַל סיביר.

פעדיאַ. ד. ה. וועמען סיביר?

פעטרוש. אייך און אײער פרוי.

פעדיאַ. און אין בעסטען פאַל?

פעטרוש. חרם און, פערשטעהט זיך, די ״ײַטע הײראַט ווערט בטל.

פעדיאַ. ד. ה. זיי וועלען מיך ווײטער צונויפבינדען מיט איהר, ד. ה. זי מיט מיר.

פעטרוש. יאַ, אַזוי מוז עס זײן. איהר זענט נור ניט אויפגערעגט. און כ'בעט אײך רעדט, וואָס איך האָב אײך געזאָגט. נור דאָס, קײן איבעריג וואָרט. איבערינגענס... (בעמערקט, אַז מען האָט אַרומגערינגעלט און מען הערט זיך־צו) איך בין מיער, איך וועל געהן זיך צו־זעצען. רוהט איהר אויך אָב דערוויַיל. די הויפט־זאַך ניט שרעקען זיך.

פעדיאַ. און קײן אַנדער אורטײל קען מען ניט אַרויס־טראָגען?

פעטרוש. (אוועקגעהענדיג) קײן אַנדערעס.

## ניינטער אויפטריט.

די זעלבע אויסער פעטרוש'ן און אַ געריכטס־דינער.

געריכטס־דינער. געהט דורך, געהט דורך, ניטאָ וואָס צו שטעהן אין קאָרידאָר.

פעדיאַ. באַלד. (ער נעהמט אַרויס אַ פּיסטאָלעט שיסט זיך אין האַרצען, פאַלט. אַלע וואַרפען זיך צו איהם). גאָרניט, דוכט גוט געטראָ־פען... ליזען!

## צעהנטער אויפטריט.

(מען לויפט אַרויס פון אַלע טירען, צ ו ש ו י ע ר, ר י ל ט ע ר, אָ נ ג ע ק ל אָ ט ע, עדות, פּאָראַוים ל י ז ע, הינטען מאַשאַ און קאַרענין, איוואַן פּעטראָוויטש און פירסט אָבּרעזקאָוו).

ל י ז ע. וואָס האָסטו געטאָן, פעדיאַ! פאַרוואָס?

פ ע ד י אַ. פערצייה מיר, איך האָב ניט געקענט... אַנדערש פעַנאַנדערפלאָנטערן... בעפרייען דיך... ניט פאַר דיר, פאַר מיר איז אַזוי גוט... איך בין דאָך שוין פון לאַנג... גרייט...

ל י ז ע. דו וועסט לעבען. (אַ דאָקטאָר בויגט זיך איין, הערט איהם אויס).

פ ע ד י אַ. איך ווייס אָהן דעם דאָקטאָר... וויקטאָר, אַדיע... און מ אַ ש אַ... פערשפּעטיגט... (ווייגט) ווי גוט... ווי גוט... (שטאַרבט).

פ אָ ר ה אַ נ ג.



# דֶער כֹּחַ
# פוּן פִינְסְטֶעְרְקַייט

פערפאסט פון

גראף ל. טָאלְסְטָאי.



וואַרשא. תרס"ד.

ВЛАСТЬ ТЬМЫ.
Драма Льва Толстого.

Тип. Б. Туршъ Св. Георгія № 34 Варшава, 1911

# ערשטער אקט.

## אין דעם אקט שפּיעלען דיזע פּערזאנען.

**פּיאָטר.** — אַ רייכער בויער, פון 42 יאָהר, **האָט דאָס** אַנדערע ווייב, אַ שלעפער.

**אַנִיסְיֶע** — זיין ווייב פון 32 יאָהר, אַ פּראַנטיכע.

**אַקוּלִינֶע** — פּיאָטר'ס טאָכטער פון דער ערשטער ווייב, אַ מיידעל פון 16 יאָהר, אביסעל טויבלעך, און חַמָוואַטע.

**אניוטקע** — פּיאָטר'ס אַנדערע טאָכטער פון אַניסיען, אַ מיידעל פון 10 יאָהר.

**ניקיטע** — אַנ'אַרבייטער ביי פּיאָטר'ן, אַ בחור פון 25 יאָהר אַ פראַנט.

**אקים** — ניקיטעס פאָטער, פון 50 יאָהר, אַ קליין נעוויקסיקער גאָטספאָרכטיגער.

**מאַטריאָנע** — זיין ווייב פון 50 יאָהר.

**מַארִינֶע** — אַ מיידעל אַ יתומה פון 22 יאָהר.

———→⁂←———

# ערשטער אקט.

**דער אקט** קומט פאָר אין א גרויס דאָרף **אָסענצייט. די** סצענע שטעלט פאָר א גרויסע שטוב ביי **פיאָטר**'ן, **פיאָטר** זיצט אויף דער באנק און פארריכט **א חאָמוט. אניסיע** און **אקולינע** שפינען.

## ערסטער ארויסגאנג.

## פיאָטר, אניסיע און אקולינע.

(אניסע און אקולינע זינגען).

**פיאָטר** (קוקט אין פענסטער) ווידער זענען די פערד אוועק־ נעגאנגען. מען וועט זיך דערשפּילען אז זיי וועלען דאָס לאָשעקיל הרגיענען. מיקיטע, הער מיקיטע! איז ער טויב געוואָרען! (ער הערט זיך צו צו די ווייבער). גענוג שוין, מע הערט ניט וואָס אין דרויסען טהוט זיך!

**ניקיטעס** קול פון דרויסען. וואָס איז דאָרט?

**פיאָטר.** פארטרייב די פערד.

**ניקיטעס** קול. גוט, גוט! איך וועל נאָך פארטרייבען. האָב צייט.

**פיאָטר** (שאָקעלט מיטן קאָפּ). געה טהו עפּעס מיט פרעמדע הענד. אוי, וואו נעהמט מען געזונד! פאר קיין געלד וואָלט איך איהם ניט געהאַלטען. זינד מיט צרות נעהמט מען זיך אָן פון זיי. (ער הויבּ זיך אויף און זעצט זיך ווידער). מיקיטע!... דעררופען קען מען זיך־

ניט. געהט, עמיצער פון איך. אַקולינע! געה, פאַרטרייב דו די פערד

אקולינע. וואָס? די פערד פאַרטרייבען?

פיאָטר. נו יאָ. וואָס דען?

אַקולינע. אָט געה איך, באַלד. (זי געהט אַרויס).

# צְווייטֶער אַרויסגַאנְג.

## פְּיָאטָר אונ אַנִיסֶע.

פיאָטר. דאָס איז אַ פוילער יונג... גאָר קיין בעל־הבית ניט. איידער ער טהוט זיך אַ ריהר, איידער וואָס.

אניסיע. אליין ביסטו אַ גרויסער שיעסער. פונ׳ם אויווען אויף דער באַנק. שרייען אויף יענעם קענסטו.

פיאָטר. שריי ניט אויף איך, ווערסטו אין אַ יאָהר די שטוב ניט דערקענען. אָך, מענשען!

אניסיע. צעהנערליי אַרבייטען שטופסט דו אין די הענד, אונ נאָכדעם שרייסטו נאָך. אויף דעם אויווען ליגענדיג איז גרינג צו קאָמאַנדעווען.

פיאָטר (מיט אַ קרעכץ). אוי אוי, ווען ניט מיינע וועהטעגען! אונ איין טאָג וואָלט איך איהם געהאַלטען?

אקולינעס קול פון יענער זייט סצענע. פסיא, פסיא, פסיא (מע הערט ווי דאָס לאָשעקיל הירזשעט אונ פערד לויפען אַריין אין הויף, דער טויער סקריפעט).

פיאָטר. געהן אַרום פוסט אין פאַס קען ער. קיין שעה וואָלט איך איהם ניט געהאַלטען אויף מיינע נאָמָנות.

אניסיע. (קרימט איהם איבער) קיין שעה ניט געהאַלטען... טהו דיך נור אַליין אַ ריהר אונ נאָכדעם רעד.

# דריטער אַרויסגאַנג.

## די פֿריהערינגע און אַקולינע.

אקולינע (געהט אַריין פֿאַרכאַפּעט) קוים, קוים האָב איך זיי אריינגעטריבען. דאָס כאָשעקיל האָט זיך צושפּיעלט.

פּיאָטר. נו, און מיקיטע וואו איז?

אקולינע. מיקיטע? ער שטעהט אויפ'ן גאַס.

פּיאָטר. וואָס טהוט ער דאָרט?

אקולינע. וואָס טהוט ער? ער שטעהט דאָרט און באַלאַקעט.

פּיאָטר. ביי איהר וועסטו עפּיס דערגעהן! מיט וועמען באַלאַקעט ער, זאָג?

אקולינע. דערהערט ניט וואָס? (פּיאָטר טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד אויף אַקולינען, זי זעצט זיך שפּינען).

# פֿירטע אַרויסגאַנג.

## די פֿריהרינגע און אַניוטקע.

אניוטקע (לויפֿט אַריין, צו דער מוטער). צו מיקיטען איז דער דער טאַטע מיט דער מאַמע געקומען, זיי נעהמען איהם אַהיים, איך זאָל אַזוי לעבען.

אניסיע. וואָס? וואָס זאָגסטו? ס'אַליגען.

אניוטקע. אויף מיין וואָרט! פֿון דעם אָרט זאָל איך ניט אוועקגעהן. (זי לאַכט) איך געה, פֿאָרביי זאָגט מיר ניקיטע: זיי געזונד! אניוטקע. מאכט ער, וועסט קומען צו מיר טאַנצען אויף דער חתונה? איך געה שוין, פֿון אייך אוועק, זאָגט ער, און לאַכט.

אניסיע. (צום מאַן). זעהסט, ווי מען דאַרף דיך נויטיג. אָט געהט ער אליין אַוועק. „איך וועל איהם ארויסטרייבען" ...

פּיאָטר. נו לאָז ער געהן. איך וועל קיין אנדערן ניט קריגען, אַוודאי?

אַניסיע. אונ דער אַדעראויף? (אניוטקע געהט צו צום טיהר הערט זיך צו וואָס מען רעדט אונ געהט אַרויס).

# פינפטע אַרויסגאַנג.

## אַניסיע, פּיאָטר אונ אַקולינע.

פּיאָטר (ברוגז). דאָס געלד, אויב עפּיס, וועט ער זומער קענען אָפּאַרבייטען.

אַניסיע. יאָ, דיר איז גוט. אבי וויינינגער א לעפּעל. אונ דעם גאַנצען ווינטער וועל איך אליין אַרבייטען ווי אַ פערד. די טויד דיינע איז עפּיס ניט אַזוי גינטשיק צו דער אַרבייט. אונ דו וועסט ליגען אויפ'ן אויוועו. איך קען דיך.

פּיאָטר. וואָס נוצט מיט'ן צונג דרעהען, אַז מע ווייסט ניט וואָס, ווען?

אַניסיע. אַפּוּלער הויף מיט פיה. די קוה ניט פאַרקויפט. אַלע שאָף געלאָזט אויף ווינטער. קיין עסען אונ קיין טרינקען קען מען זיך ניט אָננעהמען, אונ דער אַרבייטער איז דיר נאָך צו שווער. איך וועל מיך אפילו ניט צוריהרען צו מאַנזבילשע אַרבייט. איך וועל זיך אַ נידערלעגען אָט ווי דו אויפ'ן אויוועו. לאָז די גאַנצע שטוב אין דער ערד געהן — טפוּ, ווי דו ווילסט.

פּיאָטר. (צו אַקולינען) געה גיב די פיה עסען. שוין צייט.

אַקולינע. עסען דעם פיה? אָט געה איך (זיא געהט אַרויס).

אַניסיע. איך וויל דיר מעהר ניט אַרבייטען, איך וויל ניט. גענוג! פונ'ם אָרט וועל איך זיך ניט ריהרען. טהו אַליין, אַז דו ווילסט!

פּיאָטר. גענוג שוין, וואָס האָסטו זיך צובלעקט, ווי א שעפּס...

אַניסיע. ביסט אַליין אַ הונד אַ משוגענער, ניט קיין אַרבייט פֿון דיר, ניט קיין נחת.

פּיאָטר. (שפּייט אונ טהוט זיך אָן) טפֿו אויף דיר, גאָט זאָל מיר ניט שטראָפֿין. מע דאַרף געהן געוואָהר־ווערען מיט אַ טאָלק וואָס איז דאָרטען (ער געהט אַרויס).

# זעקסטער אַרויסגאַנג.

## אַניסע אונ אַקולינע.

אַקולינע. פֿאַר וואָס שעלסטו דעם טאַטען?

אַניסיע. געה צום רוח, בהמה, שטום.

אַקולינע (געהט צו צו דער טהיר) איך וויים וואָס דו שעלסט זיך. ביסט אַליין אַ בהמה, אַ הונד ביסטו, איך האָב פֿאַר דיר קיין מורא ניט.

אַניסיע. וואָס איז דאָס אַזוינס מיט דיר? (זי שפּרינגט אויף אונ זוכט מיט וואָס זי שלאָגען) זעה נור, איך זאָל דיר ניט ווייזען מיט דער קאָטשערע!

אַקולינע (עפֿענט די טהיר). ביסט אַ הונד, אַ טייוועל ביסטו, הונד, טייוועל.... הונד! טייוועל, (זי לויפֿט אַרויס).

# זיבעטער אַרויסגאַנג.

## אַניסע אַליין.

אַניסיע (פֿאַרטראַכט). קום אויף דער חתונה, זאָגט ער. ווּעה איז צו מיר! וואס קלעהרען זיי, חתונה מאַכען? זעה נור, מיקיטקע! אויב עס איז דיינע שטיק, וועל איך אַזוינס טהון... איך קען אָהן איהם ניט לעבען, איך קען איהם ניט אַוועקלאָזען.

# אַכְטֶע אַרוֹיסגַאנְג.

## אַנִיסְיֶע אוּנ נִיקִיטֶע.

ניקיטע (געהט אַריין אונ קוקט זיך אַרום. ער זעהט אַניסיען אַליין, ער געהט צו איהר צו אונ רעדט שטילערהייד). שלעכט, שוועסטער־לעבען! אַן׳ אומגליק! דער טאַטע איז געקומען, ער וויל מיך אָפּנעמען. ער הייסט אַהיים געהן. דורכאויס האָב חתונה, זאָגט ער אונ זיץ אין דער היים.

אַניסיע. נו, האָב חתונה, וואָס געהט עס מיך אָן?

ניקיטע. אָט האָסטו דיר גאָר אַזוי, איך וויל אַלץ ווי בעסער דעם עסק אַרומקלעהרען, און זי אינמיטען דערינען: האָב חתונה! וואָס? (ער טהוט צו איהר אַ מאַך מיט די אויגען) האָסט פֿאַרגעסען?

אַניסיע האָב איך אַזאָרג, האָב חתונה אַז דו ווילסט.

ניקיטע. וואָס וואַרפֿסטו זיך? אַ מעשה, קיין גלעט לאָזט זי זיך אפילו ניט טהון. וואָס איז דאָס מיט דיר אַזוינס?!

אַניסיע. אַז דו ווילסט מיך אַוועקוואַרפֿען, דאַרף איך דיך אויך אויף כפרות! אָט הערסטו.

ניקיטע. נו שוין, אַניסיע! איך וויל דיך פֿאַרגעסען, מיינסטו? אין לעבען ניט! איך וויל דיך פֿאַר קיין געלט ניט אַוועקוואַרפֿען. איך רעכען אַפילו, אַז מען וועט מיך חתונה מאַכען וועל איך אויך קומען צוריק צו דיר. אַבי מען זאָל מיך אַהיים ניט נעהמען.

אַניסיע. אויף כפרות דאַרף איך דיך אַ בעווייבטען.

ניקיטע. וואָס טהוט מען אָבער, שוועסטער לעב, פֿון טאַטענס רשות קען מען דאָך פֿאָרט ניט אַרויסגעהן.

אַניסיע. אַלץ אויפֿ׳ן טאַטען וואַרפֿסטו אַרויף. מיינסט איך וויים ניט? עס איז אַלץ דיינע שטיק. ניט אומזיסט דרעהסטו זיך אַרום אַלץ מיט איהר, מיט מאַרינקען. זי האָט עס אַלץ אָנגעדראָדעלט. ניט אומזיסט איז

זי דאָ ניט לאַנג געקומען צולויפען צו דיר.

ניקיטע. מאַרינקע?! שטאַרק דאַרף איך זי האָבען, קאַרג מיידען היינגען זיך אויפ'ן האַלז.

אַניסיע. און דער טאַטע וואָס איז געקומען? ניט דו האָסט געהייסען? דו פיהרסט מיך נור... (זי וויינט).

ניקיטע. אַניסיע! דו גלויבסט אין גאָט צי ניין? איך האָב אפילו אין חלום ניט געזעהן. איך וויים ניט פון וואָס צו זאָגען. מיין אַלטער האָט דאָס אַלץ פון זיין קאָפּ אויסגעטראַכט.

אַניסיע. יאָ, אויסגעטראַכט! אַז דו וועסט ניט וועלען, וועט דיך קיינער ניט שלעפען מיט שטריק.

ניקיטע. איך רעכען, פאַרשטעהסטו, אַז אַ קעגען אַ טאַטען געהן קען מען אויך ניט. מיר ווילט זיך אוודאי ניט אַוועק געהן. צו וואָס דאַרף איך דאָס האָבען?

אַניסיע. שפּאַר דיך איין, אונ אַ סוף.

ניקיטע. יאָ, שפּאַר דיך איין. איינער האָט זיך אַזוי איינגעשפּאַרט, האָט מען איהם אין וואָלאָסט אָנגע־פּיצקעט גאָר אויפ'ן פראָסטען שטיינער... עס ווילט זיך נישט. פאַרשטעהסטו. מע זאָגט עס קיצעלט...

אַניסיע. גענוג ווערטליך, ניקיטע. הער בעסער וואָס איך וועל דיר זאָגען: אויב דו וועסט חתונה האָבען אויף איהר, אויף מאַרינקען, וועל איך מיר אַ מעשה אָנטהון, איך וועל מיר דאָס לעבען נעהמען, איך האָב אויף זיך גענומען אַ זינד, מיין נשמה האָב איך שוין פאַר־פלעקט. איך האָב שוין קיין אַנדער וועג נים. נור אויב דו וועסט מיך אַוועקוואַרפען, וועסטו זעהן וואָס איך וועל טהון.

ניקיטע. וואָס נוצט מיר דיך אוועקוואַרפען? ווען איך זאָל וועלען אַוועקגעהן, וואָלט איך שוין לאַנג אַוועק־געגאַנגען. אַדאָ ניט לאַנג האָט מיך איוואַן סעמיאָניטש געוואָלט נעהמען פאַר אַ קוטשער. אַ לעבען אַ מחיה, פונדעסטוועגען, זעהסטו, האָב

איך ניט געוואָלט גערן. ווארום איך רעדען, פאַר־שטעהסטו, אַז איך בין פאַר יעדערען גוט. אָט ווען דו זאָלסט מיך ניט ליעב האָבען, וואָלט געווען גאָר אַנ'אַנדער עסק.

**אַניסיע.** געדענק־זשע, ניקיטע! ניט היינט, מאָרגען וועט מיינער שטאַרבען, האָב איך גערעכענט אַלע עברות צודעקען, אַ חופּה שטעלען אונ דו זאָלסט זיין בעל־הבית.

**ניקיטע.** וויים איך! איך האָב פיינט צו קלעהרען וואָס שפּעטער וועט זיין. מיר איז אַזוי אויך גוט. איך אַרבייט ווי פאַר זיך זעלבסט. דער בעל־הבית האָט מיך ליעב, די בעל־הביתטע אויך. אונ דאָס וואָס ווייבליך האָבען מיך ליעב בין איך ניט שולדיג. אַ פּראָסטע מעשה.

**אַניסיע.** ווערסטו מיך ליעב האָבען?

**ניקיטע.** (נעמט זי אַרום). אָט־אַזוי־אָט, אַזוי ווי דו ביסט מיר געלעגען אין האַרצען...

# נייגעמער אַרויסגאַנג.

## די פריהריגע אונ מאַטריאָנע

(נעהט אריין און צלמ'ט זיך לאַנג אויף די הייליגע בילדער. ניקיטע אונ אניסע רוקען זיך אָפּ איינס פון אנדערן).

**מאַטריאָנע.** און איך, ליובינקע, וואָס איך האָב געזעהן — איז ניט געזעהן, וואָס איך האָב געהערט — איז ניט געהערט. שפּיעלסט דיך מיט דעם ווייבעלע. נו, איז וואָס? אַ קעלבעלע, ווייסטו, שפּילט זיך אויך. פאַר וואָס זאָל מען זיך ניט טהון אַ שפּיל — יונגע לייט! דער בעל־הבית רופט דיך, זוהנעניו אין דרויסען.

**ניקיטע.** איך בין געגאַנגען נאָך דער האַק.

מאטריאָנע. יאָ, יאָ, טייערינקער, איך ווייס נאָך וואָסער אהאַק. די האַק ליגט אַלץ דאָס רוב נעבּען יונגע ווייבּליך.

ניקיטע. (בּייגט זיך אַיין און נעמט די האַק) איך האָבּ דיך געוואָלט פרעגען, מאַמע, איהר ווילט מיך טאַקי אויף אַנ'אמת חתונה מאַכען? איך רעכען, אַז עס איז גאָר איבּעריג, איך וואָלט ניט געוואָלט.

מאטריאָנע. לאָז צו־רוה, ליובּינקע. וואָס חתונה מאַכען? דו לעבּסט — לעבּ. עס איז אַלץ דער אַלטער מיט זיינע שטיק. געה זוהגעניו, געה. מיר וועלען דאָ אָהן דיר אַלץ אַרומקלעהרען.

ניקיטע. קיין עק קען איך ניט דערגעהן. אָט מאַכט מען חתונה, אָט ניין. אוואָרט פאַרשטעה איך ניט! (ער געהט אַריס).

# צעהנטער אַרויסגאַנג.

## אַניסע און מאַטריאָנע.

אניסיע. זאָגט מיר, מומע, איהר ווילט איהם טאַקי חתונה מאַכען?

מאטריאָנע. וואָס חתונה מאַכען, טייערינקע? מיט וואָס, ליובּינקע, חתונה מאַכען? דו ווייסט דאָך אונזער מאַיאָנטיק. דאָס פּלאַפּעלט דער אלטער אין דער וועלט אריין; וואָס — ווייסט ער אַליין ניט, — חתונה מאַכען און חתונה מאַכען. נור עס וועט דערפון גאָר ניט זיין. אַ פערד, ווייסטו, ענטלויפט ניט פון האָבּער, און אַ מענש — פון גוטס. אַזוי איז דאָ אויך. איך זעה ניט מיינסטו. (זי מהוט אַ וואונק) צו וואָס דער עסק געהט?

אניסיע. וואָס זאָל איך מיך פון דיר בּאַהאַלטען, מומינקע, דו ווייסט אַלדינג. איך האָבּ פאַרזינדיגט אַ קעגען

גאָט — איך האָב ליעב געקריגען דיין זוהן.

מאַטריאָנע. נו, וואָס דערצעהלסט דו, און די מומע מאַטריאָנע ווייס גאָר ניט! עך, ליובינקע, די מומע מאַטריאָנע איז אַ געריבענע סחורה. די מומע מאַטריאָנע, וועל איך דיר זאָגען, טייערינקע, זעהט אויף איין אַרשין אונטער דער ערד. איך ווייס, טייערינקע, איך ווייס אַלדינג. איך ווייס אויך אויף וואָס דאַרפֿען יונגע ווייבעליך פּראָשקעס צום שלאָף. איך האָב געבראַכט (זי בינדט פֿערנאַנדער אַ קניפּעל און נעהמט אַרויס פּראָשקעס). וואָס מע מעג ווייס איך, און וואָס מען טאָר ניט בין איך בלינד און טויב. אָט אַזוי איז דאָס, דושענקע. די מומע מאַטריאָנע איז אויך געווען אַ מאָל אַ יונג ווייבעל. מיט מיין נאַר, ווייסטו, אָפּלעבען אַ וועלט דאַרף מען זיך אויך אונטער־גאַרטלען. אַלע זיבען און זיבציג שטיק ווייס איך. איך זעה ניט, מיינסטו? דיין אַלטער איז גאָר פֿאַר־שימילט געוואָרען; מיט וואָס לעבט מען דאָ? מיט עגבערס שטעך איהם, וועט קיין בלוט ניט געהן. וועסנע, זעה, וועסטו איהם, מיין איך, פּטר'ן. אין שטוב עמיצען דאַרפֿסטו נעמען, און מיין זוהן איז, דאַכט זיך, ניט ערגער פֿון לייט, אַ מאַנזביל אַ רעכטער. משוגע וואָלט איך געווען שלעפּען מיין זוהן פֿון גוטס. אַ מאַמע, ווייסטו, איז איהר קינד קיין שונא ניט.

אַניסיע. אַבי אַוועקגעהן זאָל ער ניט פֿון אונז.

מאַטריאָנע. וואָס אַוועקגעהן, טייערינקע! נאַרישקייט! מיין אַלטען קענסטו? שכל האָט ער ווי די ראַבע קאַץ, נור נעהמט ער זיך עפּיס אַריין אין קאָפּ איז ווי מיט דעמבעס אונטערגעשפּאַרט, וועסט עס מיט קיין קלין ניט אַרויסשלאָגען.

אַניסיע. פֿון וואַנען, דערצעהל, האָט זיך אָנגעהויבען די גאַנצע מעשה?

מאטריאָנע. פאַרשטעהסטו, ליובינקע, דו ווייסט דאָך, אַז דער בחור איז אַ חוואַט צו מיידליך. אַ יאָ, שיין איז ער טאַקי. אָט האָט זיך געמאַכט אָ דאָ, אַז עס האָט געדינט אויפ'ן באַן, אַ יתומה אַ קעכנע. נו האָט זי זיך אָנגעהויבען צו איהם טשעפּען, דאָס מיידיל, הייסט דאָס, צו ניקיטען.

אַניסיע. מאַרינקע?

מאַטריאָנע. נו יאָ, טאַקי זי; ווייסט זי דאָרט דער רוח, צי עס איז געוועזן עפּעס צווישען זיי צו ניין. נור צו די צרות דאַרף מיין אלטער דער פון געוואָהר ווערען. מענשען האָבען איהם געזאָגט, צי זי אַליין האָט זיך אוים געפּלוידערט?...

אַניסיע. ס'אַ העזה פון אַ פּאָדלע מויד!

מאַטריאָנע. נו, אַז מיין אַלטער נאַר האָט דאָס דערהערט, קענסטו דיר אוים מאָלען וואָס איז געוואָרען: חתונה מאַכען! אין איין קול חתונה מאַכען! חאָטש גיב איהם אַ קריינק, חתונה מאַכען! די עברה פּאַר־דעקען. לאָמיר, זאָגט ער, נעמען דעם בחור אַ היים אונ שטעלען אַ חופּה. איך האָב שוין גערעדט, געשריגען, אונ ער שטעהט קאָלאָם. נו, טראַכט איך מיר, אויב אַזוי דאַרף מען נעמען מיט שכל! מיט נאַראָנים דאַרף מען, ליובינקע, תמיד אַזוי. כלומרשט אַלעס גוט, אַלעס וואויל, אַלסדינג מסכים. אונ אַז עס קומט צו עפּים טאַקי נאָהענט, באַלד פאַרקערעווען דעם דישעל. אַ נקבה, פאַרשטעהסטו, פון דעם אויווען קריכענדיג קלעהרט איבער זיבען אונ זיבציג זאַכען. טאָ ווי זשע קומט זיך אַ נאַר אָנשטויסען. יאָ, זאָג איך מיין אַלטען, זעהר שיין. אַ חופּה איז אַ חופּה. נור אַזאַ געשעפט דאַרף מען אַרומ־קלעהרען. קום, זאָג איך, טאָמער וועט אונז פּיאָטר איגנאַטיטש איין עצה געבען, לאָמיר

הערען וואָס מענשען וועלען זאָגען. אָט דאָס זענען מיר געקומען צו אייך.

**אניסיע.** אָך, מומינקע מיינע, וואָס וועלען מיר טהון, אַז אַ טאַטע הייסט, מוז מען דאָך פאָלגען.

**מאטריאָנע.** ווייס איך וואָס, ער הייסט! ער הייסט, און דו שפּיי איהם אָן אין פּנים מיט אַן׳עק. האָב קיין מורא ניט, הער איהם ווי דעם פּאַר אַ יאָהריגען שניי. באַלד וועל איך מיט דיין אַלטען איבער זייען און איבערזיעפּען אַלע זאַכען, עס וועט גאָר נישט בלייבען. מיר זענען נור געקומען אַ פּרימערקע מאַכען. האָסטו געהערט מיין זוהן לעבט אין אַזאַ גליק, דאָס מזל יאָגט זיך איהם נאָך. און איך וועל משוגע ווערען איהם גיבען איין אויסגעלאַסענע מויד.

**אניסיע.** מיינסטו, זי איז צו איהם אַהער ניט געלאָפען? ווערסטו מיר גלויבען מומינקע, אַז מע האָט מיר געזאָגט, אַז מען וויל איהם חתונה מאַכען, האָט מען מיר ווי מיט אַ מעסער אין האַרצען געגעבען. איך האָב אַלץ מורא, טאָמר ליעגט זי ביי איהם אין האַרצען.

**מאטריאָנע.** נאַרישקייט, ליובינקע, רעדסטו. משוגע איז ער געוואָרען ליעב האָבען דער רוח ווייסט וועמען. ניקיטקע, פאַרשטעהסטו, איז אויך ניט פון די נאַראָנים. ער ווייסט וועמען ליעב האָבען. דו, האַרצעניו, האָב קיין מורא ניט. מיר וועלען איהם אין לעבען ניט אָפּנעמען. איהר וועט אונז נור אַ ביסעל געלט געבען, און ער וועט בלייבען ביי אַייך.

**אניסיע.** ער וועט אוועקגעהן, וועל איך, דאַכט זיך, קיין שעה ניט לעבען.

**מאטריאָנע.** וואָס איז דאָ צו רעדען. אַ יונג ווייביל, יונגע קרעפטען, געה לעב מיט אַן׳ אַלטע שמאַטע.

אַניסיע. וועסט מיר גלויבען מומינקע, אין האלז שטעהט ער מיר, דער געפֿגרטער הונד מיינער. איך קען איהם ניט אָנזעהן.

מאַטריאָנע. נו, עס פֿאַרשטעהט זיך. טהו נאָר אַ קוק אהער צו (שטילערהייד, קוקט זיך ארום) איך בין געווען ביי דעם אַלטעטשקען, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, האָט ער מיר געגעבען פּראָשקעס. צווייערליי. טהו אַ בליק. דאָס זאָגט, ער איז, צום שלאָף. גיב, זאָגט ער, איין פּראָשיק וועט אויף איהם אַזא שלאָף פֿאַלען, חאָטש געה איבער איהם. אונ דאָס, זאָגט ער, איז אַ מין זאַך, גיב עס מיט אַ טרונק — קיין שום ריח פֿיהלט מען ניט — און אַ כח האָט עס אין זיך אַ גרויסען. אויף זיבען מאָל, זאָגט ער, צוטהייל, יעדעס מאָל אויפ'ן שפּיץ מעסער, 7 מאָל גיעב איהם. זי וועט, זאָגט ער, באַלד אַ פֿרייע פֿויגעל ווערען.

אַניסיע. וועה איז צו מיר! וואָס איז דאָס?

מאַטריאָנע. קיין שום רֵיחַ ניט, זאָגט ער. אַ קערביל קאָסט עס. וויינינגער קען מען ניט, זאָגט ער. עס איז ניט אַזוי גרינג, פֿאַרשטעהסטו, צו קריגען. איך האָב מיין קערביל געגעבען. אויב דו וועסט ניט נעמען, קען מען, רעכ'ען איך, מיכאַלעוונען אָפּגעבען.

אַניסיע. אוי וועה איז צו מיר. טאָמער קען דאָס עפּעס שאַדען!

מאַטריאָנע. וואָס שאַדען, ליובונקע. מע זאָגט, אַ מענש מיט קרעפּטען, דיין אַלטער טאַקי מיין איך. טהו אויף איהם אַ קוק: אַ מת, עס הייסט נור געלעבט; האַלב אויף יענער וועלט.

אַניסיע. וועה. איז צו מיינע יונגע יאָהרען! אוי, מומינקע, איך האָב מורא די נשמה פֿאַרפֿלעקען. וואָס טהוט מען, געוואַלט געשריגען.

מאַטריאָנע. מען קען זיי צוריק אָבגעבען.

אניסיע. מיט וואַסער, זאָגסטו, גיט מען זיי?

מאַטריאָנע. מיט טעה, זאָגט ער, איז בעסער. מען פיהלט ניט, זאָגט ער, גאָר נישט, קיין שום ריח ניט. ער איז אויך, פאַרשטעהסטו, ניט קיין פראָסטאַך.

אניסיע. (נעהמט די פּראָשקעס) וועה איז צו מיין קאָפּ! וואָלטען מיר דען אין זינען געקומען אַזוינע זאַכען, ווען ניט מיין לעבען, מיין קאַטאָרזשנע.

מאַטריאָנע. פאַרגעס ניט דאָס קערביל. איך האָב איהם צוגעזאָגט אַריינטראָגען.

אַניסיע. נו, עס פאַרשטעהט זיך (זי באַהאַלט אין קאַסטען די פּראָשקעס).

מאַטריאָנע. באַהאַלט זיי, ליובינקע, וויטער, קיינער זאָל ניט דערוויסען. און חלילה, אַז עס מאַכט זיך עפּיס, מע פרעגט, זאָלסטו זאָגען, מייז האָבען זיך פאַר פיהרט. עס נוצט טאַקע צו מייז אויך (זי ווערט מיט אַמאָל אַנשוויגען).

# עֶלְפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִי פריהעריגע, פּיאטר און אַקִים.

אַקים. (געהט אַריין און צלמ'ט זיך אויף די איקאָנעס).

פּיאָטר. (געהט אַריין און זעצט זיך אַנידער) נו, וואָס וועט זיין, פעטער?

אַקים. איך מיין, פאַרשטעהסטו, איגנאַטיטש, ווי בעסער, הייסט דאָס, ווי בעסער. איך האָב מורא עס זאָל ניט אַרויסקומען, דאָס דאָזיגע, פאַרשטעהסטו. ער באַלעוועט זיך, עס ווילט זיך דאָס דאָזיגע... עס ווילט זיך, פאַרשטעהסטו, דעם בחור צו עפּיס פריסטראָויען. אויב דו ווערסט, דאָס דאָזיגע, קען מען, זאָג איך, דאָס דאָזיגע, ווי בעסער, מיין איך...

פּיאָטר. גוט, גוט, זיץ, וועלען מיר שמוסען (אַקים זעצט זיך).

ווילסט איהם, הייסט עס, חתונה מאַכֿען?

**מאַטריאָנע.** מיט דער חתונה קען מען צוואַרטען, פּיאָטר איגנאַטיטש; דו ווייסט דאָך אונזער איינגשאַפֿט, מיר אַליין קוים וואָס מיר זשיפּען. ווי הייבט מען דאָ אָן חתונה מאַבֿען?

**פּיאָטר.** עצה'ט זיך ווי בעסער.

**מאַטריאָנע.** חאַפּען זיך מיט דער חתונה איז אויך ניט כּדאַי, עס איז אַ זאַך וואָס מע קען צוואַרטען, עס וועט ניט אַנטלויפֿען.

**פּיאָטר.** חתונה מאַכֿען איז חתונה מאַכֿען, וואָס דאַרף מען דאָ אַ סך קלערען?

**אַקים.** עס ווילט זיך, פֿאַרשטעהסטו, דאָס דאָזיגע... אין שטאָדט, פֿאַרשטעהסטו דאָס דאָזיגע, אין שטאָדט, זאָג איך, טרעפֿט זיך מיר אַ שטיקעל אַרבייט, פֿאַרשטעהסטו.

**מאַטריאָנע.** אַיין אַרבייט, אַז אָך אונ וועה איז צו די יאָהרען, די אָפּטרעטען רייניגען. אָט איז ער געקומען פֿון שטאָדט, האָב איך געשפּיגען אַ גאַנצען טאָג... טפֿו!

**אַקים.** אויפֿ'ן אָנהייב, ניט לייקענען, איז אַ ביסעל, דאָס דאָזיגע, עס שלאָגט אַ ביסעל אין נאָז, דער רוח מיין איך. נור אַז מען געוואָהנט זיך אַיין איז, דאָס דאָזיגע, נישקשה. מען קען, זאָג איך, איבערטראָגען. צאָהלען צאָהלט מען, הייסט עס, דאָס דאָזיגע, גוט צאָהלט מען. און וואָס דער ריח איז אַ ביסעל, דאָס דאָזיגע, טאָרען אַזוינע מענשלעך זיך ניט בעליידיגען. קאָס אָנטהון קען מען אויך איבערבייטען. אָט האָב איך טאַקי געוואָלט, לאָז ניקיטקע, פֿאַרשטעהסטו, זיין אין שטוב אויף בעל־הבית'שקייט, ער וועט אין דער היים אַרבייטען אונ איך וועל שוין, דאָס דאָזיגע, אין שטאָדט פֿאַרדינען.

**פּיאָטר.** ווילסט, הייסט עס, נעהמען דעם זוהן אַ היים; זייער פֿיין. נור דער אַדעראָף?

אקים. יאָ אֶמת אֶמת, איגנאַטיטש. דאָס רעדסטו, דאָס דאָזיגע, פּראַווילנע רעדסטו. פֿאַרדונגען איז פֿאַרקויפֿט. דאָס געלט, מיין איך, לאָז ער טאַקי אָפּאַרבייטין, נור, דאָס דאָזיגע, פֿאַרשטעהסטו, חתונה מאַכֿען זאָלסטו איהם, זאָג איך, אָפּלאָזען אויף אַ קליינער צייט, אויב עס וועט זיך עפּיס מאַכֿען.

פּיאָטר. דאָס מיט אַלע פֿערגניגען, פֿאַר וואָס ניט.

מאַטריאָנע. יאָ, נור די גאַנצע מעשה, פֿאַרשטעהסטו, איגנאַטיטש, איז דאָ ניט גלאַט. איך וועל דיר, טייערינקער, מיין האַרץ, ווי פֿאַר גאָט אַליין דערצעהלען. הער מיך אויס מיט מיין אַלטען אונ זאָג וועך איז גערעכֿט. ער האָט זיך אַריינגעשלאָגען אין מוח חתונה מאַכֿען, חתונה מאַכֿען. אונ פֿאַר ועמען חתונה מאַכֿען, פֿרעג? איז דאָס אַ רעכֿט מיידיל ווי עס דאַרף צו זיין, בין איך דאָך מיין קינד קיין שונא ניט. נור דאָס מיידיל, פֿאַרשטעהסטו איז מיט אַ שם.

אקים. אָט דאָס, אַלטע, האָב איך שוין פֿיינט, איך האָב פֿיינט, אַז דו רעדסט אויפ'ן מיידיל, דאָס דאָזיגע, שלעכֿטס רעדסטו, אַלטע, דאָס האָב איך שוין פֿיינט. וואָרום דאָס האָט טאַקי מיין זוהן זי בעליידיגט, יאָ, טאַקי מיין זוהן האָט זי, דאָס דאָזיגע, בעליידיגט האָט ער זי, דאָס מיידיל היסט עס.

פּיאָטר. מיט וואָס האָט ער זי אַזוינס בעליידיגט?

אַקים. אַזוי טאַקי קומט עס אויס, זאָג איך, דאָס דאָזיגע, טאַקי מיט מיין זוהן ניקיטען, טאַקי מיט ניקיטען פֿאַרשטעהעטו, דאָס דאָזיגע...

מאַטריאָנע. שווייג אַ ביסעל, בעט איך דיך, לאָז מיך רעדען, דער צונג איז ביי מיר אַ אוייבערער. אונזער בחור ווייסטו, איידער ער האָט זיך ביי דיר באַשטעלט, האָט אויף דער באַהן געדינט. פֿון וואַנען פֿון וואָס טשעפּיט זיך דאָרט צו איהם צו אַ מויד עפּיס

אַ דער רוח ווייסט וואָס, מאַרינקע הייסט זי, אַ קעכין אין אַרטעל. נו, ווייזט זי, דאָס מיידיל, הייסט עס, אויף אונזער בחור, אַז ער, פֿאַרשטעהסטו, האָט זי אָבגענאַרט.

פּיאָטר. קיין קניפּ אין בעקיל קומט איהם דער פֿאַר ניט.

מאַטריאָנע. איך זאָג דיר דאָך, ליובינקע, די מויד איז אַ דער רוח ווייסט וואָס, אַ אויסגעלאַסענע.

אַקים. ווידער רעדסטו, אַלטע, ניט דאָס דאָזיגע, און אַלץ ניט דאָס דאָזיגע, און גאָר ניט דאָס דאָזיגע.

מאַטריאָנע. מעהר אָט ווערסטו פֿון מיין אַדלער ניט הערען, נור: דאָס דאָזיגע, דאָס דאָזיגע. און פֿרעג, וואָס דאָס דאָזיגע? ווייסט ער אַליין ניט. דו, פּיאָטר איגנאַטיטש, פֿרעג ביי לייט, ניט ביי מיר פֿון דעם מיידיל; יעדער וועט דיר זאגען דאָס אייגענע. אַ דער רוח ווייסט וואָס...

פּיאָטר. (צו אַקימען) ווייסטו, פֿעטער, עס איז אַ זאַך וואָס מען דאַרף גוט באַקלערען. אַ שנור נעמען איז ניט קיין שיך אָנטהון, וועסט זי פֿון פֿוס ניט אַראָפּ־שלעפּען.

אַקים. (מיט היץ) עס איז אַ ליגען, אַ ליגען זאָגט זי, דאָס דאָזיגע, אויפֿ'ן מיידיל, אַ בלבול! דאָס מיידיל איז זעהר אַ וואוהלס, זעהר אַ וואָהל מיידיל. דאָס האַרץ טהוט מיר וועה אויף איהר, דאָס דאָזיגע, עס טהוט מיר דאָס האַרץ וועה אויפֿ'ן מיידיל!

מאַטריאָנע. אוי וועה, וואָס עס טהוט זיך! דער גאַנצער וועלט, ווי מען זאָגט, אַ בעל־טובה און אין דער היים זיצט מען אָהן ברויט. אויף דעם מיידיל טהוט איהם וועה דאָס האַרץ, און אויפֿ'ן זוהן — ניט, בינד זי דיר איהר אָן אויפֿ'ן האַלז און טראָג זיך מיט איהר! גענוג נאַרישקייט רעדען!

אַקים. ניין, עס איז ניט קיין נאַרישקייט!

מאַטריאָנע. פֿליה ניט אויף צו—פֿריהער, לאָז מיך רעדען.

אַקים. (שלאָגט איהר איבער די רייד) ניין, עס איז ניט קיין נאַרישקייט. דו, הייסט עס, קערעוועסט ווי דיר איז בעסער, אַקעגען מיידיל, מיין איך, אָדער אַנדערע זאַכען. דו, זאָג איך, קערעוועסט אויף דיין וועג, און גאָט וועט דאָס דאָזיגע, אויף זיין וועג קערעווען, פאַרשטעהסטו. אַזוי איז דאָס אויך.

מאַטריאָנע. עך! מיט דיר צו רעדען איז נור די צונג מיד מאַכען,

אַקים. דאָס מיידיל איז אַ וואהל מיידיל, פאַרשטעהסטו, אַ פיינינקע, און הייסט עס, דאָס דאָזיגע, אַרום און אַרום, זאָג איך. ביי אונזער אָרעמקייט איז דאָס צו דער האַנד: די חתונה, כדומה, קען מען אויך מאַכען אַ וואָלוועלע. און טייערער פון אַלדינג, פאַרשטעהסטו, איז — וואָס דאָס מיידיל האָט איין בעליידיגונג פון אונזער זוהן, דאָס דאָזיגע. אַ יתומה נעבאַך, און ער האָט זי אָבידיעט, פאַרשטעהסטו.

מאַטריאָנע. מאַלע ווער עס קלעפּט זיך אָן!

אַניסיע. דו, פעטער, הער נור וואָס אונזערע שוועסטער וועט דיר זאָגען. זיי וועלען דיר אַ סך מעשיות דערצעהלען.

אַקים. נו, און דער איבערשטער, דער רבונו של עולם? איז זי דען ביי איהם קיין מענש ניט? דאָס מיידעל, מיין איך, איז ביי גאָט אויך, דאָס דאָזיגע, פאַר אַ מענשען פאַרשריבען! און דו וואָס מיינסט?

מאַטריאָנע. אָך, ער האָט זיך שוין צילאָזט.

פיאָטר. ווייסט וואָס, פעטער, איך וועל דיר זאָגען, היינטיגע מיידליך גלויבען, טאָר מען אויך ניט. דער בחור לעבט אַ דאַנק גאָט, אָט איז ער. לאָז מען איהם אַרופטהון און פרעגען מיט אַ טאָלק, צו עס איז אַן'אמת. ער וועט די נשמה ניט וועלען פאַרפלעקען, אַ ליגען זאָגען. טהוט איהם אַרוף, דעם בחור. (אַניסע שטעהט אויף) זאָג, דער טאַטע רופט איהם (אַניסיע געהט אַרויס).

# צווֶעלְפְטֶער אַרויסגאַנג.

## די פְרִיהֶריגֶע אָהן אַנִיסֶע.

מאַטריאָנע. אָט דאָס זיינען גאָלדענע ווערטער, אָט דאָס איז אַנ'אֶמת'ע עצה! לאָז דער בחור אַליין זאָגען. וואָרום היינטיגע צייטען מאַכט מען, פאַרשטעהסטו, מיט געשריי גאָר ניט. מע דאַרף דעם בחור אליין פרעגען. ער וועט אין לעבען פאַר איהר ניט חתונה האָבען, דאָס פנים שווארצען. ווערליג מיין ווייבערשער שכל זאָגט, וואָלט ער ביי דיר געווען. לאָז ער דינען דעם בעל-הבית. אפילו אויף זוממער וואָלטען מיר איהם אויך ניט גענומען, מע קען צו דינגען עמעצען. אַ צעהנערעל גיב אונז, און לאָז ער ביי דיר בלייבען.

פיאָטר. דאָס איז אַ באַזונדער זאַך, פון דעם וועלען מיר נאָכדעם שמוסען. ענדיג איינס פריהער.

אַקים. איך זאָג עס, פאַרשטעהסטו, אַקעגען דעם, פיאָטר איגנאַטיטש, וואָס אַזוינע זאַכען טרעפען זיך אָפט. דו דרעהסט פון דיינעטוועגען וואָס בעסער, און דערווייל אָן גאָט פאַרגעסטו. דו קלעהרסט וואָס בעסער, קערעוועסט אַלץ אויף דיין וועג, אָט קוקסטו זיך, אַרום ביסטו אריינגעפאַלען אין אַ צרה, פאַרשטעהסטו. מיר מיינען וואָס בעסער און סע לאָזט זיך אוים אַ סך ערגער, אָהן דעם אויבער־שטען, הייסט עס.

פיאָטר. נו, עס פאַרשטעהט זיך, גאָט טאָר מען ניט פאַרגעסען.

אַקים. אָט קוקסטו זיך אַרום, זאָג איך, קומט עס אוים אַ סך ערגער. און אַז די טהוסט וואָס גאָט האָט געבאָטען איז אויפ'ן האַרצען עפּים פרייליכער. אַ דאָס זאָג איך טאַקי, פאַרשטעהסטו, סע האָט זיך געוואָלט

ווי בעסער, איך האָב טאַקי אַזוי גערעכענט: איך וועל דעם בחור חתונה מאַכען, די עבירה צודעקען. ער, רעכען איך, וועט זיין אין דערהיים, דאָס דאָזיגע, הייסט עס, ווי גאָט האָט געבאָטען, און איך וועל שוין אין שטאָדט, דאָס דאָזיגע, עפּיס פאַרדינען. אַ איינטראָגליך שטיקעל אַרבייט. צו גאָט, ווייסטו, דערלעגט מען ניט. אַ יתומה נעבאך. איך זאָג עס, אַ שטייגער, היינטיגען זומער די בויער'ן, כדומה, האָבען אָבגענאַרט דעם פּריקאַזטשיק מיט די האָלץ. דעם פּריקאַזטשיק האָט מען טאַקי אָבגענאַרט, נור גאָטט, פאַרשטעהסטו, דאָס דאָזיגע, גאָטט האָט מען ניט אָבגענארט! נו, הייסט עס דאָס דאָזיגע...

# דְרַייצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## די פריהעריגע, נִיקִיטֶע און אַניוּטְקֶע.

נִיקִיטע. מע רופט מיך? (ער זעצט זיך אַנידער, און נעהמט אַרויס טוטון).

פּיאָטר. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) קיין דרך־ארץ ווייסטו אַ פּנים ניט? דער טאַטע וויל מיט דיר רעדען, און דו זעצט דיך און דרעהסט אַ ציגאַר. געה קאָר אַ הער, מעגסט אויפשטעהן.

ניקיטע. שטעלט זיך לעבען טיש. שפּאַרט זיך אָן און שמייכעלט מיט עזות).

אָקים. סע דאָ אויף דיר, מיקיטע, דאָס דאָזיגע, אַ זשאַלאָבע, פאַרשטעהסטו, איז דאָ אויף דיר.

מיקיטע. ווער זשע זשאַלעוועט זיך אַזוינס?

אָקים. ווער זשאַלעוועט זיך? אַ מאָדעל, פאַרשטעהסטו, אַ יתומה זשאַלעוועט זיך טאַקי, זי, פאַרשטעהסטו, זשאַלעוועט זיך, מאַרינע, מיין איך, זשאַלעוועט זיך טאַקי אויף דיר.

מיקיטע. (שמייכעלט) אנ'אנטיק, אויף מיין ווארט. וואס זשע זאגט זי אויף מיר? און ווער האט עס דיר דער־ צעהלט? זי אליין טאקי, צי ווער?

אקים. (ערנסט) אצונד פֿארשטעהסטו, מיקיטע, פֿרעג איך, און דו דארפֿסט מיר, הייסט עס, ענטפֿער געבען. האסט צוגעזאגט דעם מיידיל, דאס דאזיגע, אנ'עסק האסטו געהאט מיט'ן מיידעל?

ניקיטע. א ווארט פֿארשטעה איך ניט וואס איהר פֿרעגט.

אקים. נארישקייטען, פֿרעג איך, נארישקייטען איז געווען ביי דיר מיט'ן מיידיל, נארישקייטען?

ניקיטע. מאלע וואס עס מאכט זיך. מיט א קעכין מאכסטו א מאל א ווערטעל, מע שפּיעלט אויף דער הארמאניקע א מאל, און זי טאנצט. וואס נאך פֿאר נארישקייט?

פּיאטר. דו, ניקיטע, וויים, דרעהען געהט דא ניט. דארפֿסט ענטפֿערען מיט א טאלק, וואס דער טאטע פֿרעגט דיך.

אקים. (מיט היץ) ניקיטע! פֿון מענשען קענסטו דיך באהאלטען, נור פֿון גאט וועסטו גאר ניט באהאלט'ן. דו, מיקיטע, וויים, דאס דאזיגע, קיין ליגען געהט דא ניט. ס'איז א יתומה, פֿארשטעהסטו, זי האט קיינעם ניט. זי אבידיען איז קיין מלאכה ניט, פֿארשטעהסטו. זאג בעסער דעם אמת, בעט איך דיך.

ניקיטע. איי, לאז צו רוה, סע ניטא וואס צו זאגען. איך האב אין גאנצען געזאגט, ווארום ס'איז סך־הכל ניטא וואס צורעדען. (ער צוהיצט זיך) זי וועט דיר א סך דערצעהלען. פֿאר וואס האט זי אויף פּעדקען ניט געזאגט? וואס איז? מע טאר שוין היינטיגע צייטען אפילו קיין ווערטעל ניט מאכען? און דאס מויל קען איהר קיינער ניט פֿארשטאפּען. לאז זי רעדען, וואס זי וויל!

אקים. אוי, ניקישקע, זעה נור, א ליגען ווערט ניט פֿאר־ פֿאלען. זאג, סע געווען עפּים צווישען אייך, צו ניין?

ניקיטע. (אן א זייט) זעה נור ווי ער האט זיך צוגעטשעפּעט.

(צו אַקימען) איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, איך ווייס ניט פֿון וואָס צו זאָגען. איך האָב מיט איהר קיין שום עסק ניט געהט. (מיט כעס) ווי עס איז דאָ אַ גאָטט אויף דער וועלט! (ער צלמ'ט זיך) אָט האָב איך מיך געשוואָרען, איך זאָל פֿון דעם אָרט ניט אַוועקגעהן, פֿון גאָר ניט ווייס איך ניט! (אַלע שווייגען, ניקיטע הויבט אָן נאָך היציגער). וואָס איז דאָס אין מיטען-דרינען חתונה מאַכען? איך פֿאַרשטעה ניט, אַזא סקאַנדאַל! היינטיגע צייטען נעהמט מען מיט געוואַלד גאָר ניט. העסטו, חתונה מאַכען מיט גוואַלד. איך וויל ניט, אונ אַ סוף! אָט האָסטו דיר אַ פּראָסטע מעשה. אונ געשוואָרען האָב איך מיך אויך!

מאַטריאָנע. זעהסטו, פֿערדעשער מוח! מע האָט דיר אָנגעבעלט, אונ דו גלויבסט. אומזיסט נור דעם בחור פֿאַרשעמט.

פּיאָטר. נו, וואָס זשע וועט זיין, פּעטער?

אַקים. (קנאַקט מיט'ן צונג) זעה, ניקיטע, דער יתומה'ס טרערען וועלען ניט געשענקט ווערען. זיי וועלען געפֿינען דעם זינדיגען קאָפּ, זעה נור, סע זאָל ניט דאָס דאָזיגע!

ניקיטע. זעה נור, זעה נור. זעה אַליין! (ער זעצט זיך).

אניוטקע. מע דאַרף געהן זאָגען דער מאַמע. (זי לויפֿט אַרויס).

# פֶּערְצֶעהְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## פְּיָאטְר, אַקִים מַאטְרָיָאנֶע אוּנ נִיקִיטֶע.

מאַטריאָנע. (צו פּיאָטר'ן) אַזוי איז מיט אַלדינג, פּיאָטר איוואַנאָוויטש. ס'אַ דעמב, ער שלאָגט זיך אַריין עפּיס אין קאָפּ, ווייסטו עס מיט אַ קלין ניט אַרויסזעצען. נור אומזיסט דיך באַמיהט. לאָז דער בחור זיין ביי דיר ווי פֿריהער. האַלט איהם.

פּיאָטר. וואָס זשע זאָגסטו, פּעטער?

אקים. וואָס זאָל איך זאָגען? דער בחור, הייסט עס, איז פֿריי. נור, דאָס דאָזיגע, איך האָב געוואָלט, פֿאַרשטעהסטו דאָס דאָזיגע...

מאַטריאָנע. וואָס דו דולסט דאָרטען אַ קאָפּ, וואָס ווייסטו ניט, לאָז ער זיין בּיי דיר אונ אַ סוף! דער בחור וויל אַליין ניט אַוועקגעהן. אונ מיר קענען זיך אָהן איהם אויך בּאַגעהן.

פּיאָטר. אַיין זאַך נור, פּעטער, אויב דו וועסט איהם אויף זומער אָפּנעהמען, דאַרף איך איהם אויף ווינטער ניט האָבּען. אויב לאָזען בּיי מיר, איז אויף אַ גאַנץ יאָהר.

מאַטריאָנע. נו יאָ, איך מיין טאַקי אויף אַ גאַנץ יאָהר. זשניוואַצייט וועלען מיר אין דער היים אָמעצען דינגען, אונ דער בחור לאָז בּיי דיר בּלייבען. אַ צעהנערעל גיב אונז, אונ ער לאָז דינען.

פּיאָטר. הייסט עס נאָך אויף א יאָהר?

אַקים. וואָס זאָל מען טהון? מסתמא מוז שוין זיין דאָס דאָזיגע, מסתמא מוז זיין דאָס דאָזיגע.

מאַטריאָנע. נו, עס פֿאַרשטעהט זיך אויף אַ יאָהר. בּאַצאָהלען וועסטו אונז, האָף איך, אָרענטליך. אונ אַ צעהנערעל גיב אונז טאַקע בּאַלד. דו ווייסט דאָך אונזער איינגשאַפּט, פּיאָטר איגנאַטיטש. (זי טהוט זיך אַ בּוק).

## פּוּפּצֶעטֶער אַרויסגאַנג.

### דִי פְּרִיהֶערִיגֶע, אניסיע אוּנ אניוּטקע.

אַניסיע. (זעצט זיך אָן אַ זייט).

פּיאָטר. וואָס־זשע, פּעטער • אויב אַזוי איז אַזוי. דער טראַקטיר איז נאָהענט. קומט וועלען מיר טרינקען מאַגאַריטש; קום, פּעטער אַקים, נעהמען אַביסעל בּראָנפֿען.

אקים. ניין, איגנאַטיטש, איך טרינק ניט, דאָס דאָזיגע, בראָנפּין טרינק איך ניט.

פיאָטר. נו, ווערסטו טרינקען אַ גלאָז טעה.

אַקים. דאָס יאָ, טעה טרינק איך, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די זינד.

פיאָטר. קומט ווייבער, וועט איהר אויך נעהמען צו גלעזלעך וואַרעמס. פאַרטרייב דאָ, מיקיטע, די שאָף, און די שטרוי נעהם צונויף.

ניקיטע. נו־נו, איך וועל צונויפנעהמען (אַללע געהן אַרויס, חוץ ניקיטען, עס ווערט נאַכט).

# זעכצעטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע אַליין.

ניקיטע. (פאַר רייכערט אַ ציגאַר) הערסטו, אַ מענש טשעפעט זיך צו, דערצעהל איהם ווי אַזוי איך האָב מיך מיט מיידלאַך געשפּילט. עס איז לאַנג, ברודער, צו דערצעהלען. האָב חתונה, זאָגט ער. יאָ, אויף אַללע חתונה האָבען, וועט זיך אַ שיין ביסעל ווייבער צונויפנעהמען. א נייטיגע זאַך חתונה האָבען. מיר איז אַזוי אויך גוט, ניט ערגער, דאַכט זיך, ווי חתונה געהאַט, לייט זענען מיר מקנא. אַ דאָ, אַז איך האָב מיך צורעדט, אַזוי ווי עמעצער האָט מיך אַ שטיפ געטהון: שווער זיך, צלם זיך. איך האָב איהם באַלד דאָס מויל פאַרשטופּט, דעם טאַטען, ער איז באַלד אַנשוויגען געוואָרען. לייט זאָגען, שטראַשנע זיך שוואָרען אויף אַ ליגען. נאַרעשקייט, סע נור גערעדט · אַ פּראָסטער עסק...

## זיבעצטער ארויסגאנג.

### ניקיטע און אקולינע.

אקולינע, (געהט אריין אין א סוויטע, לעגט אנידער די שטריק, קוקט זיך אום און געהט אין קלאדאווקע). ביסט קליין אנצינדען א ליכט?

ניקיטע. וואס דארף איך א ליכט? אויף דיר קוקען? איך זעה דיך אזוי אויך.

אקולינע. געה צו אלדע רוחות!

## אכצעטער ארויסגאנג.

### די פריהריגע און אניוטקע.

אניוטקע. (זי לויפט אריין און רעדט שטילערהייט צו ניקיטען) מיקיטע געה גיכער, א מענש רופט דיך, איך זאל אזוי לעבען!

ניקיטע. וואס פאר א מענש?

אניוטקע. מארינקע פונ'ם באהן, זי שטעהט אויפ'ן גאס, זי ווארט.

ניקיטע. ס'אליגען.

אניוטקע. איך זאל אזוי לעבען, זי ווארט.

ניקיטע. וואס וויל זי?

אניוטקע. זי בעט דיך זאלסט ארויסגעהן. איך דארף, זאגט זי, איהם נור איין ווארט זאגען. איך פרעג זי, וואס? וויל זי ניט זאגען. ס'אנ'אמת, זאגט זי, אז ניקיטע געהט פון אייך אוועק? ס'א ליגען, זאג איך. דער טאטע האט איהם געוואלט אפנעהמען, חתונה מאכען, נור ער וויל ניט, ער בלייבט ביי אונז נאך אויף א יאהר. שיק, זאגט זי, איך בעט דיך, איהם ארויס, איך דארף איהם צוויי ווערטער

זאָגען, זי וואַרט שוין לאַנג. געה זשע. זי שטעהט דאָרטען!

ניקיטע. לאָז זי געהן צום גוטען יאָהר, וואוהין וועל איך געהן!.

אַניוטקע. אַז ער וועט ניט אַרויסגעהן, זאָגט זי, וועל איך אַליין אין שטוב קומען, איך זאָל אַזוי לעבען, איך וועל קומען, זאָגט זי.

ניקיטע. האָב קיין מורא ניט, זי וועט לאַנג ניט וואַרטען, זי וועט אַוועק געהן.

אַניוטקע. טאָמער, זאָגט זי, רעדט מען איהם אַקולינען?

אַקולינע. (הערט זיך צו) וועמען רעדט מען אַקולינען?

אַניוטקע. מיקיטען.

אַקולינע. יאָ, גאָר אַ קליינעקייט. ווער זאָגט עס?

ניקיטע. זעהסט דאָך, מסתמא רעדען לייט, (ער קוקט אויף איהר און לאַכט) און דו ווילסט מיך פֿאַר אַ מאַן?

אַקולינע. דיך? פֿריהער אפשר וואָלט איך געוואָלט, אַצינד וויל איך ניט.

ניקיטע. וואָס איז עפּיס אַצונד נייִן?

אַקולינע. איך האָב מורא דו וועסט מיך ניט ליב האָבען.

ניקיטע. פֿאַר וואָס וועל איך דיך ניט ליב האָבען?

אַקולינע. מע הייסט דיר ניט (זי לאַכט).

ניקיטע. ווער הייסט מיר ניט?

אַקולינע. ווער? די שטיפֿמאַמע הייסט דיר ניט, תמיד שעלט זי זיך און קוקט דיר נאָך.

ניקיטע. הערסטו! דו האָסט, זעה איך, אַנ'אויג.

אַקולינע. אַנ'אויג? איך בין ניט בלינד. היינט האָט זי דעם טאַטען טויטע קללות געשאָלטען, די מכשפה מיט'ן רויטען פנים. (זי געהט אַרויס אין קלאַדאָווקע).

אַניוטקע. ניקיטע! טהו אַ קוק, אָט געהט זי, איך זאָל אַזוי לעבען, זי געהט. איך וועל אויטלויפֿען. (זי לויפֿט אַרויס).

# נײַנצעטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע, אַקולינע (אין קלאַדאָווקע) און מאַרינע.

מאַרינע. (געהט אַריין) זאָג מיר ניקיטע, וואָס טהוסטו־עס מיט מיר?

ניקיטע. וואָס טהו איך? גאָר ניט טהו איך.

מאַרינע. דו ווילסט זיך אָבזאָגען?

ניקיטע. (הויבט זיך אויף מיט כעס) נו, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין, וואָס ביסטו געקומען?

מאַרינע. אָך, ניקיטע!

ניקיטע. אַנ'אַנטיק אויף מיין וואָרט, וואָס ביסטו געקומען זאָג מיר?

מאַרינע. ניקיטע!

ניקיטע. ניקיטע! וואָס ניקיטע? נו, איך בין ניקיטע. וואָס דאַרפֿסטו דאָ האָבען? געה זאָג איך דיר.

מאַרינע. אַוועקוואַרפֿען ווילסטו מיך, זעה איך, ווילסט מיך פֿאַרגעסען?

ניקיטע. וואָר פֿאַרגעסען? ווייסט אַליין ניט. האָסט געשיקט נאָך מיר אַניוטקען, איך בין ניט אַרויסגעגאַנגען. מסתּמא דאַרף איך דיך ניט. געה דיר, לאָז מיך צו רוה, איך בעט דיך.

מאַרינע. דו דאַרפֿסט מיך ניט? אַצינד דאַרפֿסטו מיך שוין ניט? איך האָב דיר געגלויבט, ניקיטע, איך האָב געמיינט, דו האָסט מיך ליב. האָסט מיך אומגליקליך געמאַכט און אַצינד דאַרפֿסטו מיך מעהר ניט...

ניקיטע. אומזיסט אַלע דיינע ווערטער, גאָר ניט צו דער זאַך. דעם מאַטען האָסטו אויך אָנגערעדעט, געה, בעט איך דיך, פֿון דאַנען אַוועק.

מאַרינע. ניקיטע! דו ווייסט גוט, אַז חוץ דיר האָב איך קיינעם ניט ליב געהאַט. ווילסט מיך נעהמען צו ניין, ניט דאָס האַרט מיך, ניט דאָס טהוט מיר

וועה. ניקיטע! איך פֿיהל אַ קעגען דיר קיין זינד ניט! זאָג מיר, פֿאַר וואָס האָסטו מיך אויפֿגעהערט ליב האָבען, פֿאַר וואָס ניקיטע?

**ניקיטע.** גענוג וואַסער מעסטען, בעט איך דיך. געה דיר, לאָז מיך צו רוה! אונ וואָס טשעפּען זיי זיך, ווייס איך ניט?

**מאַרינע.** ניט דאָס טהוט מיר וועה, ניקיטע, וואָס דו האָסט מיך אָפּגענאַרט, וועה טהוט מיר וואָס די האָסט צו מיר די ליבע פֿאַרלאָרען. אונ ניט דאָס נאָך טהוט מיר וועה, וואָס דו האָסט צו מיר די ליבע פֿאַרלאָרען, נור דאָס, וואָס דו האָסט מיך אויף אַנ'אַנדערע פֿאַרביטען. אונ אויף וועמען ווייס איך.

**ניקיטע.** (טהוט צו איהר אַ שפּאַן מיט כעס). עך! מיט אייער שוועסטער שמוסען, דאַרף מען זיך מיט קרעפּלעך אָנעסען. געה, זאָג איך דיר! וועסט מיך ברענגען צו אַזעלעכם...

**מאַרינע.** צו וואָס וועל איך דיך ברענגען! זאָג, צו וואָס? שלאָגען וועסטו מיך? נאַ שלאָג! וואָס דרעהסטו אַוועק די צורה דיינע? עך ניקיטע!

**ניקיטע.** פֿאַרשטעהט זיך, עס איז ניט שיין, מענשען וועלען דערהערען. וואָס דאַרף מען אומזיסט רעדען?

**מאַרינע.** אַזוי, ניקיטע, אַנ'עק הייסט דאָס. פֿאַרפֿאַלען אלדינג, פֿאַרוויאַנעט דאָס גרינע גרעזעלע... דו הייסט מיר אין גאַנצען פֿאַרגעסען. געדענק זשע ניקיטע. איך האָב געהיט מיין כבוד ווי דאָס שווארצאַפּעל פֿונ'ם, אויג. דו האָסט מיך אומגליקליך געמאַכט, האָסט מיך אָבגענאַרט, האָסט אויף אַ יתומה קיין רחמנות ניט געהאַט (זי וויינט) האָסט דיך אָבגעזאָגט פֿון מיר. דו האָסט מיך געקוילעט, ניקיטע! נור קיין הארץ האָב איך אויף דיר ניט. לאָז דיר גאָט ניט צאָהלען· וועסט געפֿינען אַ בעסערע וועסט דו מיך פֿאַרגעסען, וועסט נעהמען אַנ'ערגערע וועסטו

דיך אין מיר דערמאַנען. וועסט מיך דערמאַנען, וועסט מיך דערמאַנען, ניקיטע! זיי געזונד אויב אַזוי. אוי, ניקיטע, האָב איך דאָך ליב געהאַט! זיי געזונד, דאָס לעצטע מאָל (זי וויל איהם אַרומנעהמען),

**ניקיטע.** (רייסט זיך אויס) עך! מיט אייך צו רעדען! ווילסט ניט אַוועקגעהן, וועל איך אַליין אַוועקגעהן. בלייב דאָ!

**מאַרינע.** (מיט אַ געשריי) אַייזערן הערץ! (ביי דער טהיר) גאָט וועט דיר קיין גליק ניט שענקען! (זי געהט אַוועק, מיט אַ געוויין).

## צוואַנציגסטער אַרויסגאַנג.

### ניקיטע און אַקולינע.

**אַקולינע.** (געהט אַרויס פון דער קלאַדאָווקע) ביסט אַ הונד, ניקיטע!

**ניקיטע.** וואָס איז דען?

**אַקולינע.** אוי ווי ביטער זי האָט געוויינט! (זי וויינט).

**ניקיטע.** וואָס איז דיין עסק?

**אַקולינע.** מיין עסק! די האָסט זי אָבידיט. וועסט מיך אויך אַזוי אומגליקליך מאַכען. אַ הונד ביסטו! (זי געהט אַוועק אין קלאַדאָווקע).

## איין אונצוואַנציגסטער אַרויסגאַנג.

### ניקיטע אַליין.

**ניקיטע.** (ער זיצט אַביסעל און קלעהרט) אַנ'אומגליק מיט די מיידליך. ליב האָב איך זיי ווי צוקער, נור זינד נעהמט מען זיך מיט זיי אָן־אַ גוואַלט!

דער פאַרהאַנג פאַלט



# צווייטער אקט.

## אין דעם אקט שפּילען דיזע פּערזאנען.

פּיאטר
אניסיע
אקולניע
אניוטקע
ניקיטע
מאטריאנע
אניסיע׳ס אשכנת

# צווייטער אקט.

די סצענע שטעלט־פאר די גאס פאר פיאטר'ס שטוב. לינקס— אַ פיינע שטוב מיט אַ גאניק. רעכטס—אַ טויער דורך וועלכען עס קיקט אַרויס אַ שטיקעל הויף. אניסיע קלאפט קאנאפלים. נאך דעם ערשטען אקט איז שוין זעקס חדשים.

## ערשטער אַרויסגאנג.

### אַניסיע אַליין.

**אניסיע.** (הערט אויף ארבייטען אונ הערט זיך צו) ווידער בורטשעט ער, ווידער אַ מאל אַ ודאי אַראפ געקראכען פונ'ם אויווען.

## צווייטער אַרויסגאנג.

**אַניסיע, אונ אַקולינע.** (זי געהט מיט אַ קאראמיסלע מיט אַ פאר עמער)

**אניסיע.** דו הערסט? ער רופט. געה טהו אַ קוק וואס וויל ער. הערסט ווי ער שרייט דארט. געה גיכער.

**אקולינע.** אונ דו וואס שטעהסט?

**אניסיע.** געה זאגט מען דיר! (אקולינע געהט אַוועק אין שטוב)

## דריטער אַרויסגאנג.

### אַניסע אַליין.

**אניסיע.** אויסגעמוטשעט האט ער מיך שוין. ער זאגט ניט וואו דאס געלט האטש טהו וואס דו ווילסט. אַ דאַ צופריהר האב איך איהם געטראפען אין הויז. נעווים

האָט ער דאָס דאָרט באַהאַלטען. ס'איז נאָך גוט וואָס ער האָט זיך מורא מיט דעם צושיידען. אין שטוב וויים איך חאָטש אַז ס'איז גאַנץ. נור ווי אַזוי געפונט מען דאָס? געכטען איז עס אויף איהם ניט געווען, אַצונד וויים איך גאָר ניט וואו צו קלעהרען. ביז'ן עק האָט ער מיך שוין אויס־געמוטשעט!

# פּיערטער אַרויסגאַנג:

אניסיע און אקולינע. (זי געהט אַרויס און בונדט זיך אַרום מיט דעם שאַל).

אַניסיע. וואו אַהין איז?

אקולינע. וואו אַהין? ער שיקט רופען די מוהמע מאַרפע. טהו מיר, זאָגט ער, אַרוף די שוועסטער איך דאַרף שטאַרבען, זאָגט ער, איך וויל איהר עטליכע ווערטער זאָגען.

אניסיע. (צו זיך) נאָך דער שוועסטער שיקט ער! וועה איז צו מיר! ער וויל איהר אַודאי דאָס געלט אפּגיבען! וואָס טהוט מען, גוואַלד! (צו אַקולינען) בלייב דאָ! וואוהין געהסטו?

אקולינע. נאָך דער מוהמע געה איך.

אניסיע. מע דאַרף ניט, איך וועל אַליין געהן. טראָג דו אַוועק דאָס גרעט אופ'ן טייך. איך וועל זי אַליין אַרוף טהון. אַזוי וועלען מיר דאָס גרעט ביז נאַכט ניט ענדיגען.

אַקולינע. ער האָט דאָך מיר געהייסען.

אַניסיע. געה וואו מע שיקט דיך! איך וועל אַליין געהן נאָך דער מוהמע. די העמדער נעהם־אַראָפּ פונ'ם פּלייט.

אקולינע. די העמדער? איך האָב מורא די וועסט ניט געהן. ער האָט געהייסען באַלד.

אניסיע. אָט בּאַלד געה איך, זאָג איך דיר, וואו איז אניוטקע?
אקולינע. אניוטקע? זי פּאַסעט די קעלבּליך.
אַניסיע. שיק זי אַהער. דער רוח וועט דאָרטען די קעלבּליך ניט נעהמען (אַקולינע נעהמט צונויף דאָס גרעט און געהט אַוועק).

# פֿינְפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## אַניסיֶע אַלֵיין.

אניסיע. פּריוו ניט געהן, וועט ער שעלטען; בּרענג זי, וועט ער איהר דאָס געלט אָבּגעבּען. מיין גאַנצע אַרבּייט וועט געהן אין דער ערד, וואָס טהוט מען? ווער איז צו מיר, דער קאָפּ ווערט מיר אָקערשט ניט צוּשפּאַלטען (זי קלאַפּט ווידער די קאָנאָפּלים).

# זֶעקְסטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

אַנִיסֶיע און מַאטְרְיָאנֶע (זי געהט אריין מיט אַ שטעקיל און אַ קלומעקעל, ווי אַ מענש אין וועג)

מאַטריאָנע. גוט מאָרגען דיר ליובּינקע.
אניסיע. (קוקט זיך אַרום, וואַרפט אַוועק די אַ־בּייט און פלעסקעט מיט די הענד פון פרייד) אָ מוּהמינקע ליעבּע, איך האָבּ זיך גאָר ניט געריכט אויף דיר. נור גאָט האָט דיך געשיקט אין אַזאַ צייט.
מאַטריאָנע. נו, וואָס הערט זיך?
אניסיע. איך ווער אָקערשט ניט משוגע, אַנ'אומגליק אַ גרויסער!
מאַטריאָנע. ער לעבּט נאָך זאָגט מען.
אניסיע. אוי מוּהמינקע, רעד גאָר ניט. ער לעבּט ניט, ער שטאַרבּט ניט.

מאַטריאָנע. נו, אין פֿונ'ם געלט וואָס הערט זיך?

אַניסיע. אָט־ערשט האָט ער געשיקט רופֿען די שוועסטער, אַוודאי וועגען דעם געלט.

מאַטריאָנע. געוויס אַזוי, עמיצען אַנדערש ווייסטו געוויס אַז האָט ער ניט אָבגעגעבען?

אַניסיע. ניין, קיינעם ניט. איך היט איהם ווי אַ הונד די שטוב היט.

מאַטריאָנע. וואו־זשע קען דאָס זיין?

אַניסיע. איך קען אַלץ ניט געוואר־ווערען. אַלע מאָל בּאַהאַלט ער עס אויף אַנ'אַנדער אָרט. פֿאַר דער מויד האָב איך אויך מורא. אַ נאַר אַ נאַר, נור אַנ'אויג האָט זי. אוי אַנ'אומגליק אַ גרויסער, אויס־געמוטשעט בין איך שוין!

מאַטריאָנע. גיט ער, ליובינקע, נור אָפּ דאָס געלד, וועסטו נאָך דעם אייביג חרטה האָבען. פֿונ'ם שטוב וועלען זיי דיך אַרויסשטיפּען אונ מיט ליידיגע הענט נאָך. אָפּגעמוטשעט האָסטו דיך די יונגע יאָהרען, אונ מיט וועמען? ליב האָסטו איהם ניט געהאַט, אַנ'אַלטע שמאַטע; אונ איצטער וועסטו בלייבען אַנ'אַלמנה מיט אַ טאָרבע.

אַניסיע. אוי, רעד גאָר ניט, מוהמע טייערינקע, דאָס האַרץ איז מיר שוין צופֿוילט. וואָס טהוט מען, זאָג? מיט קיינעם קען איך מיר קיין עצה ניט האַלטען. ניקיטען האָב איך אַ זאָג געטהון, האָט ער מורא זיך מישען אין דעם. נעכטען האָט ער מיר נור געזאָגט, אַז ס'איז אין פאָל.

מאַטריאָנע. נו?

אַניסיע. עס איז אומעגליך עפּיס טהון: ער היט עס. אַלע מאָל, באַמערק איך, בּאַהאַלט ער עס אויף אַנ'אַנדער אָרט, אונ נאָך־דעם היינגט ער עס ווידער אויף זיך אָן.

מאַטריאָנע. געדענק, ליובינקע, וועסט איין מאָל אַ פֿעהלער

מאַכען, וועסטו נאָך דעם וויינען דאָס גאַנצע לעבען. (שטילערהייט) נו, אונ שטאַרקע טעה האָסטו איהם געגעבען?

**אַניסיע,** אוי וועה... (זי וויל עפּעס ענטפּערען, נור דערזועהט די שכנה אונ ווערט אַנשוויגען).

# זיבּעטער אַרויסגאַנג.

דיָ פְּרִיהֶערִיגֶע אוּנ דִי שְׁכֵנָה (זי געהט אונ הערט זיך צו צום געשרייע וואָס אין שטוב. צו אַניסען)

די שכנה. אַניסיע! הער נור, דיינער, דאַכט זיך, רופט דיך.

אַניסיע. ניין, סע הוסט ער אַזוי. זעהר שלעכט מיט איהם.

די שכנה. (געהט צו צו מאַטריאָנען) גוט מאָרגען, באַבוניאָ. פון וואַנען געהסט-עס.

מאַטריאָנע. פון דער היים ליובינקע, צום זוהנדיל בין איך געקומען אַקוק טהון וואָס ער מאַכט. העמדער האָב איך איהם געבראַכט. פאָרט אַקינד. אַז זיי וואַקסען-אויס טהוט אויך דאָס האַרץ אויף זיי וועה, טייערינקע.

די שכנה. עס פאַרשטעהט זיך, וַאמאַמע. (צו אַניסיען) איך האָב געוואָלט די לייוועגט ווייסען. נור איך מיין עס איז פריה. קיינער האָט נאָך ניט אָנגעהויבען.

אַניסיע. עס איז זיך ניטאָ וואָס צו חאַפּען.

מאַטראַיאָנע. נו, אונ וידוי האָט ער שוין געזאָגט?

אַניסיע. יאָ, ווי היסט? נעכטען איז דער באַטיושקע געוועזן.

די שכנה. אַדאָ נעכטען בין איך געוועזן ביי אַייך, האָב איך נור בעדאָווערט, אין וואָס די נשמה האַלט זיך. קיין פּיצעל הויט אויפ'ן לייב. ער האָט שוין גאַר אָנגעהייבען ווי אויסגעהן, מע האָט איהם שוין באַוויינט אַפילו.

אניסיע. זעהסטו דאָך ער איז צו זיך געקומען, ער שלעפּט זיך ווידער אַרום.

מאַטריאָנע. וואָס זשע? צוגרייטען איהם טראָכט איהר גאָר ניט?

אניסיע. יאָ, מענשען זאָגען טאַקי. אויב ער וועט לעבען, רעדען איך מאָרגען שיקען נאָכ'ן באַטיושקע.

די שכנה. איך קוק נור אויף דיר, אַניסיושקע, ווי ביטער דיר איז, ניט אומזיסט זאָגען לייט, ניט דעם איז שלעכט וואָס ליגט קראנק, שלעכט איז דעם וואָס זעהט דעם קראַנקען.

אניסיע. אַודאי אַזוי, טייערינקע. לאָז שוין זיין איינס פון די ביידע.

די שכנה. עס פאַרשטעהט זיך. אַ קלייניקייט! אַ גאַנץ יאָהר אויף דעם טויטען בעט. די הענט און די פיס פאַרפּלאָנטעט.

מאַטריאָנע. נו, און אַן'אַלמנה זיין, מיינסטו איז זיס? יונג איז נאָך ווי אַזוי, נור אויף דער עלטער איז ביטער ווי דער טויט, קיינער קוקט אויף דיר ניט. זאָלסט מיך ניט פאַרלאָזען, רבונו-של-עולם, אויף דער עלטער! אָט נעהם מיך, אַ שטייגער. אַלט, שלאָף. עפּיס ווייט געהע איך? און די פיס, טהו אַ קוק, ברעכען מיר שוין, כמעט וואָס איך פיהל זיי. אָך, אָך, אָך! איך האָב מיך פאַררעדט. מיין זוהנדעל ווייסטו ניט וואו איז?

אַניסיע. אויפ'ן פעלד, ער אַקערט. קום-אריין, וואָס חאַפּסטו דיך? איך וועלען שטעלען דעם סאַמאָוואַר, וועסטו נעהמען אַ גלעזעל וואַרעמס, רוה דיך אָפּ.

מאַטריאָנע. (זעטצט זיך) יאָ, טייערינקע, איך בין טאַקי מיד. אָך אָך, דו זאָגסט-עס דעם באַטיושקע רופען, אודאי דאַרף מען רופען. מענשען זאָגען, אז ס'איז פאַר דער נשמה דאָרטען אַ הילף.

אניסיע. מאָרגען דאַרף מען טאַקע שיקען.

מאַטריאָנע. געוואָהנליך, אַזוי איז בעסער. און ביי אונז, ליובינקע, האָבען מיר אַ חתונה.

די שכנה. וואָס איז עפּיס אים וויעסנע?

מאַטריאָנע, ניט אומזיסט זאָגען לייט: אַן'אָרעם מאַן האָט חתונה איז איהם די נאַכט קליין. סעמיאָן מאַטוועיטש, ווייסטו, נעהמט מאַרינקען.

אַניסיע. זי האָט טאַקי געפֿונען איהר דאָלי.

די שכנה. אַנ'אַלמן, אַוודאי צוליעב די קינדער האָט ער חתונה.

מאַטריאָנע. פֿיר קינדער. אַ רעכט מיידעל וועט ניט נעהמען אַ זעלכען. נו, און פֿאַר איהר איז דאָס אויך ניט שלעכט, אַ מיידיל מיט אַ שם, פֿאַרשטעהסטו.

די שכנה. הערסטו, מענשען האָבען טאַקי גערעדט. נו, עפּיס אַ פֿיינעם מענשען נעהמט זי, אַ בעל־הבית?

מאַטריאָנע. נישקשה, זיי לעבען פֿיין.

די שכנה. עס פֿאַרשטעהט זיך, ווער וועט נעהמען אַנ'אַלמן מיט קינדער? זאָגסט־עס אַ שטייגער, ביי אונז, קענסטו מיחאַילען? אַ בעל־הגוף, מאַמיטשקע מיינע...

אַ קול פֿון דער שכנה'ס מאַן, העי מאַוורא, וואו טראָגט דיך דאָרט דער רוח? געה פֿאַרטרייב די בהמה (די שכנה געהט אַוועק).

## אַכְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

אַנִיסְיֶע און מַאטְרַיָאנֶע. (זי רעדט הויך ביז מע זעהט נאָך די שכנה).

מאַטריאָנע. איך דאַנק גאָט וואָס זי האָט שוין חתונה געהאַט, די זינד פֿאַרדעקט. טאָמער וועט מיין נאַר אויפֿהערען קלעהרען פֿון ניקיטען. (זי בייט גיך איבער דאָס קול) (שט לערה'יט) אוועק געגאַנגען. טעה, פֿרעג איך, האָסטו איהם געגעבען?

אַניסיע. אוי, מוהמעניו, דערמאַן מיר גאָר ניט. בעסער וואָלט ער שוין אַליין געשטאָרבען. אַלץ-איינס שטאַרבען שטאַרבט ער ניט. נור די נשמה פאַר-פּלעקט. אָך, וועה איז צו מיינע יאָהר. צו וועלכען האָסטו מיר דאָס גאָר באַדאַרפֿט געבען?

מאַטריאָנע. וואָס איז, ליובינקע, עס איז פּראָשקעס צום שלאָף, פֿון זיי וועט ערגער ניט ווערען.

אַניסיע. איך רעד ניט פֿון די. איך מיין די ווייסע.

מאַטריאָנע. וואָס זשע איז? די ווייסע זענען אַ רפואה.

אַניסיע. (ניט אַקרעכץ). יאָ, נור איך האָב פֿאָרט מורא. אויס-געמוטשעט האָט ער מיך שוין.

מאַטריאָנע. האָסט איהם אַסך געגעבען?

אַניסיע. צוויי מאָל האָב איך אַריינגעשאָטען.

מאַטריאָנע. נו, און ער פֿיהלט גאָר ניט?

אַניסיע. איך האָב אַליין אַיינגעטינקען די ליפּען, פֿיהלט מען אַביסעל ביטערלעך. ער טרינקט און מאַכט אַזוי: אפילו דאָס ביסעל טעה איז מיר אויך פּראָטיווגע. פֿאַרשטעהט זיך, זאָג איך, אַ קראַנקען איז אַלדינג ביטער. איך רעד אַזוי, מוהמינקע, און אויפֿ׳ן האַרצען איז מיר אַזוי, אַז מע זאָל מיין פֿלייש שניידען וואָלט קיין בלוט ניט געגאַנגען.

מאַטריאָנע. דו קלעהרסט צו פֿיעל, ליובינקע. דו טראַכט בעסער ניט. וואָס מעהר מע טראַכט איז ערגער.

אַניסיע. בעסער וואָלסטו מיר דאָס גאָר ניט געגעבען; בעסער וואָלט איך אויף מיין נשמה קיין זינד ניט גענומען. אַז איך דערמאַן מיך, וואָלט איך אין דער ערד אַריין. אָך ביטער איז מיר, ביטער איז מיין לעבען, אויף וואָס האָסטו עס באַדאַרפֿט, צו וועלכען האָסטו עס מיר געגעבען?!

מאַטריאָנע. גאָט איז מיט דיר, ליוביוקע, וואָס רעדסטו-עס? וואָס וואַרפֿסטו אַלץ אויף מיר? זעה נור, ווייבעלע, מיך אין דיינע זאַכען מיש ניט, מאַכט זיך חלילה

עפים, בין איך ניטאָ אין דער היים. איך וועל ביי גאָט שווערען, אז איך ווייס ניט פון נישט צו זאָגען. ניט געזעהן ניט געהערט, וואָס פראָשקעס, וועז פראָשקעס, מיט וואָס עסט מען דאָס? דו, טייערינקע, ווייס אליין וואָס דו האָסט צו טהון, אדרא ניט לאנג האָבען מיר זיך צורעדט פון דיר, וואָס פאר א ביטער לעבען דו לעבסט. א פרידורקעוואַטע שטיפּטאָכטער, א פארשימעלטען מאַן. א טשעהאָטקע קען מען קריגען פון אזא לעבען, מע קען זיך אויף איך ווייס ניט וואָס פּעלען.

**אניסיע.** אמת, מוהמינקע, אמת, איך וועל ניט אָבלייקענען. ביי אזא לעבען קען מען זיך ניט נור אויף אזוינע זאכען פעלען, עס קומט מיר אָדער זיך הייגגען, אָדער איהם מיט מיינע הענט דערשטיקען. אלעבען, א לעבען איז דאָס?

**מאטריאָנע.** אָ דאָס זאָג איך טאקי. שלאָפען טאָר מען דאָ ניט. מע דארף ארבייטען. גיב איהם א גלאָז טעה אונ לאָמער זוכען.

**אניסיע.** אוי פארפינסטערט בין איך געוואָרען! וואָס טהוט מען? א ציטערניש פאלט אויף מיר! טאָמער, מוהמיונקע, וועט ער אליין שטארבען, עס ווילט זיך ניט די נשמה שווארצען.

**מאטריאָנע.** (מיט גיפט). וואָס זשע זאָגט ער ניט וואו דאָס געלט איז? אין קבר וויל ער עס נעהמען, קיינער זאָל דער פון קיין הנאה ניט האָבען? דאָס הייסט א מענש? אזא מטמון געלט זאָל פארפאלען ווערען! עס איז מיינסטו קיין וועהטיג ניט? וואָס קלעהרט ער זיך? אנ'אמת קוקען אויף איהם!

**אניסיע.** איך ווייס שוין אליין ניט; אויסגעמוטשעט האָט ער מיך.

מטריאָנע. וואָס ווייסטו דאָ ניט? אַ פּראָסטע מעשה. ועסט זיך איצט ניט סטאַרען, וועסטו דאָס גאַנצע לעבען ווינען. דאָס געלד וועט ער דער שוועסטער אָפּגעבען, און דו וועסט געהן ברויט בעטען.

אַניסיע. אָך, וועה איז צו מיר! האָסט מיר דערמאַנט, מע דאַרף שיקען נאָך איהר. מע דאַרף געהן.

מאַטריאָנע. וואָס געהן? דו וואַרט אוים מיט'ן געהן. שטעל בעסער דעם סאַמאָוואַר, מאַך איהם אַ גלאָז טעה, מיר וועלען בירע די זאַך אָפּ טהון. מיר וועלען עס דערטאַפּען, האָב קיין מורא ניט.

אַניסיע. אוי איז צו מיר! טאָמער מאַכט זיך עפּים?

מאַטריאָנע. און דו וואָס טראַכסט? וועסט קוקען מיט די אויגען, וועט דאָס געלט מיינסטו דיר אין די הענט אַ שפּרונג טהון? טהו וואָס מע דאַרף!

אַניסיע. געהן דעם סאַמאָוואַר שטעלען.

מאַטריאָנע. געה ליובינקע, געה, טהו וואָס מע דאַרף, זאָלסט נאָכדעם ניט דאַרפען חרטה האָבען. געה, געה (אַניסיע געהט אַוועק, מאַטריאָנע רופט זי צוריק) איינם נור, טייערינקע, מיקיטען זאָלסטו גאָר ניט זאָגען, ער איז אויף אַזוינע זאַכען אַ משוגענער. גאָט זאָל אָפּהיטען ער זאָל געוואָר ווערען פון פּראָשקעס. ער וועט חלילה איך וויים ניט וואָס טהון. אַ ווייך האַרץ ביי איהם אַ גיוואַלט. אויף אַ הון הייבט זיך ביי איהם די האַנט ניט אויף. פון גאָר ניט זאָלסטו איהם ניט זאָגען. עס איז אַנ'אומגליק מיט איהם, ער פאַרשטעהט גאָר ניט (זי ווערט פּלוצלים אַנשוויגען פאַרציטערט). אויף דער שוועל ווייזט זיך פּיאָטר.

# ניינטער ארויסגאנג:

## די פריהריגע און פיאטר. (ער האלט זיך ביי דער וואנט,

קאראטשקיט זיך צום גאנעק און רופט מיט א שלאף קול).

פיאטר. מע קען זיך ניט דערופען... אך! ... אניסיע! מיט וועמען רעדסטו דארט? (ער פאלט אנידער אויף דער באנק).

אניסיע. (געהט ארויס פון יענער זייט ווינקעל), וואס האסטו זיך ארויס געשלעפט? בעסער ליג, וואו דו ליגסט.

פיאטר. אך... געגאנגען דאס מיידעל צו מארפען?... אך, שלעכט איז מיר... אך, וואו איז דער טויט, וואס קומט ער ניט!...

אניסיע. דאס מיידעל האט קיין צייט ניט, איך האב זי אויפ'ן טייך געשיקט. ווארט א ביסעל, איך וועל מיך אבפארען וועל איך אליין געהן.

פיאטר. שיק אניוטקען... וואו איז זי?... אוי שלעכט איז מיר... אך!... ניטא דער טויט!...

אניסיע. איך האב שוין געשיקט נאך איהר.

פיאטר. וואו זשע איז זי?

אניסיע. וואו איז זי דארט, דער רוח זאל זי נעהמען!

פיאטר. אך!... ניטא מעהר קיין כח צו ליידען; דער גאנצער בויך ברענט אין מיר, עס דרעהט ווי מיט עגבערס!... וואס האט איהר מיך געלאזט אליין ווי א הונד! א טרינק ניטא ווער ס'זאל דערלאנגען. אך!... שיק מיר אניוטקען אהער.

אניסיע. אט געהט זי, אניוטקע! געה צום טאטען.

## צעהנטער אַרויסגאַנג.

### די פּריהריגע, אונ אַניוטקע. (זי לויפט אַריין. אַניסיע געהט אַוועק נאָך-אונטער דעם ווינקעל).

**פּיאָטר.** געה... אָך... צו דער מוהמע מאַרפע, זאָג... אָך... דער טאַטע רופט דיך... לאָז זי קומען, איך דאַרף זי האָבען.

**אַניוטקע.** באַלד געה איך.

**פּיאָטר.** וואַרט... זאָג איהר, זי זאָל גיכער געהן. זאָג: דער טאַטע שטאַרבט... אָך!...

**אַניוטקע.** אָט נעם איך דעם שאַל, איך געה. (זי לויפט אַוועק).

## עלעפטער אַרויסגאַנג.

### פּיאָטר, אַניסיע אונ מאַטריאָנע.

**מאַטריאָנע.** (ווינקט) נו, ווייבעלע, געדענק וואָס דו האָסט צו טהון. געה אין שטוב. זוך ווי אַ הונד פלעה, שאַרעווע וואו דו קענסט. אונ איך וועל דאָ אַ קוק טהון, טאָמער איז עס אויף איהם.

**אַניסיע.** (צו מאַטריאָנען) אָך, מוהמינקע! מיט דיר איז פאָרט עפּיס היימישער (זי געהט צו צום גאַנעק. צו פּיאָטר'ן) אפשר דעם סאַמאָוואַר שטעלען? מאַטריאָנע איז צום זוהן געקומען, טאָמער וועסטו מיט איהר אויסטרונקען אַ גלעזעל וואַרעמס.

**פּיאָטר.** שטעל אַז דו ווילסט (אַניסיע געהט אַוועק אין הויז).

# צווועלפטער אַרויסגאַנג.

פּיאָטר און מאַטריאָנע (זי געהט צו צום גאַנעק).

פּיאָטר. אַ גאָט היעלף.

מאַטריאָנע. אַ גוטער יאָהר זאָל דיר זיין, ליובינקע, געזונד זאָלסטו אונז זיין, טייערינקער. קרייגקסט אַלץ, זעה איך. מיין אַלטער האָט שוין געזשאַלקיוועט, געה. זאָגט ער, טהו אַ קוק, וואָס מאַכט איגנאַטיטש, גיב איהם אָפּ אַ גרוס.

פּיאָטר. געקומען ט'אַ'פּנים מיין טויט!

מאַטריאָנע. אוי ליובינקע, איך באַדאָווער נור, וואָסערע וויטיגען גאָט שיקט אָן אויף דעם מענשען. וואָס פון דיר איז געוואָרען!

פּיאָטר. ניט לאַנג וועל איך מיך מוטשען; איך פיהל, ניט וויט שוין.-דער עק.

מאַטריאָנע. גאָטס ווילען, פּיאָטר איגנאַטיטש, — מע דאַרף זיין גרייט צו אַלעס. אַ מענש דאַרף אויף זיך נעהמען אַלעס פאַר ליעב, און גאָט דאַרף העלפען. די אַלטע דיינע איז, גאָט זיי דאַנק, איין א'שת חיל. זי וועט דיך שיין באַהאַלטען, ווי גאָט האָט געבאָטען. מיין זוהנדעל קען אויך, איידער וואָס, אַכטונג געבען אויפ'ן בעל-הבית'עשקייט.

פּיאָטר. ניטא וועמען אַ וואָרט אָנזאָגען. מיט איהר, מיט אַניסיען, איז ניטאָ וואָס צו רעדען. נאַרישקייט ליגט איהר אין קאָפּ... איך וויים אַלעס... איך וויים... דאָס מיידעל איז אַ פרידורקעוואַטע, נאָך יונג, גרין. דאָס גאַנצע לעבען געהאָרעוועט און וועמען איבערלאָזען איז ניטאָ. ניטאָ ווער ס'זאָל אַכטונג געבען. דאָס האַרץ טהוט וועה אויף אַלס (ער וויינט).

מאַטריאָנע. וועגען געלד; צו וואָס, וואָלט מען, מיין איך, געקענט אָנזאָגען וועמען סע ניט איז.

פּיאָטר. געגאַנגען דאָס מיידעל נאָך מאַרפֿען?

מאַטריאָנע. (אָן אַ זייט), זעהסט, ער האָט זיך דערמאָנט.

אַניסיע. (פֿונ'ם הויז) זי איז נאָך דעמאָלט אַוועקגעלאָפֿען. געה אַריין אין שטוב צו וואָס, איך וועל דיך אונטערהאַלטען.

פּיאָטר. כ'וועל דאָ זיטצען אַביסעל, אויפ'ם לעצט... אַ שווערע לופֿט דאָרטען... אָך! שלעכט איז מיר, דאָס האַרץ ברענט מיר... ניטאָ דער טויט!..

מאַטריאָנע. גאָט וועט די נשמה ניט נעהמען וועט זי אַליין ניט אַרויס פֿונ'ם גוף. דאָס לעבען מיט'ן טויט איז אין גאָטס הענט, פּיאָטר איגנאַטיטש. אַ מענש ווייסט ניט דעם טאָג פֿונ'ם טויט. סע מאַכט זיך, שטעהט מען אויף פֿונ'ם טויטען בעט, ביי אונז, כּדומה אַ גוי, שוין געוועזן כּמעט ווי געשטאָרבען...

פּיאָטר. אָך, ניין, ניין! איך הער, איך וועל היינט שטאַרבען, איך פֿיהל (ער שפּאַרט זיך אָן אין פאַרמאַכט די אויגען).

## דְרַייצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

### די פְּרִיהֶרִיגֶע אוּנ אַנִיסֶע.

אַניסיע. (געהט אַרויס). נו, דו געהסט צו ניין? קום אַריין אין שטוב. פּיאָטר, הערסטו פּיאָטר!

מאַטריאָנע. (געהט אַוועק וויטער אַביסעל אונ רופֿט אַניסיען מיט'ן ווינק) נו, וואָס הערט זיך?

אַניסיע. (געהט אַראָפּ פֿונ'ם גאַניק צו מאַטריאָנען) ניטאָ דאָרט.

מאַטריאָנע. האָסט געזוכט וואו מע דאַרף? אין פּאָל האָסטו געזעהן?

אַניסיע. ניטאָ דאָרטען. אפשר אין קאַסטען. נעבּטען איז ער אַהין געקראָכען.

מאַטריאָנע. זוך, ווייבּעלע, נור זוך. ער וועט היינט, רעכען איך, אַזוי אויך שטאַרבּען, בּלוי די נעגעל אונ אויפ'ן פּנים די ערד געפאַלען. דער סאַמאָרוואַר איז פאַרטיג?

אַניסיע. ער פאַרזידט שוין.

## פּערצענטער אַרויסגאַנג.

די פּריהריגע אונ ניקיטע (ער קומט רייטענדיג אויף אַ פערד, קריכט אַראָפּ בּיי'ם טויער · ער זעהט ניט פּיאָטר'ן).

ניקיטע. (צו דער מוטער) אַ גאָט העלף, מאַמעניו. וואָס הערט זיך בּיי אונז?

מאַטריאָנע. אַ דאַנק גאָט, מע לעבּט.

ניקיטע. דער בּעל-הבּית וואָס מאַכט עפּיס?

מאַטריאָנע. שטילער, זוהנו, אָט זיצט ער (זי ווייזט אויף פּיאָטר'ן).

ניקיטע. וואָס-זשע איז? לאָז ער זיצען.

פּיאָטר. (עפענט די אויגען) ניקיטע, הערסטו ניקיטע, געה קאָהר אַהער (ניקיטע געהט צו. אַניסיע שעפּטשעט זיך מיט מאַטריאָנען).

פּיאָטר. וואָס איז עפּים אַזוי פריה?

ניקיטע. אָבּגעאַקערט.

פּיאָטרע. אונ פון יענער זייט גרעבּלי?

ניקיטע. סע ווייט צו פאָהרען אַהין-צו;

פּיאָטר. ווייט? פון דער היים איז נאָך ווייטער. וועסט דאַרפען פאָהרען אומיסטנע. בּעסער וואָלט געווען אין איין מאָל אָבּפּטרן.

מאַטריאָנע. (געהט צו) אַך זוהנעניו. דו סטאַרעסט זיך גאָר

ניט, זעה איך, פֿונ'ם בעל־הבית וועגען. ער איז קראַנק, פֿאַרלאָזט זיך אויף דיר, דאַרפֿסטו איהם ווי אַנ'אייגענעם טאַטען דינען. דאָס בלוט זאָל פֿונ־אונטער די נעגעל שפּריטצען, אונ ס'זאָל זיין ווי עס דאַרף צוזיין. אַזוי האָב איך דיר געהייסען!

פּיאָטר. טאָ נעהם, ניקיטע, אַרוים די קאַרטאָפֿלים... אָך!... די ווייבער וועלען זיי... אָך... איבער־קלאָבען.

אַניסיע. (צו זיך) יאָ, אָט באַלד געה איך טאַקי! ער וויל ווידער פֿון זיך אַלע אַוועק שיקען. דאָס געלט איז מסתּמא אויף איהם. ער וויל עס אודאי באַהאַלטען.

פּיאָטר. מע וועט דאַרפֿען זעצען די קאַרטאָפֿלעס אונ זיי וועלען זיין פֿאַרפֿוילט. אָך! וועהטאָגען מיינע גרויסע. (ער הויבט זיך אויף).

מאַטריאָנע. (לויפֿט אַרויף אויף דעם גאַניק אונ האַלט איהם אונטער) דו ווילסט אין שטוב אַריין?

פּיאָטר. יאָ, העלף מיר אַריינגעהן (ער שטעלט זיך אָפּ). ניקיטע!

ניקטע. (ברוגז) וואָס איז ווידער?

פּיאָטר. איך וועל דיך מעהר ניט זעהן... איך וועל היינט שטאַרבען. זיי מיר מוחל, ניקיטע, טאָמער האָב איך געזינדיגט אַ קעגען דיר מיט אַ וואָרט אָדער מיט עפּים. מאַלע וואָס סע מאַכט זיך. זיי מיר מוחל, איך בעט דיך.

ניקיטע. ניטאָ וואָס צו מוחל זיין. מיר זענען אַליין זינדיג.

מאַטריאָנע. אַך, זוהנעניו, פֿאַרשטעה!

פּיאָטר. זיי. מיר מוחל ווי גאָט איז ליעב. (ער וויינט).

ניקיטע. (כאַפּעט מיט דער נאָז) גאָט וועט מוחל זיין, פֿעטער. איך האָב אויף דיר קיין האַרץ ניט, כ'האָב פֿון דיר קיין שלעכטס ניט געזעהן. זיי דו מיר מוחל, אפשר בין איך זינדיגער אַ קעגען דיר (ער וויינט, פּ אָטר חליפעט, אונ געהט אַוועק, מאַטריאָנע האַלט איהם אונטער).

# פּיפֿצֶטער אַרוֹיסגאַנג.

## נִיקִיטֶע אוּנ אַנִיסְיֶע.

**אַניסיע.** וועה איז צו מיינע יאָהר, (זי געהט צו, צו ניקיט'ן). וואָס האָסטו געזאָגט, אַז דאָס געלט איז אין פּאָל? איך האָב געזוכט, קיין זכר ניטאָ.

**ניקיטע.** (ענגפּערט ניט, וויינט) איך האָב פֿון איהם קיין שלעכטס ניט געזעהן, אוּנ איך בין אַזוינער.

**אַניסיע.** גענוג שוין! זאָג בעסער, וואו איז דאָס געלט?

**ניקיטע.** (ברוגז) ווייסט עס דער רוח! זוך אַליין.

**אַניסיע.** טהו אַ קוק, אַ ווייכהערציגער געוואָרען.

**ניקיטע.** אַזא רחמנות! ער האָט מיר קיין שלעכטס ניט געטהון... אַזאַ רחמנות. ער האָט נעבאַך אַזוי געוויינט! ע־עח!...

**אַניסיע.** זעהסט, דאָס האַרץ איז איהם צוגאַנגען. אַודאי איז דאָ וועמען צו זשאַלעווען. ווי אַ הונד ביסטו בײ איהם. לאַנג האָט ער דיך געהייסען פֿונ'ם שטוב אַרויסטרייבען? האָב בעסער אויף מיר רחמנות.

**ניקיטע.** אַודאי אַ גאַנצע אַ רחמנות אויף דיר, וואָס איז?

**אַניסיע.** ער וועט שטאַרבען, אוּנ דאָס געלט איז בעהאַלטען.

**ניקיטע.** האָב ניט מורא, ער וועט עס מיט זיך ניט נעמען.

**אַניסיע.** אוי ניקיטושקע, ער האָט נאָך דער שוועסטער געשיקט, ער וויל איהר דאָס געלט אָבגיבען. אַנ'אומגליק האָט אונז אַ גרויסער געטראָפֿען! וואָס וועלען מיר טהון אַז ער וועט עס אָפּגעבען? זיי וועלען מיך פֿונ'ם שטוב אַרויסטרייבען. סטאַרע זיך עפּעס, טייערינקער, טהו עפּיס. האָסט געזאָגט, נעכטען איז ער ביים קעסטעל געוועזן.

**ניקיטע.** איך האָב איהם געזעהן דאָרטען · וואו ער האָט עס כאַ־שטופּט, ווייס איך ניט.

אַניסיע. אוי אַ ווערטאָג איז מיר אַ גרויסער! איך וועל לויפען אַ קוק טהון.

## זעבּצעטער אַרויסגאַנג.

די פְרִיהְרִינֶע און מַאטְרִיָאנֶע (זי געהט אַרויס פון׳ם שטוּב און געהט צו צו אַניסיען, רעדט שטילערהייט)

מאַטריאָנע. גער ניט, דאָס געלט הענגט אויף איהם. איך האָב עס אָנגעטאַפּט, ס׳איז אין בייטעל.

אַניסיע. ווער איז צו מיר!

מאַטריאָנע. ווערסט אַצינד אָפּלאָזען, ווערסטו עס נאָכדעם זוכען באַ׳ם פויגעל אויפ׳ן לינקען פליגעל. אָט ווערט די שוועסטער קומען, מעגסטו זיך מיט דעם געזעגנען.

אַניסיע. וואָס זשע טהוט מען? גוואַלט געשריגען!

מאַטריאָנע. וואָס מע טהוט? הער וואָס איך וועל דיר זאָגען. דער סאַמאָוואַר איז אויפגעזאָטען, גער אַריין אין גים איהם אָן אַ גלאָז טער (שטילערהייט) און שיט אויס פון׳ם פאַפּירעל אינגאַנצען, אינגאַנצען. לאָז ער אויסטרינקען, מעגסטו עס נאָכדעם שלעפען. האָב ניט מורא, ער ווערט שווייגען, קיינעם ניט דערצעהלען.

אַניסיע. איך האָב מורא, מוהמינקע, אַציטערניש פאַלט מיך אָן.

מאַטריאָנע. נאַרישקייט רעדסטו! גער טהו וואָס מע דאַרף. איך וועל דאָ די שוועסטער צוהאַלטען, אויב זי ווערט אונטערקומען. נעהם און ברענג עס אַהער. ניקיטע ווערט עס באַהאַלטען.

אַניסיע. ווער איז צו מיין קאָפּ! וואָס טהוט מען? ווער איז צו מיר!

מאַטריאָנע. געה זאָג איך דיר אונ טהו וואָס מע הייסט דיר, (צו ניקיטען) ניקיטע!

ניקיטע. וואָס איז?

מאַטריאָנע. דו וואַרט דאָ צו, זיטץ אויף דער פריזבע, טאָמער וועט מען דיך דאַרפֿען.

ניקיטע. (טרוט אַ מאַך מיט דער האַנד). עך! מיט די ווייבער הויב זיך אָן! דען קאָפּ קענען זיי פֿאַרדרעהען. געהט אייך צו אַלע גוטע! מע דאַרף אין אמת געהן אַרויסנעהמען די קאַרטאָפֿלים.

מאַטריאָנע. (שטעלט איהם אָפּ פֿאַר דער האַנד) וואַרט, זאָג איך דיר!

## זיבּעצטער אַרויסגאַנג.

### די פֿריהריגע און אַניוטקע (געהט אַריין).

אניסיע. נו?

אַניוטקע. בּיי דער טאָכטער אויפֿ'ן גאָרטען איז זי געוועזען, באַלד קומט זי.

אַניסיע. וועה איז צו מיר! וואָס וועלען מיר טהון, אַז ז וועט קומען!

מאַטריאָנע. וועסט אוספעיען, טהו וואָס מע הייסט דיר!

אַניסיע. איך ווייס שוין ניט, גאָר ניט ווייס איך ניט! די געדאַנקען האָבען זיך מיר צו מישט. אַניוטקע! געה טעכטערל, צו די קעלבליך, זיי וועלען זיך צו-לויפֿען. אָך! ניטאָ קיין סמיעלעסט.

מאַטראָיאָנע. געה, זאָג איך דיר, דער סאַמעוואַר וועט אויסלויפֿען!

אַניסיע. אָך, אַ קלאָג איז צו מיין לעבען! (זי געהט אַוועק).

# אַבְצֶעטֶער אַרויסגַאנְג.

## מַאטְרְיָאנֶע און נִיקִיטֶע.

מאַטריאָנע. (געהט צו צום זוהן) אָט אַזוי איז דאָס, זוהנעניו!
(זי זעטצט זיך מיט איהם אויף דער פריזבע) דיין זאַך דאַרף
מען אויך באַוואָרענען.

ניקיטע. וואָסער אַ זאַך?

מאַטריאָנע. די זאַך, זוהנעניו, ווי אַרום דו זאָלסט דיין וועלט
אָפּלעבען.

ניקיטע. ווי אַרום? ווי מענשען לעבען אַזוי וועל איך אויך
לעבען.

מאַטריאָנע. דער אַלטער, רעכען איך, זוהנעניו, זאָל היינט אָפּ־
שטאַרבען.

ניקיטע. שטאַרבען — שטאַרבען, ברוך דין אמת. וואָס
געהט עס מיך אָן?

מאַטריאָנע. (רעדט און קוקט אויף דעם גאַניק) אָך, זוהנעניו, ווי
מע זאָגט: כל־זמן שהנשמה בקרבי טאָר מען ניט
שלאָפען, מע דאַרף מיט'ן קאָפּ אַרבייטען. איך
וועגען ניט וועגען דיר, מיינסטו? איך קלעהר גאַנצע
טעג, איך לויף ווי אַ פֿאַרסמ'טע מויז. איך וויל
אַלץ באַוואָרענען, אַלץ אַרום־זעהן, קיין פּיס פּיהל
איך שוין ניט פֿון לויפֿיניש. וועסט געדענקען די
מאַמע, האָף איך.

ניקיטע. וואָס באַוואָרענען פֿאַרשטעה איך ניט?

מאַטריאָנע. דיין מזל, זוהנוי, וויל איך באַוואָרענען, דיין
גליק, מע דאַרף אלדינג אין דער צייט, אַז ניט
וועט גאָר ניט זיין. דו קענסט אודאי איוואַן
מאַטוועיטשען. ניט קיין נאַר אַ מענש. אַ דאָ בין
איך צו איהם אַריינגעגאַנגען, איך האָב איהם דאָרט

אין אַנ'עסק אַ טובה געטהון... נו, זיצען מיר אַזוי אונ שמוסען, איז געקומען צו־רייד, זאָג איך: ווי רעכֿענסטו, איוואַן מאַטוועיטש, אַזא געשעפֿט? אַ שטייגער, זאָג איך, שטעל דיר פֿאָר אַ גוי אַנ'אַלמן האָט גענומען, כּרומה, דאָס אַנדערע ווייב. קיין קינדער איז ניטאָ, הוץ איין מיידעל פֿונ'ם ערשטען ווייב אונ דאָס אַנדערע פֿונ'ם צווייטען. היינט, זאָג איך, שטעל דיר פֿאָר, אַ שטייגער, אַז דער גוי איז געשטאָרבען. קען, זאָג איך, אַנ־אַנדערער חתונה האָבען פֿאַר דער אַלמנה, בלייבען אַ בעל־הבית אין שטוב אונ די טעכֿטער חתונה מאַכֿען? יאָ, זאָגט ער, מע קען, נור מע דאַרף זיך שטאַרק סטאַרען. מיט געלט, זאָגט ער, קען מען עס אָפּמאַכֿען, אונ אָהן געלט פּריוו אפילו ניט, ווערסט גאָר ניט אויספֿיהרען.

ניקיטע. (לייכֿט) יאָ, פֿון געלד האָבען זיי זיך פֿיינט אָפּזאָגען, אָבי גיב נאָר.

מאַטריאָנע. דאָ, זוהנעניו, האָב איך איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה. ראשית, זאָגט ער, דאַרף דיין זוהנדיל זיך צו־שרייבען צו דער אָבשטעסטווע. דאָ נעהם שוין אַרויס געלט: אַנ'עמער בראָנפֿען דעם סחאָד מוז מען שטעלען, ניט, וועט מען דעם פּריגאָוואָר ניט אונטער שרייבען. אַלץ, זאָגט ער, דאַרף מען מיט שכל. טהו נור אַ בליק אהער (זי נעהמט אַרויס אַ פּאַפּיר פֿון דער פּאַטשיילע) דאָ האָט ער אָנגעשריבען אַ פּאַפּיר. אַ נו, לייען נור איבער, דו ביסט דאָך ביי מיר אַ קענער. (ניקיטע לייענט, מאַטריאָנע הערט).

ניקיטע. אַ פּריגאָוואָר אַ געוואָהנליכער, קיין גרויסע חכמות ליגט דאָ ניט.

מאַטריאָנע. דו הער זוהנעניו, וואָס ער האָט געהייסען. דו זעה, זאָגט ער, מוהמע, זי זאָל דאָס געלד ניט

אָפּלאָזען. זי וועט דאָס געלט ניט בעקומען וועט מען זי ניט לאָזען חתונה האָבען. געלט איז אַ שר אויף אַלץ. אָ דאָס זאָג איך טאַקי, זוהנעניו, איצטער דאַרף מען זיך סטאַרען.

ניקיטיע. סע איהר געלט, לאָז זי זיך סטאַרען. וואָס איז מיין עסק?

מאַטריאָנע. ס'איז דאָס, זוהנעניו, רעדסטו שוין נאַרישקייט. ס'איז ניט קיין נקבה'ס פאַרשטאַנד אַזוינע זאַכען. אַז זי וועט אפילו באַקומען דאָס געלט, קען זי אויף אַלעם ניט אַרומקלעהרען. און דו ביסט פאָרט אַ מאַנסביל. באַהאַלטען אַ שטייגער צו וואָס, האָסט מעהר שכל וואָס צו ענפערען אַז סע מאַכט זיך עפּיס.

ניקיטע. עך! מיט ווייבער שמועסען! קיין שום פאַרשטאַנד האָבען זיי ניט.

מאַטריאָנע. ווי הייסט קיין פאַרשטאַנד? דו חאַפּ אַריין דאָס געלט אין די לאַפּעס, וועט דאָס ווייבעל זיין ביי דיר אין די הענד. טאָמער מאַכט זיך, זי הייבט אָן בריקעווען קען מען זי אַ ביסעל פאַרצוימען.

# נײַנְצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

ניקיטע, מאַטריאָנע און אַניסיע (זי לויפט אַרויס בלייך ווי די וואַנט).

אַניסיע. אויף איהם געווען. אָט איז דאָס (ווייזט אונטערן פאַרטוך).

מאַטריאָנע. גיב עס אָב ניקיטען, לאָז ער עס באַהאַלטען. נעהם, זוהנעניו. באַהאַלט.

ניקיטע. נו, וויז אַהער, וועל איך באַהאַלטען.

אַניסיע. אָך! אַ קלאָג איז צו מיר. בעסער וועל איך אליין באַהאַלטען (זי געהט צום טויער).

מאַטריאָנע. וואוהין געהסטו? מע וועט זיך באַלד אַ חאַפּ

טהון! אָט גערט די שוועסטער. גיב איהם אָב, ער
ווייסט. וואָס ביסטו צידולט?

אַניסיע. שטעלט זיך אָפּ, ווייסט ניט וואָס צו טהון, וועה איז צו
מיר!

ניקיטע. גיב אהער צו וואָס, איך וועל עס ערגיץ פֿארשטופּען.

אַניסיע. וואוהין ווערסטו עס אַהינטהון?

ניקיטע. האָסט מורא? (ער לאַכט).

# צוואַנציגסטער אַרויסגאַנג.

## די פֿריהערינע און אַקולינע (גערט מיט'ן גרעט).

אַניסיע. אוי אַן'אומגליק אַ גרויסער (זי גיט אפּ דאָס געלט ניקיטען)
זעה=זשע, ניקיטע!

ניקיטע. וואָס האָסטו מורא? איך וועל עס אַזוי באַהאַלטען
אַז איך וועל אליין ניט געפֿינען (ער גערט אַוועק).

# איין און צוואַנציגסטער אַרויסגאַנג.

## מאַטריאָנע, אַניסיע און אַקולינע.

אַניסיע. (שטעהט דערשראָקען) אַ גרויסער אומגליק האָט מיך
געטראָפֿען! גוואַלד וואָס וועט זיין אַז ער...

מאַטריאָנע. נו, וואָס טהוט ער? ער לעבט נאָך?

אַניסיע. שוין געשטאָרבען, דאַכט זיך. ער האָט גאָר ניט
געהערט, אַז איך האָב עס אַראָפּגענומען.

מאַטריאָנע. געה אין שטוב, אָט גערט אַקולינע.

אַניסיע. וואָס וועט זיין אַצינד? גוואַלט! אַלע זינד אויף מיר,
און ער... וואָס וועט ער טהון מיט דעם?

מאַטריאָנע. גענוג וועט זיין! געה שוין אין שטוב, אָט
גערט מאַרפֿע.

אַניסיע. אוי, אַ גרויסער אומגליק האָט מיך געטראָפֿען, איך

האָב איהם געגלויבט... וואָס וועט זיין אַצינד! (די
געהט אַוועק).

## צְווייא אונ צְוַואַנְצִיגְסְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

### מַארְפֶע, אַקוּלִינֶע, אוּנ מַאטְרְיָאנֶע.

מאַרפע. (געהט פון איין זייט, אַקולינע פון דער אַנדערער, צו אַקו״לינען) איך וואָלט פריהר געקומען, נור איך בין געוועזן ביי דער טאָכטער. נו, וואָס טהוט דער אַלטער? ער טראַכט שטאַרבען?

אַקולינע. (נעהמט אַראָפ דאָס גרעט) איך ווייס ניט, איך געה פונ׳ם טייך.

מאַרפע, (ווייזט אויף מאַטריאָנען). אונ דאָס ווער איז?

מאַטריאָנע. פון זויעווקע בין איך, ליובינקע, ניקיטעס מאַמע, פון זויעווקע, טייערינקע. אַ גאָט העלף דיר, ליובינקע. נעבאַך ווי ער מוטשעט זיך, דער ברודער דיינער. אָדאָ איז ער אַרויסגעגאַנגען. שיקט מיר, זאָגט ער די שוועסטער. איך וויל זאָגט ער... אוי אַ וועהטיג איז מיר, צו איז ער שוין ניט אויס־געגאַנגען?

## דְרַייא אוּנ צְוַואַנְצִיגְסְטֶער אַרוֹיסְגַאנְג.

### די פְרִיהְרִיגֶע אוּנ אַנִיסֶע. (זי לויפט אַרויס פונ׳ם שטוב מיט

אַנעשריי, האַפט זיך פאַר׳ן סטאָלב אונ הייבט אָן וואָיען.

אָ־אָך, אָ־אָ־אָ! אונ אויף וועמען האָסטו מיך איבער געלאָזט. אָ־אָ־אָ אויף וועמען האָסטו מיך אַוועק־געוואָרפען, אָ־אָ־אָ... אַנ׳אַלמנה אַ וויסטע!... וועה איז צו מיר, ווייא איז צו מיר, פאַרפינסטערט איז מיין לעבען, פאַר מאַכט די ליבטיגע אויגען...

## פיער און צוואנציגסטער ארויסגאנג.

די פריהריגע, און די שכנה, (די שכנה און מאטריאָנע

געהמען אניסיען אונטער די הענד. אקולינע מיט מארפֿען געהן אין שטוב. דער עולם געהט זיך צונויף).

איינער פֿונ׳ם עולם. טהוט ארוף די ווייבער. מע דארף איהם אויסריכטען.

מאטריאָנע. (פארקאטשעט די ארבעל) אין קעסעל איז דאָ וואסער? אז ניט איז נאָך דער סאמעוואר אודאי ווארעם. מע דארף אויך עפּיס העלפֿען. פֿאָרט ניט קיין פֿרעמדער.

דער פֿארהאנג פאלט.



# דריטער אקט.

אין דעם אקט שפּילען דיעזע פּערזאנען.

אקים
ניקיטע
אקולניע
אניסיע
אניוטקע
מיטריטש, אנ'אלטער גוי, ארבייט ביי ניקיטען
אַקוּמַא אניסעס

# דריטער אקט.

די סצענע שטעלט פאָר פיאָטר'ס שטוב. ס'איז ווינטער. נאָך דעם צווייטען אַקט איז שוין 9 חדשים. אניסיע זיצט און שפינט, אניוטקע ליגט אויף דעם אויבען. מיטריטש אַן'אַלטער אָטסאַווגוי סאָלדאַט, אַן'אַרבייטור ביי ניקיטען.

## ערשטער אַרויסגאַנג.

מיטריטש. (גיעהט אַריין און טהוט זיך אויס פאַמעלעך) אָך, טאַטע זיסער!... נאָך ניטאָ דער בעל-הבית?

אַניסיע. וואָס זאָגסטו?

מיטריטש. ניקיטע, זאָג איך, איז נאָך ניטא פון'ם שטאָדט?

אניסיע. ניטאָ נאָך.

מיטריטש. הוליט אַודאי. אָך, טאַטע זיסער!

אַניסיע. האָסט זיך אָבגעאָרבעט אויפ'ן טייק מיט דער תּבואָה?

מיטריטש. וואָסדען? אַלס ווי סע דאַרף צו זיין, מיט שטרוי צוגעדעקט. כ'האָב פיינט אַבי אַזוי. אָך, טאַטע זיסער! גאָט האַרציגער! (ער קאָלופעט די מאָזאָלים). ער וואָלט שוין באַדאַרפט זיין.

אניסיע. וואָס דאַרף ער זיך היילען? בעסער וועט ער הולין מיט דער מויד. וואָס גיעהט איהם אָפּ? געלט איז דאָ.

מיטריטש. יאָ. אַבי געלט, פאַר וואָס ניט הולין? און אַקולינע וואָס איז אין שטאָדט געפאָהרען?

אניסיע. פרעג זי, וואָס האָט זי דער רוח געטראָגען אין שטאָט אַריין?

מיטריטש. זי אין שטאָדט? עהע, אין שטאָדט קען מען

אַ סך זאַכען טהון, אַבי ס'איז נאָר דאָ מיט וואָס. אָך, טאַטע זיסער!...

**אַניוטקע.** איך האָב אַליין געהערט, מאַמיטשקע, ער זאָגט איהר: איך וועל דיר קויפען אַ שאַלכען; כ'זאָל אַזוי לעבען, אַ שאַלכען, זאָגט ער, וועל איך דיר קויפען, וועסט דיר, זאָגט ער, אַליין אויסקלייבען. זי האָט זיך אויסגעפּוצט אַ גוואַלט... די פּליסענע קאָפּטע אָנגעטהון מיט דער טערקישער שאַל.

**אַניסיע.** אַנ'אמת זאָגען מענשען: דעם מיידעלס כבוד איז ביז דער שוועל, טרעטס איהם איבער פאַרגעסטו אונ גאַנצען. זי האָט גאָר קיין חרפה ניט פאַר לייט.

**מיטריטש.** הערסטו! חרפה... וואָס איז פאַר אַ חרפה? האָסט געלט — הגלי. אָך, טאַטע זיסער!... ס'וואָלט אפשר צייט געוועזן וועטשערע עסען? (אַניסיע שווייגט) צי אָנוואַרעמען זיך ביז עפּיס (ער קריכט אויפ'ן אויבען), אָך, טאַטע זיסער, גאָט האַרציגער! אָך־אָך־אָך!

# צְווייטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִי פְּרִיהֶרִיגֶע אוּנ אַנִיסְיֶעס קוּמַא.

**די קומאַ.** (געהט אַריין) דיינער איז נאָך ניטאָ, זעה איך?

**אַניסיע.** ניטאָ נאָך.

**די קומאַ.** ער וואָלט שוין באַדאַרפט זיין. צי איז ער אין אונזער שיינק ניט פאַרפאָהרען? די שוועסטער מיינע האָט געזאָגט: שליטענס שטעהן דאָרט, מאַמיטשקע מיינע, אָהן אַ שיעור.

**אַניסיע.** אַניוטקע, הערסטו אַניוטקע!

**אַניוטקע.** האַ?

**אַניסיע.** טהו, טאָכטער, אַ לויף אין שענק. טאָמער דאָרט. אַ קשה אויף אַ שכר'ען מענשען.

אניוטקע. (שפּרינגט אַראָפּ פונ'ם אויבען אונ טהוט זיך אָן) באַלד לויף איך.
די קומא. אַקולינען האָט ער מיט זיך גענומען?
אניסיע. וואָסדען? ניט וואָלט ער אין שטאָדט ניט באַדאַרפט. צוליעב איהר געפונען זיך אַלע געשעפטען. מע דאַרף, זאָגט ער, אין באַנק געלט אָפּנעהמען. ס'אַליגען. אַלץ זי, די מויד.
די קומא. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) אָך־אָך־אָך, אַזאַ מעשה! (ס'איז שטיל).
אניוטקע. (ביי'ם טהיר) אונ אַז ער איז דאָרט, זאָל איך וואָס זאָגען?
אניסיע. טהו נור אַ קוק.
אניוטקע. איך וועל גיך אַ פליה טהון (זי געהט אַוועק).

# דריטער אַרויסגאַנג.

אַניסיע, מיטריטש אונ די קומאַ. (אלע שווייגען לאנג).

מיטריטש (טהוט אַ ברום) אָך, טאַטע זיסער, האַרציגער גאָט!
די קומא. (טהוט אַ ציטער). אוי טאַטעניו! ווער איז דאָרטען?
אניסיע. 'סאיז דער אַרבייטור, מיטריטש.
די קומא. אָך, מאַמיטשקע, האָב איך מיך דערשראָקען. כ'האָב גאַר פאַרגעסען אַז ער איז ביי אייך! ... וואָס האָב איך דיך געוואָלט פרעגען, ליובינקע, אַנ'אמת זאָגט מען, מחותנים זענען געווען אָנקוקען אקולינען?
אניסיע. (הערט אויף שפּינען אונ זעצט זיך צום טיש), יאָ, פון דידלאָווקע האָט מען עפּיס אַזוי ווי אָנגעהויבען, נור סע ווייזט אויס אַז זיי זענען עפּיס געוואר געוואָרען פונ'ם מיידעל. מע האָט אַ שמועס געטהון, אונ אַצינד הערט מען ניט. ווער וויל עס אַ מיידעל מיט אַ שם!

די קומאַ. אין פֿון זייעוקע, פֿון די ליזונעווס, איז קיינער ניט געוועןְ?

אַניסיע. יאָ, מע איז געוועןְ, נור ס'האָט זיך אויס געלאָזט מיט גאַר ניט אין שטוב צו זיך נעהמען זיי ניט.

די קומאַ. מע וואָלט זי באַראַפֿט חתונה מאַכען.

אַניסיע. ווי אין לעבען, טייערינקע. איך ווייס ניט, ווי איך וואָלט גאָט נעדיינקט איך זאָל זי פֿונ'ם שטוב פּטר'ן. זייער שווער, ליובינקע. איהם גליסט זיך ניט, אונ די מויד וויל אויך ניט. זיי האָבען זיך נאָך ניט אָנגעהוליט, זעהסטו.

די קומאַ. אָך־אָך־אָך, אַזאַ חרפּה! ווער וואָלט עס געגלויבט אַ שטיפּטאָטע!

אַניסיע. עך ליובינקע, פֿאַרדרעהט האָט מען מיך! אַזוי אַריינגעדרעהט אַז איך ווייס ניט, וואו איך בין אויף דער וועלט, אונ מוז נאָך שווייגען. פֿון גאָר ניט האָב איך נישט געוואוסט, איך האָב מיך אויף גאָר ניט גערינכט, אַזוי האָב איך חתונה געהאַט, אין זיי האָבען זיך שוין איינס דאָס אַנדערע דער־שמעקט! אַ'עס איז ביי זיי גרייט געוועןְ.

די קומאַ. אָך-אָך־אָך, אַזאַ מעשה, אַזאַ מעשה!

אַניסיע. וואָס ווייטער איז געוואָרען ערגער אונ ערגער. איך זעה, מע באַהאַלט זיך פֿאַר מיר. אָך, טייערינקע, זאָלסט וויסען מיין האַרץ, פֿאַרפֿוילט איז דאָס, אויף שטיקלאַך צעריסען! איך זאָל איהם ניט ליעב האָבען וואָלט נאָך אַנדערש געוועןְ. אונ אַצינד...

די קומאַ. איך פֿאַרשטעה, ליובינקע, דאַרפֿסט ניט רעדען.

אַניסיע. זאָלסט וויסען. האַרצעניו, וואָסער אַ וועהטאָג ס'איז פֿון איהם אַזוינס צו ליידען. אָך, ליובינקע, אַ וועהטאָג!

די קומאַ, מע זאָגט, דעם קוליק זשאַלעוועט ער אויך ניט.

אַניסיע. סע טרעפֿט זיך, טייערע, אַלץ טרעפֿט זיך. צו־פֿריהר פֿלעג ער מיך שכּר'ער־הייד ניט טשעפּען. פֿריהר אַז ער פֿלעג זיך אָנטרונקען איז ער פֿאָרט

שטילער געווען, איך בין ביי איהם ט׳א׳פּנים נאָך טייער געוועזן. איצט אַז ער שפּר׳ט זיך אָן קריכט ער אויף מיר, מיט די פֿיס וויל ער מיך צוטרעטען. אָדאָ ניט לאַנג האָט ער מיך אָנגענומען ביי׳ם צאָפּ בין איך קוים אַלעבעדיגע אַרויס פֿון זיינע הענד. און די מויד זאָלסט אַ קוק טהון — ערגער פֿון אַ שלאַנג. ווי טראָגט גאָר די ערד אַזאַ גיפֿט!

די קומא. אָך־אָך־אָך, ליובע מיינע, איך בעדוייער דיין לעבען, אַזוי ליידען פֿון אַ מענשען. אַ בעטלער אין שטוב גענומען, און ער זאָל דיר אַזוי דאָס בלוט צאַפּען! פֿאַר וואָס זעהסטו גאָר ניט, וואָס נעהמסטו איהם אין די הענד ניט?

אַניסיע. אָך נשמה מיינע, איך קען גאָר מיט מיין האַרץ ניט מאַכען. יענער מיינער, עליו־השלום, ווי סטראָגע ער איז געווען, פֿאָרט פֿלעג איך דרעהען, ווי איך האָב געוואָלט. און דאָ, מיט איהם, קען איך גאָר גיט מאַכען. ווי איך טהו אויף איהם אַ קוק, געהט מיר באַלד דאָס האַרץ אָפּ. איך האָב אַקיגען איהם קיין שליטא ניט. ווי אַ נאַסע הון געה איך אַרום.

די קומא. אָך, טייערינקע, ווייסטו וואָס איך וועל דער זאָגען, צו איז דאָס ניט אָפּגעטהון? מאַטריאָנע, זאָגט מען, באַשעפֿטיגט זיך מיט אַזוינע זאַכען. געוויס זי.

אַניסיע. איך קלעהר אויף דאָס דאָזיגע. אַזאַ וועהטאָג, אַזאַ וועהטאָג. סע מאַכט זיך, איך וואָלט איהם צוריסען, טהו איך אָבער אַ קוק אויף איהם, הויבט זיך די האַנד ניט אויף.

די קומא. פֿאַרשטעהט זיך, אָפּגעטהון. אַ גרויסע זאַך אַ הל מאַכען פֿון אַ מענשען? איך קוק נור אויף דיר,

טייערינקע, אין באַדיער דיך, וואו איז דאָס אַלדינג הינגעקומען?

**אַניסיע.** אוי. ליובינקע, נידריגער פֿונ׳ם גרעזועלע אין פֿעלד בין איך געוואָרען! אונ אויף איהר טהו נור אַקוק, אויף דער משוגענער אַקולינע. אַ דער רוח ווייסט וואָס, אַ פֿאַסקודנע מויד, אצינד טהו אַ קוק, פֿון וואַנען נעהמט זיך עס צו אַנ׳עזות׳ניצע. אויס געפוצט האָט ער זי ווי אַ פּריצה, אונ זי בלאָזט זיך, ווי אַ בולבע אויפ׳ן וואַסער. זי האָט זיך אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ, דער נאַר, אַך, זאָגט זי, בין דאָ אַ בעל־הביתטע, ס׳איז מיין שטוב, דער טאַטע האָט מיך פֿאַר איהם געוואָלט התונה מאַכען. אַ גיפֿט אין איהר געפֿונט זיך, זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטען. דער כעס הייבט אין איהר אָן זידען, רייסט זי די שטרוי פֿונ׳ם דאַך.

**די קומא.** נו, אַ לעבען ביי דיר, ליובע מיינע. מענשען זענען נאָך מקנה. רייך, זאָגט מען. געלד, זעה איך, ווישט קיין טרערען ניט אָפּ.

**אַניסיע.** אַוודאי איז דאָ אויף וואָס מקנה צו זיין. אַז־אָך אין וועה איז די יאָהר. דאָס גאַנצע געלט אין דר׳ערד אריין. אַ תל מאַכט ער דער־פֿון.

**די קומא.** צו פּראָסט ביסטו, זעה איך, הארצעניו. האָסט אַלץ פֿון די הענד ארויסגעלאָזט. דאָס געלד איז דאָך דיינס.

**אַניסיע.** אוי, נשמהניו, זאָלסט אַלדינג קענען ווייסען! איך האָב איין פֿעהלער געמאַכט.

**די קומא.** אויף דיין אָרט וואָלט איך גלייך צום איספּראַווניק געגאַנגען. סטייטש, דיין געלט, אונ ער מאָטעט עס. ער האָט קיין פּראַוו ניט.

**אַניסיע.** אויף אַזוינע זאַכען קוקט מען היינט ניט.

**די קומא** אָך ווייבעלע, איך קוק נור אויף דיר, ווי דו ביסט אָבגעשלאַפֿט געוואָרען.

אניסיע. ניטאָ קיין קרעפּטען, ליובינקע, שלאָף, ווי אַ פֿליג.
פֿאַרדרעהט האָט ער מיך, איך וויים אליין ניט
וואָס מע הויבט אָן. צו טהון ווער איז צו מיין לעבען!
די קוממא, דאַכט זיך מע געהט. (די טהיר עפֿענט זיך אויף, אַקים
געהט אַריין).

# פֶערְטֶער אַרויסגַאנְג.

## דִי פְרִיהְרִיגֶע אוּנ אַקִים.

אקים. (צלם׳ט זיך, ווייזט אָן די שטיוועל אונ טהוט זיך אוים). א גוטער
אָבענד זאָל איך זיין, אַ גוטער אָבענד, מוהמיניו.
אניסיע. אַ גוט יאָהר אייך, שווער. פֿון דער היים געהט
איהר?
אקים. איך קלעהר מיר, פֿאַרשטעהסטו, דאָס דאָזיגע, מען
דאַרף צום זיהנדעל אַריינגעהן, קלעהר איך. נאָך
וואַרעמעס בין איך אַרויסגעגאַנגען. ניט קיין קליינע
צייט, נור אַ שניי אַ גרויסער, דאָס דאָזיגע, שווער
צו געהן, זעהר שווער. אָט האָב איך מיך, דאָס
דאָזיגע, פֿאַרשפּעטיגט, פֿאַרשטעהסטו. נו, אונ דער
זוהן איז אין דר׳היים, אין דר׳היים, זאָג איך דער
זוהן, הייסט דאָס?
אניסיע. ניטאָ איהם, ער איז אין שטאָדט.
אקים. (זעצט זיך צום טיש) אַ בקשה האָב איך צו איהם, דאָס
דאָזיגע, אַ בקשה. איך האָב איהם הייסטאָס, דער־
צעהלט פֿון מיין איינגעשאַפּט, פֿאַרשטעהסטו, איך האָב
איהם געזאָגט. דאָס פֿערד איז ביי מיר, דאָס דאָזיגע,
געפּגרט ביי מיר דאָס פֿערד, ניט דאָ געדאַכט,
מע, דאַרף אַ פֿערדעל, דאָס דאָזיגע. אַ וואָסער
סע ניט איז פֿערדעל דאַרף מען אויסדרעהען. אָט בין
איך געקומען, דאָס דאָזיגע, צום זיהנדיל בין איך
געקומען, הייסטאָס.

אניסיע. יאָ, ער האָט מיר דערצעהלט. אָט וועט ער קומען וועט איהר רעדען. (זי געהט צום אויבען). עסט אָפּ וועטשירע ער וועט דערווייל אונטערפאָהרען.
מיטריטש, הערסטו מיטריטש, געה וועטשערע עסען.
מיטריטש. אָך, טאַטע זיסער, האַרציגער גאָט!
אניסיע. געה וועטשערע עסען.
די קומא. מע דאַרף געהן. אַ גוטע נאַכט (זי געהט אַוועק).

# פינפטער אַרויסגאַנג:

## אַקים, מיטריטש, און אַניסיע.

מיטריטש. (קריכט אַראָפּ) איך האָב מיך גאָר ניט אַרומגעקוקט... אַנשלאָפען געוואָרען. אָך טאַטע זיסער, גאָט האַרציגער! אַ גוטער אָוונט, פעטער אַקים!
אַקים. ע! מיטריטש! דו ביסט הייסטאָס, דאָס דאָזיגע?
מיטריטש. יאָ, בײ דײן זוהנדעל, בײ ניקיטען דין איך היינט.
אַקים. הערסטו! הייסטאָס בײ מיין זוהנדעל, דאָס דאָזיגע, דינסטו, בײ איהם, הייסטאָס!
מיטריטש. איך האָב אין שטאָדט געדינט בײ אַ קופּעץ. נו, האָב איך פאַרשכר'ט וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך, איצטער בין איך געקומען אהער אין דאָרף. קיין היים האָב איך ניט, נו, האָב איך מיך פאַרדינגען (ער גענעצט). אָך, טאַטע זיסער!
אַקים. נו, אין מיקישקע, דאָס דאָזיגע, אין מיקישקע, פרעג איך, דאָס דאָזיגע, וואָס טהוט? ער האָט עפּעס אַנ'אַנדער אַרבייט באַקומען וואָס ער האָט אַנ'אַר־בייטור גענומען?
אניסיע. וואָס פאַר אַנ'אַרבייט? פריהער פלעגט ער זיך אָבפאָרען, היינט לעגט איהם ניט די אַרבעט אין קאָפּ, אָט האָט ער איהם געדינגען.

מיטריטש. געלט איז דא, וואס געהט איהם אפ?

אקים. אט דאס, זעהסטו, איז שוין דאס דאזיגע, פאסקודסטווע, גאר פאסקודנע, דאס דאזיגע, דאס איז שוין שלעכט אז מע באלעוועט זיך, הייסט דאס!

אניסיע. א גוואלד, ווי ער האט זיך צובאלעוועט, גאר ניט אויס צוהאלטען.

אקים. אט דאס זאג איך טאקי, דאס דאזיגע. דו קלעהרסט ווי בעסער אונ סע לאזט זיך אויס, דאס דאזיגע, ערגער לאזט זיך אויס. אין ראסקיש ווערט מען א נישט, זאג איך, א נישט ווערט מען.

מיטריטש. פון ראסקיש ווערט אפילו א הונד משוגע. א פעט לעבען וועט צו גוטס ניט פיהרען. אט נעהם איך א שטייגער. אין שטאדט האב איך געלעבט א גוטען טאג, נו, בין איך דערגאנגען, ברודער, א סטעפעני. דריי וואכען דורך אנ'אנד גע'שכר'ט. אונ ווי אזוי מיינסטו! אין דיא גאסען זיך געוואלגערט, דיא לעצטע פלודערען דעם שענקער אוועק געגעבען. אויפ'ן סוף האב איך זאויפגעהערט, אז סע שוין ניט געוועזען פאר וואס. איצט האב איך זיך א נדר געגעבען, חאפט איהם דער רוח, דעם בראנפען!

אקים. אונ דיא אלטע דיינע וואו איז, דיין אלטע, פרעג איך?

מיטריטש. מיין אלטע, ברודער, איז אויף איהר מקום. זיא איז אין שטאדט, וואלגערט זיך אין דיא גאסען. א יפת תאר, זאלסט א קוק טהון. איין אויג אויס־געשלאגען, דאס אנדערע אונטערגעשלאגען, דיא צורה אויף א זייט אויסגדרעהט. אונ ניכטער, חאפט זיא דער בטל מאכער, ועסטו זיא קיין מאל ניט באגעגענען.

אקים. איי־איי! וואס זשע איז דאס אזוינס?

מיטריטש. אונ דו וואס האסט געוואלט? א סאלדאטקע... זיא איז באשטעלט אויף איהר ארט (אלע שווייגען).

אַקים. (צו אַניסיען) וואָס זשע, ער האָט עפּים אַוועק געפֿיהרט אין שטאָדט פֿאַרקויפֿען, ניקיטע? פֿאַרקויפֿען, פֿרעג איך, איז ער געפֿאָהרען עפּים?

אַניסיע. (גרייט צום טיש אין שטעלט הועטשירע) ניין, ליידיג געפֿאָהרען. נאָך געלט איז ער געפֿאָהרען, אין באַנק געלט נעהמען.

אַקים. (עסט וועטשירע) וואָס זשע? איהר ווילט עפּעס טהון מיט'ן געלד, וואָס איהר נעהמט עס? אַ געשעפֿט עפּים?

אַניסיע. ניין, דאָס געלד טשעפּען מיר ניט... נור אַ קערבליך 20 30. ביי אונז איז אויסגעגאַנגען, איז ער געפֿאָהרען נעהמען אין באַנק.

אַקים. נעהמען? וואָס זשע הייסטאָס, דאָס דאָזיגע, היינט נעהמען, מאָרגען נעהמען, וועט דאָס דאָזיגע, גאָר ניט בלייבען, הייסטאָס.

אַניסיע. דאָס איז אַהויץ. דאָס נעהמסטו, אונ דאָס געלט איז גאַנץ.

אָקים. ווי אַזוי זשע, הייסט דאָס, קומט עס אויס, דאָס דאָזיגע, גאַנץ זאָגסטו? דו נעהם אונ דאָס געלד איז גאַנץ? הייסט דאָס, שיט, דאָס דאָזיגע, מעהל שיט אין אַמבאר, אָדער אין וואָס, אונ נעהם דאָס דאָזיגע, דיא מעהל הייסט דאָס, וואָס זשע מיינסטו וועט זיא זיין גאַנץ, דאָס דאָזיגע? ניין, דאָס איז ניט דאָס דאָזיגע. ס'אַ שווינדעל, אַ שווינדעל זאָג איך. דו ווער גוט געוואר. הערסטו, גאַנץ! דו נעהם, הייסט דאָס, אונ דאָס געלט איז גאַנץ.

אַניסיע. איך בין אין דעם ניט קלאָר. יוואַן מאָיסיעיטש האָט אונז גע'עצה'ט. לעגט, זאָגט ער, אַריין דאָס געלט אין באַנק. סע וועט זיין גאַנץ, אונ פּראָצענט וועט איהר אַ חוץ האָבען.

מיטריטש. (אָבגעגעסען) יאָ, פֿעטער, דאָס איז אַנ'אמת, איך האָב אין שטאָדט געדינט ביי אַ קופּעץ. ביי זיי איז כסדר אַזוי, לייג אַריין דאָס געלד אין באַנק, ליעג

אויף דעם אויוועז, עס און טרינק און זייט קערבלאך.

אקים. נו, ברודער, דאָס איז עפּיס ניט דאָס דאָזיגע. דו, הייסט דאָס, נעהם; נו, אין זיי וואָס וועלען טהון; דאָס דאָזיגע, ביי וועמען וועלען זיי נעהמען?

אניסיע. דער באַנק גיט אַרויס.

מיטריטש. ניין, ניט דאָס. א נקבה, זיא קען עס ניט צוקייען. דו קוק אַ העך איך וועל דיר אין מויל אַריינלייגען. געדיינק. ביי דיר, אַ שטייגער, איז אַ פֿולער בייטעל, און ביי מיר, אַ שטייגער, געהט אונטער ווּעסנע. ניטאָ וואָס צו זייען, אָדער איך דאַרף פּאָדאַט אַריינטראָגען. ניטאָ וואָס. אָט, פֿאַרשטעהסטו מיך, קום איך צוגעהן צו דיר. אַקים, זאָג איך, גיב מיר אַ צעהנערעל ביז פּאָקראָוועָ. איך וועל אַראָפּ נעהמען די תבואה וועל איך דיר אָבגעבען און אַ דעסיאַטינע וועל איך דיר אָבשניידען פֿאַר אַ דאַנק. דו למשל, זעהסט, אַז איך האָב אַ שטיקעל פֿעל אויף דיא ביינער, אַ פֿערד, צו אַ בהמה. זאָגסטו מיר: מיט א דרייערעל, כּדומה, דאַרפֿסטו מיר אַבדאַנקען. ביי מיר היינגט דיא שטריק אויפ׳ן האַלז, איך קען מיך ניט אויסדרעהען. גוט, זאָג איך. און נעהם ביי דיר דאָס צעהנערעל, אָסען ברייננ איך דיר דיין צעהנערעל און אַ דרייערעל שינדסטו ביי מיר אַ חוץ אַראָפּ.

אַקים. אַ! דאָס דאָזיגע הייסט עס, וואָס אונזערע גוים רופען שוחד, הייסט דאָס, פּראָצענט, טרייף געלד, הייסט דאָס, וואָס ביי אונז נעהמט ווער ס׳האָט אין גאָט פֿאַרגעסען, דאָס דאָזיגע. ניין, דאָס רעד׳סטו ניט דאָס דאָזיגע, ניט גלייך זאגסטו, ניין.

מיטריטש. וואַרט אויס, באַלד וועסטו זעהן טאַקי דאָס אייגענע. געדיינק זשע, אַצינד הייסט דאָס האָסטו אזאַנ׳עסק אָפּגעמאַכט, האָסט ביי מיר אָבגעשינדען אַ שטיקעל הויט. און ביי אַ ניסיען כּדומה, ליגט

אומזיסט געלט. זיא האָט עס ניט וואוהין הינצוטהון. אַ ווייבל פֿאַרשטעהסטו זיא ווייסט ניט וואָס צו טהון. אָט קומט זיא צו דיר און זאָגט: ציי קען מען ניט, זאָגט זיא, מיט מיין געלט אויך, אַ געשעפֿטעל מאַכען? פֿיין, זאָגסטו, און נעהמסט ביי איהר דאָס געלד. דו וואַרטסט. זומער קום איך ווידער צו דיר. גיב, זאָג איך, מיר נאָך אַ צעהנערל איך וועל דיר מיט דאַנק אָפּגעבען. טהוסט דו אַ קוק: אויב איך האָב נאָך אַ שטיקעל פֿלייש אויף דיא ביינער, שינדען איז דאָ וואָס, גיסטו מיר אַניסיעס געלד. זעהסטו אָבער אַז דיא קעשינע איז ביי מיר פּוסט, איך שטאַרב שוין פֿון הונגער, זאָגסטו מיר, געה דיר געזונטערהייט. און זיכּסט אָפּ אַנ'אַנדערען און גיסט אי דיין געלד אי אַניסיעס און שינדסט יענעם אָפּ די הויט. אָט דאָס הייסט אַ באַנק. אַזוי געהט עס אַרום אין אַרום. ס'אַ קלייניקייט, האַ? חיטרע, ברודער.

**אקים.** (צוהיצט זיך) ווייס איך וואָס דו רעדסט! ס'איז, הייסט דאָס, דאָס דאָזיגע, פּאַסקודסטווע, פּאַסקודסטווע הייסט דאָס. דאָס טהוען אונזערע גוים, דאָס דאָזיגע, דיא גוים טהוען אַזוינע זאַכען און רעכענען עס אויך פֿאַר אַנ'עבירה. גאָט האָט, דאס דאָזיגע, פֿאַר באָטען האָט דאָס דער אויבערשטער, זאָג איך. פּאַסקודסטווע. סטייטש געלעהרענטע זאָלען, דאָס דאָזיגע?...

**מיטריטש,** עהע, ברודער, ס'איז ביי זיי דער בעסטער געשעפֿט. אָט געדענק זשע. ווער ס'איז אַ טיפּוש אָדער סע מאַכט זיך אַ נקבה, וואָס פֿאַרשטעהט ניט וואָס מע טהוט מיט געלד, אָט טראָגט ער עס באַלד אין באַנק, און זיי זאָלען, זיי עסען פּיסגע העלזלך מיט יוך, דרעהען מיט דעם און שינדען די הויט וועמען סע פּאָפּאַדיט. אַ קלייניקייט, האַ?

אקים. עך! איך באַדאָווער שוין, דאָס דאָזיגע, אָן געלד איז, דאָס דאָזיגע, שלעכט און מיט געלד, איז דאָס דאָזיגע, נאָך ערגער. הערסטו, דער אויבערשטער הייסט אַרבייטען אונ דו האָסט אַריינגעלעגט דאָס געלד האָסטו אַריינגעלעגט, זאָג איך, אין באַנק אין שלאָף רוהיג, דאָס געלד וועט דיך, דאָס דאָזיגע, האָדעווען אומזוסט. פּאַסקודסטווע, פּאַסקודסטווע הייסטאָס, ניט אַזוי האָט גאָט געבאָטען.

מיטריטש. הערסטו... גאָט האָט ניט געבאָטען! אויף דערויף קוקט מען היינט ניט. מע שינט אָפּ די הויט ביז דיא ביינדעלאַך, ריין, פֿאַרשטעהסטו, ווי אַ קאַץ לעקט אַ טעלער אויס. אַזוי איז דאָס, ברודער לעב.

אַקים. (מיט אַ רעכץ) אָך, אָך, אָך, צייטען! אָדאָ אין שטאָדט האָב איך שוין באַדאָווערט, דאָס דאָזיגע, וואָס מענשען, הייסטאָס, האָבען דערקלעהרט. דיא נוזשניקעס מיין איך. ריין, זאָג איך, ציכטיג דאָס דאָזיגע, אויסגעפּוצט, גלאַט, ווי אין אַ טראַקטיר. נור וואָס קומט אַרויס, דאָס דאָזיגע... אָן גאָט האָט מען פֿאַרגעסען, פֿאַרגעסען אין גאָט, מיר געדענקען ניט דעם אויבערשטען, מע געדענקט ניט. אַ דאַנק דיר, טאָכטער, פֿאַר וועטשירע, אַ שיינעם דאַנק דיר. זאַט, גאָט זיין דאַנק, קאָנטעט. (ער געהט אַרויס פונ'ם טיש, מיטריטש קריכט אויפ'ן אויווען).

אַניסיע. (ראַמט פון טיש אונ עסט בעת מעשה). אפשר וועט איהם דער טאַטע אויסגעמוסרט. אַ בזיון דערצעהלען.

אַקים. וואָס זאָגסטו?

אַניסיע. גאָר ניט, איך רעד צו זיך

# זעקסטער אַרויסגאַנג.

## די פרידהריגע און אַניוטקע (זיא געהט אריין)

אַ קים. אַ, טעכטערעל קליינס. אַלץ לויפסטו. ביסט גוט דערפרוירען?

אַ ניוטקע. אַ גוואַלד וואָסער אַ פראָסט. אַ גוט נאָוועגט, זיירעניו.

אַ ניסיע. נו, ניטאָ דאָרטען?

אַ ניוטקע. ניין, ניטאָ. אַדריאַנען האָב איך געזעהן, זאָגט ער: אין שטאָדט האָט ער זיי געזעהן, אין טראַקטיר. דער טאַטע, דערצעהלט ער, איז שכור אַ גוואַלד.

אַ ניסיע. ביסט הונגריג, געה עסען.

אַ ניוטקע. (אַניוטקע געהט צום אויוון) נו, אַ כראָסט אַ גוואַלט. אַז שואַשפערעס זענען מיר פאַרגאַנגען. (אַקים טהוט אויס די שטיוועל. אַניסיע וואַשט דאָס געפעס).

אַ ניסיע. וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגען, שווער... מאַרינקע ווייסט איהר ניט לעבט נישקשה?

אַ קים. יאָ נישקשה. זיא לעבט פיין, הייסט דאָס. אַ ווייבעלע איז זיא, דאָס דאָזיגע, אַ קלוגינס, אַ סמירנע ווייבעלע הייסטאָס. זיא סטאַרעט זיך. נישקשה פון אַ ווייבעלע, דאָס דאָזיגע, אַ וואהל ווייבעלע, אַנ׳אשת חיל הייסטאָס, אַ גוטינקע, דאָס דאָזיגע, אַ צנועה. נישקשה פון אַ ווייבעלע, הייסטאָס, אַ וואהלינקע.

אַ ניסיע. און דאָס האָט איהר ניט געהערט, שווער, מע זאָגט, פון אייער דאָרף רעדט מען אַקולינען אַ שידוך, טאַקע מיט מאַרינקעס מאַן אַ קרוב? איהר האָט גאָר ניט געהערט?

אַ קים. דיא מיראָנעווס מיינסטו אַוודאי? יאָ, דיא ווייבער האָבען עפּיס געשמועסט. נור איך האָב מיך ניט צו געהערט. איך קען דיר אַקוראַט ניט זאָגען, דאָס

דאָזיגע. דיא אַלטע האָט עפּיס געזאָגט, נור איך
געדענק דיר ניט, דאָס דאָזיגע, וואָס דיר צו זאָגען.
אונ דיא מיראָנעווס זענען, דאָס דאָזיגע, פֿיינע
מענשען, זאָג איך, נישקשה פֿון מענשען, פֿיינע.

אַ נ י ס י ע. איך וויים שוין גאָר ניט, ווי מען מאַכט זי גיכער חתונה.

אַ ק י ם. וואָס איז דען?

אַ נ י ו ט ק ע. (הערט זיך צו) מע איז צו געפֿאָהרען.

אַ נ י ס י ע. נו, בעסער זיי ניט טשעפּע, (זא וואַשט דאָס געפּיס אונ קערעוועט ניט אום דיא קאָפּ)

# זיבּעטער אַרויסגאַנג.

## די פֿריהריגע אונ ניקיטע.

נ י ק י ט ע. אַניסיע, אַלטע, קוק אַהער! ווער, זאָג, איז געקומען? (אַניסע הויבּט אויף די אויגען, קערעוועט זיך אָפּ אונ שווייגט).

נ י ק י ט ע. (שטרענג) ווער איז געקומען, זאָג! האָסט פֿאַרגעסען?

אַ נ י ס י ע. גענוג שוין, געה אריין.

נ י ק י ט ע. (נאָך שטרענגער) ווער איז געקומען? פֿרעג איך.

אַ נ י ס י ע. (געהט צו אין נעהמט איהם פֿאַר דער האַנד) נו, מיין מאַן איז געקומען. געה שוין אַריין אין שטוב.

נ י ק י ט ע. (ריהרט זיך ניט פֿונ'ם אָרט) אָט אַזוי זשע רעד, דער מאַן איז געקומען. אונ ווי אַזוי רופֿט מען דעם מאַן זאָג?

אַ נ י ס י ע. געה שוין געה. מיקיטע הייסט ער, נו געה שוין.

נ י ק י ט ע. אַזוי זשע רעד, מורלאָ! זאָג ווייטער, ווי רופֿט מען איהם נאָכען טאַטען?

אַ נ י ס י ע. אקימעטש. נו שוין!

נ י ק י ט ע. (אַלץ ביי דער טהיר). ניין, דו זאָג די פֿאַמיליע.

אַ נ י ס י ע. (לאַכט אונ שלעפּט איהם פאַר דער האַנד). טשיליקען איז זיין פֿאַמיליע, נו שוין געה. אַ מענש שיכּר'ט זיך אָן.

ניקיטע. אָט אַזוי רעד (ער האלט זיך באַם טהיר). ניין, דו זאָג מיר נאָך אַצינד, מיט וואָסער אַ פּים טריט טשיליקין אין שטוב אַריין?

אַניסיע. געגוג וועט זיין, דו לאָזט אַריין אַ קעלט.

ניקיטע. ניין, זאָג, מיט וואָסער אַ פּים טריט אַריין טשיליקין. נעפרעמענע זאָלסטו זאָגען.

אַניסיע. (צו זיך), ווערסט זיך שוין פון איהם ניט אָפּטשעפּען. מיט דער לינקער, נו. געה שוין אַריין בעט איך דיך.

ניקיטע. אָט אַזוי רעד.

אַניסיע. מהו בעסער אַ קוק, ווער זיצט דאָ.

ניקיטע. א! דער טאַטע איז דאָ. וואָס זשע, אַ טאַטע איז אַ טאַטע. מיט'ן גרעסטע'ן פאַרגניגען. אַ טאַטען קענען מיר דעם שענסטען כבוד אָבגעבען. אַ גוט נאָוענט דיר, טאַטעניו (ער גיט איהם די האַנד).

אקים. (נעהמט ניט די האַנד). זעהסטו, וואָס בראָנפּען מאַכט פון אַ מענשען. פאַסקודסטווע!

ניקיטע. בראָנפּען? זאָגסטו, יאָ, אַנ'אמת, געחאַפּט אַ כוסה, מיט אַ גוטען ברודער. סע מאַכט זיך.

אַניסיע. געה לעג זיך, צי וואָס.

ניקיטע. אַלטע! זאָג, וואו שטעה איך.

אַניסיע. גוט גוט, געה לעג זיך אַנידער.

ניקיטע. ניין, איך וויל נאָך מיט'ן טאַטען טעה טרינקען. שטעל אונז דעם סאַמעוואַר. שטעל. אַקולינע! וואו ביסטו דאָרט? געה אַריין.

# אַכְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִיא פְּרִיהֶרִיגֶע אוּנ אַקוּלִינֶע.

אקולינע (אויסגעפוטצט, געהט צו מיט דער פּאָקופּקע צו ניקיטען) האָסט אַלרינג צו וואָרפען אין שליטען. וואו איז די וואָל?

ניקיטע. דיא וואָל? זי איז דאָרטען אין שליטען. הערי מיטריטש, וואו ביסטו דאָרט? שלאָפסט? גערה שפאַן אוים.

אקים. זעהט ניט אַקולינען, ער קוקט אויפ׳ן זוהן) זעהסט וואָס אַ שבור׳ן מענשען פאַלט איין. דער אַלטער האָט זיך, דאָס דאָזיגע, אָנגעהאָרעוועט נעבאַך, געמעלייצעט, אונ ער האָט זיך אָנגעזשליקאָעט. שפאַן אוים! טפו, פאַסקודסטווע!

מיטריטש. (קריכט אַראָפ פונ׳ם אויווען טהוט אָן די וואַלינקעס) אָך טאַטע זיסער, גאָט האַרציגער! דאָס פערד איז אויפ׳ן הויף? גוט מסתמא געטריבען. זעהסט ווי ער האָט זיך אָנגעטרינקען, מיט א ווערך. אָ! גאָטעניו זיסער, טאַטע האַרציגער (ער טהוט אָן דעם פעלץ אין געהט אַרויס).

ניקיטע. (זעצט זיך). נו, טאַטע, דו האָב קיין פאַריבעל ניט. כ׳האָב אוים געטרינקען, דאָס איז אָמת; געחאַפּט אַ גלעזעל משקה. וואָס זאָל מען טהון, א הון, ווייסטו, טרינקט אויך. אָמת זאָג איך, צו ניין? אונ דו דאַרפסט קיין פאַריבעל ניט האָבען. נישקשה, מיטריטש וועט זיך ניט באַליידיגען, ער וועט אויסשפאַנען, נישקשה.

אַניסיע. אַנ׳אָמת טאַקע שטעלען דעם סאַמעוואַר?

ניקיטע. שטעל, שטעל. דער טאַטע איז געקומען, איך וויל מיט איהם שמועסען, כ׳וועל מיט איהם א גלאָז טעה טרינקען. (צו אַקולינען) די סחורה האָסטו אינגאַנצען ארויסגענומען?

אקולינע. די סחורה? מיינס האָב איך אַרויסגענומען, דאָס איבריגע ליגט דאָרטען אין שליטען. אָט דאָס נאַ דיר, ס׳איז ניט מיינס (זי וואַרפט אויף דעם טיש אַ קלומעקעל אונ לייגט אַריין די סחורה אין קאַסטען. אַקים קוקט ניט אויף ניקיטען. ער לייגט אויף דעם אויווען די שטיוועל מיט די אָנוטשעס).

אַנִיסיע. (געהט מיט'ן כאמעט־אַר אין הויז) דער קאַסטען איז אַזוי אויך פֿול, האָט מען נאָך אָנגעקוויפּט.

# נַיינטֶער אַרויסגַאנְג.

## אַקִים, אַקוּלִינֶע, אַנְיוּטְקֶע און נִיקִיטֶע.

ניקיטע. (מאַכט אַ ניכטערן פּנים) דו, טאַטעניו, דאַרפֿסט אויף מיר קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען. דו מיינסט אַודאי, איך בין שכּור? ניין, איך פֿאַרשטעה אַלדינג. אויס־געטרינקען האָב איך, דאָס איז אמת נור דער שכל דינט מיר נאָך. איך קען, טאָמער ווילסטו מיט דיר אַלדינג שמועסען. איך געדיינק אַלעס. וועגען געלט האָסטו מיר געזאָגט, דאָס פֿערד איז ביי דיר געפּגר'ט. איך געדיינק, ווי דען. ס'איז ניט קיין גרויסע זאַך, ס'איז ביי אונז אין דער האַנד. אָט האָסטו אַ צעהנערעל. ווען דו זאָלסט ביטען אַ גרויסע סומע, וואָלט געווען גאָר אַנ'אַנדער עסק, מע וואָלט בעדאַרפֿט וואַרטען. און אַזא קליינינקייט איז ביי אונז אין די הענד. אָט האָסטו אַ צעהנעריל, נעהם.

אַקים. (פֿאָרעט זיך מיט די האָנטשעס) עך ברודער, טהו אויף זיך אַ קוק!

ניקיטע. אַקעגען וואָס זאָגסטו עס? מיט אַ שוכּר'ן מענשען פֿיהרט ניט מען קיין שמועסען. קום בעסער טעה טרינקען. מיין ניט אַז איך בין שכּור, איך קען אַלדינג פֿאַרשטעהן, וואָס דו ווילסט.

אַקים. עך־עך־עך!

ניקיטע. דאַרפֿסט אַ צעהנערעל, אָט נעהם דיר, קויף דיר אַ פֿערד. אַ טאַטען טאָר מען ניט פֿאַרלאָזען, אַ טאַטען וועל איך קיין מאָל ניט פֿאַרלאָזען. נאַ, נעהם! גאָר פּראָסט, אַ טאַטען זשאַליווע איך ניט (ער גיט אַקימען געלד, אַקים נעהמט ניט).

ניקיטע. (טהוט איהם אַ האַפּ פֿאַר דער האַנד) נעהם, זאָג איך, אַז איך גיב דיר! נעהם איך זשאַליווע ניט.

אַקים. איך וועל ביי דיר ניט נעהמען! אונ רעדען קען איך מיט דיר ניט, פֿאַר שטעהסטו. דעם צלם אלהים האָסטו, דאָס דאָזיגע, פֿאַרלאָרען האָסטו דעם צלם אלהים!

ניקיטע. נעהם, זאָג איך דיר! איך וועל דיך ניט אָפּלאָזען, נעהם! (ער שטופּט אַקימען דאָס געלט אין די הענד).

## צעהנטער אַרויסגאַנג.

### דיא פֿריהריגע אונ אַניסיע.

אַניסיע. (געהט אַריין אונ שטעלט זיך אָב) בעסער נעהמט שוין, שוועער. ער וועט זיך ניט אָפּטשעפּען.

אַקים. (נעהמט דאָס געלט, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) עך, דער בראָנפֿען, וואָס ער מאַכט פֿונ'ם מענשען.

ניקיטע. אָט אַזוי איז בעסער. וועסט אָפּגיבען איז גוט, וועסט ניט אָפּגיבען, לאָז דיר וואל באַקומען. אָט אַזאַ מענשעלע בין איך, כ'האָב פֿיינט זשאַליוועען. (ער דערזעהט אַקולינע). אַקולינע! ווייז נאָר די מתנות.

אַקולינע. וואָס?

ניקיטע. די מתנות ווייז, זאָג איך.

אַקולינע. די מתנות? וואָס איז פֿאַר אַ ווייזען? כ'האָב זיי שוין באַהאַלטען.

ניקיטע. נעהם אַרויס, זאָג איך. אַניוטקע וועט אַ קוק טהון. ווייז, זאָג איך, אַניוטקען. ווייז דאָס שאַלכען, ווייז אַ העהר.

אַקים. סע נודעט קוקען (ער קריכט אויפ'ן אייוועען).

אַקולינע. (נעהמט אַרויס די פּאָקופּקעס אין לייגט אויפ'ן טיש) נו, וואָס איז דאָ דאָ צו זעהן?

אַניוטקע. אַך, וואָסער אַ שאַלכען! ניט ערגער פֿון סטעפֿאַנידעס.
אַקולינע. סטעפֿאַנידעס? וואו קומט סטעפֿאַנידעס צו דעם (זי רעדט לעבעדיג אונ צושפרייט דאָס שאַלכען). טהו אַ קוק אויף דער סחורה, אַ פֿראַנצויזישע.
אַניוטקע. אונ דער ציץ. אַך, וואָסער אַ שיינקייט! ביי מאַשוטקען איז דאָ אַזוינער, נור ווייסער אַ ביסעל מיט אַ גרינעם קווייט. שיין ווי גאָלד, אַ גוואַלד עס נעהמט אָפּ אַנ'אויג!
ניקיטע. אַ־האַ, אונ דו וואָס מיינסט? (אַניסיע געהט ברוגז אין קלאַ־אָווקע, זי קעהרט זיך אום מיט'ן קוימען, מיט דער טאַץ אונ געהט צו צום טיש).
אַניסיע. וואָס האָט איהר זיך צוליגט וואָס? נעהמט צו.
ניקיטע. אַניסיע! טהו נור אַ קוק אַהער.
אַניסיע. וואָס זאָל איך קוקען? וואָס האָב איך דאָ ניט געזעהן? נעהם צו! (זי וואַרפֿט אַראָפּ מיט דער האַנד דאָס שאַלכען).
אַקולינע. וואָס וואַרפֿסטו זיך? וואַרף דיינס! (זי הויבט אויף).
ניקיטע. אַניסיע! זעה נור!
אַניסיע. וואָס זאָל איך זעהן וואָס?!
ניקיטע. דו קעהרסט מיינען אַז איך האָב אָן דיר פֿאַרגעסען? טהו נור אַ קוק (ער ווייזט אַ פּעקיל אונ זעצט זיך אויף דעם). דאָס איז דיר אַ מתּנה, נור דאַרפֿסט פֿאַרדינען. אַניסיע! זאָג, וואו זיטץ איך?
אַניסיע. גענוג וועט זיין מיך מוטשען. איך האָב פֿאַר דיר קיין מוראָ ניט! פֿאַר וועמעס געלט הוליסטו מיינסטו, פֿאַר וועמעס געלט קויפסטו דער פֿאַציאָרע דיינער מתּנות? פֿאַר מיינס!
אַקולינע. נו יאָ, ס'פֿאַרשטעהט זיך דיינס. האָסט דאָס געוואָלט אַוועקגנב'ען, נור סע ניט אויסגעקומען. אַוועק פֿונ'ם וועג! לאָז! (זי וויל דורכגעהן אין צהוט אַ שטופּ אַניסיען).

אניסיע. וואס שטופסטו? איך וועל דיך א שטופ-טהון וועסטו קלאבען אלע צעהן.
אקולינע. דו מיך? א נו פריוו נור.
ניקיטע. נו, גענוג וועט זיין, ווייבער, גענוג, זאג איך! (ער שטעלט זיך צווישען זיי).
אקולינע. זי קריכט נאך, בעסער וואלט זי שוין געשוויעגען אונ וויסען וואס זי וויסט. דו מיינסט מע ווייסט ניט?
אניסיע. וואס ווייסט מען? זאג וואס ווייסט מען? זאג וואס ווייסט מען?
אקולינע. ס'איז שוין מיין עסק וואס איך וויים.
אניסיע. בעסטיע! מיט א פרעמדען מאן לעבסטו.
אקולינע. אונ דו האסט דיינעם אומגעבראכט.
אניסיע. (וואר־פט זיך צו אקולינען) לעבען זאלסט אזוי!
ניקיטע. (האלט זי צו) אניסיען, האסט פארגעסען?
אניסיע. וואס סטראשעסט דו מיך? איך האב פאר דיר קיין מורא ניט!
ניקיטע. וואן! (ער טהוט זי א דרעה אונ שטופט זי ארויס).
אניסיע. וואוהין וועל איך געהן? איך וויל ניט געהן פון מיין שטוב.
ניקיטע. וואן, זאג איך, דיין פיס זאל דא ניט זיין!
אניסיע. איך וועל ניט געהן, (ניקיטע שטופט זי, אניסיע וויינט אונ שרייט, זי האלט זיך ביי דער טהיר) גוואלט! וואס איז דאס? פון מיין שטוב ווארפט מען מיך ארוים. וואס טהוסטו דא מערדער איינער? דו מיינסט אז ס'איז גאר פון דיר קיין עלטערם ניטא. ווארט!
ניקיטע. נו-נו!
אניסיע. איך וועל צום סטאריאסטע געהן, צום אוריאדניק וועל איך געהן!
ניקיטע. וואן, זאג איך דיר, ארויס!
אניסיע. (פון יענער זייט טהיר) איך וועל מיך אויפהענגען.

# עֶלְפְטֶער אַרויסגַאנְג.

## נִיקִיטֶע אַקוּלִינֶע, אַנְיוּטְקֶע אוּנ אַקִים.

**ניקיטע.** נו-נו! האָב קיין מורא ניט.

**אניוטקע.** אָ-אָ-אָ מאַמיטשקע מיינע טייערע, אוי מאמעניו הארציגע (זי וויינט).

**ניקיטע.** הערסטו, שטאַרק דער שראָקען האָב איך זיך, געפונען דאָס יונגעלע. (צו אַניוטקען) אונ דו וואָס וויינסט? זי וועט קומען, האָב קיין מורא ניט. טהו אַ קוק צום סאַמעוואר (אַניוטקע גיעהט אַרויס).

# צְוֶועלְפְטֶער אַרויסגַאנְג:

## נִיקִיטֶע, אַקִים, אַקוּלִינֶע.

**אקולינע.** (נעהמט צוניף די מתנות אין לעגט זיי צוניף). זעהסט אַנ׳עזות׳ניצע. דאָס שאַלכּען פאַרפאַטשקיט! וואַרט צו, די קאָפּטע איך וועל איהר צו שניידען, כ׳זאָל אַזוי לעבען, אויף ברעקליך צורייסען!

**ניקיטע.** נו, איך האָב זי אַרויסגעטריבען, וואָס דאַרפסטו נאָך?

**אקולינע.** די נייע שאַל האָט זי אויסגעפאַטשקיט! אַזא הונד! זי זאָל ניט געווען אַוועקגעהן וואָלט איך איהר די אויגען געווען אַרויסגעריסען, דעם טייוועל!

**ניקיטע.** גענוג וועט זיין! וואָס ביסטו אין כּעס? ווען איך זאָל זי ליעב האָבען...

**אקולינע.** ליעב האָבען! סע דאָ וועמען! אַ רויטער פּנים. זאָלסט זי דעמאָלט געווען אַרויסטרייבען וואָלט גאָר ניט געוועזן. די שטוב איז אַלס-איינס מיינע, אונ

דאָס געלד איז אויך מיינס. זי מיינט אויף דר'אֱמת, אַז זי איז אַ בעל־הבית'טע. וואָסער אַ ווייב איז זי דעם מאַן? אַ דושעגובקע איז זי, ניט קיין ווייב. זי וועט מיט דיר דאָס־אייגענע טהון.

ניקיטע. אַך, אַ ווייבערשען צונג וועסטו מיט גאָר ניט איינשטילען! וואָס בילסטו, ווייסט אַליין ניט וואָס.

אקולינע. ניין, איך ווייס וואָס איך רעד. איך וויל מיט איהר ניט לעבען, איך וועל זי פונם שטוב אַרויס־טרייבען! זי קען ניט זיין מיט מיר אין איין שטוב! אויך אַ בעל־הבית'טע. ארעסטאַנטסקי פּנים איז זי, ניט קיין בעל־הבית'טע!

ניקיטע. נו, גענוג שוין! וואָס דאַרפסטו זיך מיט איהר טהיילען. דו קוק ניט אויף איהר, דו קוק אויף מיר, איך בין אַ בעל־הבית. וואָס איך וויל, אַ דאָס טהו איך. זיא האָב איך ניט ליעב, דיך האָב איך ליעב. וועמען איך וויל דעם האָב איך ליעב מיט אַנ'עק. אַ דאָ איז זי ביי מיר (ער ווייזט אויף די פיס)! עך, ניטאָ די האַרמאָניקע! (ער זינגט).

אויפ'ן טיש שטעהט דאָס פלעשעל,
לעבען איהם די גלעזלאַך.
ביז מיר לעבען לאָמער הולען,
אַז מע שטאַרבט באַגראָבט מען,
ביז מיר לעבען הולין מיר
אונז אין קבר שלאָפען מיר,
אויפ'ן טיש שטעהט דאָס פלעשל,
לעבען איהם די גלעזלאַך.

~~~~~~~~
~~~~~~~~

# דְרַײצֶעטֶער אַרױסגַאנְג.

די פריהריגע אונ מיטריטש (ער געהט אריין אונ קריכט אויפ'ן אויווען.)

מיטריטש. ווידער זיך צופּאַטשט די ווייבער, צודראַפּעט זיך. אָך! טאַטע זיסער, האַרציגער גאָט!

אַקים. (זיצט אויפ'ן עק אויבען, אונ טהוט אָן די אָנוטשיס) קריך, קריך אין ווינקעל אָדאָ איז וואַרעם.

מיטריטש. (קריכט) אַלץ קענען זיי זיך ניט צוטהיילען, אָך, טאַטע זיסער!

ניקיטע. (צו אַקולינען) נעהם אַרויס ווישניאַק, מיר וועלען טעה טרינקען.

# פֶערְצֶעטֶער אַרױסגַאנְג.

די פריהריגע אונ אַניוּטְקַע.

אַניוּטקע. (צו אַקולינען) דער סאַמערוואַר וועט אויסלויפען.

ניקיטע. די מאַמע וואו איז?

אַניוּטקע. זי שטעהט אין הויז, זי וויינט.

ניקיטע. עהע! נו רוף זי אין שטוב אריין. לאָז זי דעם סאַמעוואַר אַריינטראָגען. אַקולינע שטעל קאָהר גלעזער.

אַקולינע! גלעזער? באַלד. (זי שטעלט גלעזער אויפ'ן טיש).

ניקיטע. (נעהמט אַרויס ווישניאַק, בייגעלאַך אין הערינג). אָט דאָס, הייסטאָס, איז מיינס, דאָס איז דער אַלטער וויל, גאַז שטעהט דאָרט אין הויז. אונ אָט איז דאָס געלט. וואַרט, (ער נעהמט דעם סטשאָט) באַלד וועל איך באַרעכענען (ער וואַרפט אויפ'ן סטשאָט) ווייצענע מעל אַכט גריוונעס, אייל..., דעם טאַטען אַ צעהנערעל. טאַטע! קום טעה טרינקען. (ס'איז שטיל, אַקים זיצט אויפ'ן אויווען אונ וויקעלט די אָנוטשים).

# פּוּפְּצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִיא פְרִיהֶרִיגֶע אוּנ אַנִיסְיֶע.

אַנִיסיע. (טראָגט אַריין דעם סאַמעוואַר). וואוּ זאָל איך אנידער שטעלען?

ניקיטע. שטעל אויפ'ן טיש. נוּ, ביסט שוין געקומען פוּנים סטאַרעסטע? עהע, רעדען רעד, נוּר דעם צוּנג ביים ניט אָפּינוּ, געננג ברוגז זיין. זעטץ דיך אונ טרינק. (ער גיסט איהר אָן אַגלעזעל ווישניאַק) נאַ, אָט איז דיין מהנה, נעהם (ער גיט איהר דאָס פעקיל וואָס ער איז געזעסען אויף דעם, אַניסיע בעהמט אוּן שאָקעלט מיט'ן קאָפּ).

אַקים. (קריכט אַראָפּ אוּנ טהוּט אָן דעם פּעלץ, ער געהט צוּ צוּם טיש אין לייגט אַנידער דאָס געלט) נאַ דיר דיין געלט. באַהאַלט.

ניקיטע. (זעהט ניט דאָס פאָזשיטעל) וואוּהין קלאָבסטוּ זיך, וואָס דוּ האָסט זיך אָנגעטהוּן?

אַקים. איך וועל געהן, געהן וועל איך, הייסטאָס, האָט קיין פאַריבעל ניט (ער נעהמט די היטעל מיט'ן גאַרטעל).

ניקיטע. אָט האָסטוּ דיר אין מיטען דרענין! וואוּהין וועסטוּ געהן ביי נאַכט?

אַקים. איך קען ניט, דאָס דאָזיגע, אין דיין שטוּב, דאָס דאָזיגע, קען איך ניט זיין. איך קען ניט, איך קען ניט! האָט קיין פאַריבעל ניט.

ניקיטע. וואוּהין געהסטוּ אַוועק פוּן טעה?

אַקים. (גאַרטעלט זיך אוּנטער). איך וועל געהן, געהן וועל איך, דאָס דאָזיגע. וואָרוּם ס'איז ניט גוּט ביי דיר מיקישקע, דאָס דאָזיגע, אין שטוּב איז ניט גוּט ביי דיך, פאַרשטעהסטוּ. שלעכט לעבסטוּ מיקישקע, לעבסט שלעכט, זאָג איך. איך וועל געהן.

ניקיטע. גענוּג וועט זיין שמוּעסען, זעטץ דיך טעה טרינקען.

אַניסיע. וואָס טהוט איהר עס, שווער אַ בזיון פֿאַר מענשען. ווער האָט איך אָבידיט?

אקים. מיך האָט קיינער ניט אָבידיט, דאָס דאָזיגע, קיינער האָט מיך ניט אָבידיט. נור, פֿאַרשטייהסטו, דאָס דאָזיגע, איך זעה אז סע פֿאַרפֿאַלען, הייסטאָס, מיין זוהן איז פֿארפֿאַלען, פֿאַרפֿאַלען מיין זוהן, זעה איך!

ניקיטע. וואָס פֿאַרפֿאלען? דו בעוויז.

אקים. פֿאַרפֿאַלען, פֿאַרפֿאַלען ביסטו, אינגאַנצען פֿארפֿאַלען, מיקישקע. וואָס האָב איך דיר זומער געזאָגט?

ניקיטע. מאַלע האָסטו זומער געזאָגט, האָסט אַסך געזאָגט!

אַקים. פֿון דער יתומה האָב איך דיר געזאָגט, דאָס דאָזיגע, פֿון דער יתומה. דו האָסט אָבידיט די יתומה, מארינען האָסטו אָבידיט.

ניקיטע. אָט וואָס ער האָט זיך דערמאַנט! דאָס איז אַן'אַלטע מעשה.

אַקים. אַן'אַלטע, זאָגסטו? ניין, ברודער, דאָס איז ניט אַלט, ניין! איין זינד שלעפּט נאָך זיך די אַנדערע, אַן'עבירה ציהט נאָך זיך די אַנדערע. אונ אַצינד, מיקישקע, ביסטו טיעף אין די זינד פֿאַרזינקען, טיעף טיעף ליגסטו אין זינד, מיקישקע!

ניקיטע. זעטץ זיך טעה טרינקען, אונ אַנ'עק זאָל דאָס האָבען!

אַקים. איך קען ניט, דאָס דאָזיגע, איך קען ביי דיר ניט טרינקען, איך קען ניט! דיינע זינד שטינקען מיר. סע נודעט מיך, דאָס דאָזיגע, דיינע זינד נודען מיך, מיקישקע. איך קען ניט, דאָס דאָזיגע, איך קען מיט דיר ניט טרינקען.

ניקיטע. עך! ניטאָ וואָס צוהערען! געה צום טיש אונ אַנ'עק זאָל דאָס נעהמען.

אקים. דו האָסט זיך אין רייכקייט ווי אין אַ מין נעץ, דאָס דאָזיגע, פֿאַרפּלאָנטעט האָסטו זיך אין רייכקייט,

אָך , מיקישקע , די נשמה דאַרף זיין ריין !

ניקיטע . וואָסער אַ פראַוו האָסטו מיך אין מיין שטוב זידלען !
וואָס האָסטו זיך אויף דר'אמת צו־געטשעפּעט ?
אַ יונגעלע בין איך דיר , צי וואָס ? היינטיגע
צייטען געהט עס ניט !

אַקים . יאָ , איך האָב טאַקע געהערט אַז היינט רייסט מען ,
דאָס דאָזיגע , טאַטעס רייסט מען פאַר דער באָרד .
נור ס'איז ניט , דאָס דאָזיגע , ניט צו גוטען איז דאָס .

ניקיטע . (ברוגז) מיר לעבען , ביי דיר בעטען מיר ניט . דו
ביזט צו אונז געקומען ביטען אויף אָרעמקייט .

אַקים . דיין געלט ? דיין געלט אָט ליעגט עס . אַ נדבה וועל
איך בעטען , דאָס דאָזיגע , אין די הייזער וועל איך
געהן אונ ביי דיר וועל איך ניט נעהמען !

ניקיטע . גענוג שוין בעט איך דיך . אונ וואָס איז פאַר אַ רוגז !
פאַרשטערסט נור די קאָמפּאַניע (ער האַלט איהם פאַר
דער האַנד) .

אַקים . (מיט אַ קוויטש) לאָז , זאָג איך דיר ! איך וועל דאָ ניט
בלייבען . בעסער אונטער'ן פּליט נעכטיגען ווי דאָ
אין דיין בלאָטע . טפו ! גאָט זאָל ניט שטראָפען
פאַר די זינד ! (ער געהט אַוועק) .

## זעכצעטער אַרויסגאַנג .

### די פריהריגע אָהן אַקימען .

ניקיטע . אָט האָסטו דיר .

## זיבעצעטער אַרויסגאַנג .

### די פריהריגע אונ אַקים .

אַקים . (עפענט די טהיר) . ניקיטע ! נעהם זיך צום שכל , זוהנו .
רייניג אָפּ די נשמה ! (ער געהט אַוועק) .

# אַכטצֶעטֶער אַרויסגַאנְג.

## נִיקִיטֶע, אַקוּלִינֶע, אַנִיסְיֶע, אוּנ מִיטְרִיטְש.

אקולינע. (נעהמט די גלעזער) אָנגיסען טעה? (אַלע שווייגען).
מיטריטש. (טהוט אַ ברום) אָך טאַטע זיסער, גאָטעניו הארציגער! (אַלע טהוען אַ ציטער).
ניקיטע. (לייגט זיך אויף דער באַנק). אָך סקוטשנע איז מיר, סקוטשנע! אַקולינע! וואו איז די האַרמאָניקע.
אקולינע. די האַרמאָניע? הערסט, ער האָט זיך דערמאַנט. דו האָסט זי דאָך אָבגעגעבען פאַריכטען. גיעה, איך האָב טעה אָנגעגאָסען. גיעה טרינקען.
ניקיטע. איך וויל ניט קיין טעה. פאַרלעשט די ליכט. אָך איז מיר סקוטשנע, אוי סקוטשנע איז מיר! (ער וויינט).

**דער פאָרהאַנג פאַלט.**



# פירטער אקט.

## אין דעם אקט שפילען דיעזע פערזאנען.

ניקיטע.
מאטריאנע.
אניסיע.
אניוטקע.
מיטריטש.
א שכנה.
א קומא.
אמחותן.

# פירטער אקט.

אָסען אויף דער נאַכט. די לבנה שיינט. די סצענע שטעלט-פאָר א הויף. פון דער רעכטער זייט אַ וואַרמע האַלבע שטוב, פון דער לינקער — אַ קאַלטע אונ אַ קעלער. אין שטוב הערט מען אַ געשריי פון שכור'ע מענשען. די שכנה געהט אַרויס פונ'ם הויז אונ רופט מיט'ן פינגער אַניסיעס קומאַ.

## ערשטער אַרויסגאַנג.

### די שכנה, אונ די קומאַ.

די שכנה. דו ווייסט ניט, פאַר וואָס זעהט מען דאָס עפּיס אַקולינען ניט.

די קומאַ. פאַר וואָס מע זעהט זי ניט? זי וואָלט אוודאי געוואָלט אַרויסגעהן, נור זי קען נעבאַך ניט. די מחותנים זענען געקומען די כלה אָנקוקען אונ זי, מאַמעניו מיינע האַרציגע, ליגט אין חאָלאָדנע אונ קען נעבאַך קיין אויג ניט ווייזען.

די שכנה. אונ וואָס איז דאָס מיט איהר אַזוינס געשעהען?

די קומאַ. מע זאָגט אַ גוט אויג. דער בויך.

די שכנה. וואָס רעדסטו?

די קומאַ. געווים, וואָס-דען מיינסטו? (זי רוימט איהר עפּעס אין אויער).

די שכנה. וואָס רעדסטו? אָך, וואָס סע מאַכט זיך. אַזא זינד! די מחותנים זאָלען חלילה ניט געוואָר ווערען.

די קומאַ. וואָס געוואָר ווערען, טייערינקע! אַלע שכור ווי לאָט, זיי שלאָגען זיך מעהר אום נדן, מע גיט

אַ שיינע פויטעקע דער מויר. צוויי פעלצען, מאַמעניו מיינע, זעקס העמדער, אַ טערקישע שאַל, לייווענט, זאָגט מען, אַסך, און געלד, אויך ביי ר' קאָרבען, רעדט מען.

**די שכנה.** נו, טייערינקע, ביי אַזאַ חרפה וועט קיין נדן, מיין איך, ניט איינגעהן. אַזאַ בושה!

**די קומאַ.** ש־ש־ש. דער מחותן דאַכט זיך. (זיי ווערען אַנשוויגען און געהען אַריין אין הויז).

## צווייטער אַרויסגאַנג.

### דער מחותן (געהט אַרויס פון שטוב אין שליקערצט).

**דער מחותן.** אָך, דערשוויצט געוואָרען. הייס ווי אין אַ באָד. מע דאַרף זיך אַביסעל אָבקיהלען. (ער שטעהט און בלאָזט פון זיך) איך וויים אַליין ניט וואָס... עפּים איז דאָס ניט דאָס... עפּים פרייט עס מיך ניט... לאָז שוין זיין ווי די אַלטע וועט זאָגען.

## דריטער אַרויסגאַנג:

### דער מחותן, און מאַטריאָנע.

**מאַטריאָנע.** (געהט אַרויס פון הויז) און איך פרעג, וואו איז דער מחותן, וואו איז דער מחותן? און דו טייערינקער, ביסט דאָ גאָר. נו, מחותעניו, וואָס זאָגסטו? אָ דאַנק גאָט שיין, פיין, ווי גאָט האָט געבאָטען. איך האָב מיך פיינט ליבען, נור אַזוי ווי איהר האָט געמיינט צו גוטען, אַזוי וועט טאַקע גאָט העלפען אַז איהר וועט דאָס גאַנצע לעבען דאַנקען. אַ כלה גלויב מיר אַ סטעלניק. אַזאַ מיידיל וועסטו אין דער גאַנצער סביבה ניט געפינען.

דער מחותן. יאָ, נור דאָס נדן...

מאַטריאָנע. אַך, ליובינקע, פֿון געלד רעד גאָר ניט. וואָס דער טאַטע האָט געלאָזט, דאָס וועט איהר ביז אַ דענעשקע אָבגעגעבען ווערען. היינטיגע צייטען ק"ן קאַרבען. עפּיס אַ ווערטעלע!

דער מחותן. יאָ, קיין טענות האָבען מיר ניט. נור פֿאָרט אַנ'אייגען קינד, ס'ווילט זיך ווי בעסער.

מאַטריאָנע. איך זאָג דיר, מחותן, דעם הייליגען אמת. ווען ניט איך וואָלסטו אין לעבען אַזוי ניט געטראָפֿען. פֿון די קאָרמילינס ווייסטו איז מען אויך געוועזן, מע האָט געשנאָרט. האָב איך מיך שוין איינגעשפּאַרט: נור דיך אונ דיך. אונ וועגען געלד זאָג איך דיר דעם גאַנצען אמת, אַז דער טאַטע איהרער, עליו השלום האָט אָנגעזאָגט פֿאַר'ן טויט אַז די אַלמנה זאָל נעהמען ניקיטען אין שטוב, וואָרום איך ווייס, פֿאַר שטעהסטו, אַלדינג פֿונ'ם זוהן, אונ דאָס געלד האָט ער איבער געלאָזט דעם מיידיל אויף נדן. אַנ'אַנדערער וואָלט עס אַריינ־געלייגט אין קעשענע, אונ מיין זוהן האָט אָבגעגעבען ביז אַ קאָפּיקע. אַ ווערטעלע אַזא געלד!

דער מחותן. מענשען זאָגען, אויף איהר איז מעהר געלד געבליבען. דיין זוהנדיל איז אויך ניט קיין פּראָמאַך!

מאַטריאָנע. אַך טאַטעניו מיינער הארציגער! דו ווייסט ניט: אין פּרעמדע הענט איז דער ביסען גרוים. וואָס ס'איז געבליבען דאָס גיט מען אָפּ. דו וואַרף אַוועק אַלע מחשבות, פֿאַרקניפּ שטאַרקער אונ לאָז זיין אַנ'עק. אַ מיידיל־אַ יאָדער.

דער מחותן. יאָ, נור סע אונז קשה מיט דער אַלטער פֿונ'ם מיידיל, וואָס געהט זי ניט אַרוים. טאָמער איז זי אַ קראַנקע?

מאַטריאַנע. עך וואָס דו רעדסט, אַ קראַנקע. אַ מיידיל אַ פֿאַרגניגען, אויסגעגאָסען, וועסט זי ניט

אײנשטשיפּען. און אַרבײטען אַרבײט זי פֿאַר
דרײ. אַביסעל טױבלאַך איז זי, דאָס איז
אָנ׳אמת, נור, װי מע זאָגט, דער װאָרעם מאַרט
דאָס זיסע עפּעלע ניט ביטער. און װאָס געהט
ניט אַרױס, איז דאָס פֿון אַגוטאױג, טײערינקער
אַפּילא אָפּגעטהון... איך װײס... װאָסער אַ כלב
סע האָט דאָס געטהון. מע האָט געװאוּסט, פֿאַר
שטעהסטו, אַז מע װעט זי קומען אָנקוקען, האָט
מען איהר אָפּגעטהון. איך װײס אָבער װי אָפּ־
שפּרעכן, מאָרגען װעט זי אױפשטעהן אַ געזונדע.
קלעהר גאָר ניט פֿונ׳ם מײדעל.

דער מחותן. יאָ, מסתּמא װעלען מיר זיך צונױפגעהן.

מאַטריאָנע. אָדאָס זאָג איך טאַקי: פֿאַרקניפּ, קלעהר גאָר
ניט, סאַ זיװוג זאָג איך דיר, און מיך װעסטו,
האָף איך, ניט פֿאַרגעסען, װעסט מיר מסתמא
באַצאָהלען פֿאַר מײן טרחא.

דעם מחותנ׳ס װײב פֿונ׳ם הויז אױב פֿאָהרען איז
פֿאָהרען, יװאַן! װאו ביסטו דאָרט? קום פֿאָהרען.

דער מחותן. באַלד, אָט געה איך. (ער געהט אַװעק, אין הויז
זעהט מען אַסך מענשען, די מחותּנים פֿאָהרען אַװעק).

# פֶערְטֶער אַרױסגַאנְג.

## אַנִיסְיָע און אַנְיוּטְקָע.

אַניוטקע. (לױפט אַרױס פֿונ׳ם הױז און װינקט צו אַניסיען) מאַמעניו!

אַניסיע. (פֿונ׳ם הױז) װאָס איז?

אַניוטקע. מאַמעניו, קום אהער. מע װעט דערהערען,
(זי געהט מיט אַניסיען אונטער׳ן סאַראַי).

אַניסיע. נו, װאָס איז? װאו איז אַקולינע?

אַניוטקע. אין אַמבאַר איז זי, מאַמעניו, װאָס זי טהוט דאָרט
איבער, אַ גװאַלד! איך קען ניט אױסהאַלטען, זאָגט

זי. איך וועל שרייען, זאָגט זי, איך וועל ניט אויסהאַלטען. זי מוטשעט זיך אַזוי, מאַמעניו!

**אַניסיע.** נו, נו, זי וועט אַביסעל צו וואַרטען. מע דאַרף די געסט באַלייטען.

**אַניוטקע.** אוי, מאַמעניו טייערע, ס'איז איהר שלעכט. אַ גוואַלד. זי קען זיך ניט אײַנהאַלטען. זי איז אין כעס. אומזיסט, זאָגט זי, פאַרכּנס'ן זיי מיך. איך וועל ניט חתונה האָבען, איך וועל שטאַרבען, זאָגט זי. מאַמעניו, טאָמער וועט זי שטאַרבען! מאַמעניו! איך האָב מורא, טייערינקע.

**אַניסיע.** האָב ניט מורא, זי וועט ניט שטאַרבען. דו געה ניט אהין (אַניסיע אונ אַניוטקע געהן אַוועק).

# פִינְפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

מיטריטש (אליין, ער געהט פוג'ס טויער און נעהמט צונויף די היי.

**מיטריטש.** אָך, טאַטע זיסער! דער בראָנפען וואָס מע האָט דאָ אויסגעזשלאָקעט! אזש אין הויף שטינקט. ע! לאָז ער געהן צום טייוועל, איך וועל איהם אָן מויל ניט נעהמען. זעהסט וויפיל היי זיי האָבען דאָ צו־וואָרפען. א חל געמאַכט פון אַ בינדעל. עך! געהן זאָל ער צו אַלדע רוחות דער בראָפען ווי ער קריכט אין נאָז אַריין. (ער גענעצט). צייט שלאָפען... ס'ווילט זיך אין שטוב ניט געהן דער רויך שלאָגט אין נאָז. (מע הערט ווי מע פאָהרט אַוועק) שוין אַוועק געפאָהרען. אָך, גאָט זיסער! אָבגענאַרט איינס דאָס אַנדערע, די אויגען פאַרבלנזעט. אונ אַלץ פוסטע מעשיות.

## זֶעקְסְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

### מִיטְרִיטְש אוּנ נִיקִיטֶע.

ניקיטע. (געהט אַריין). מיטריטש! געה שלאָפֿען. איך וועל אַליין צונויפֿנעהמען.

מיטריטש. נו, נעהם צונויף. פֿאַרגעס ניט גיבען די שאָף. באַלייט שוין די געסט?

ניקיטע. באַלייט. סע געהט עפּיס ניט. איך וויים אַליין ניט, וואָס מע טהוט.

מיטריטש. יא, אַ פֿאַסקודנע מעשה. איך מיין, אין וואָס־פיטאַטעלנע איז בעסער פֿון אַלדינג. דאָרט איז דאָס פשוט. וואַרף עס אונטער אוּנ זיי נעהמען עס באַלד צו, מע פֿרעגט ניט, מע נעהמט וויפֿיעל דו ווילסט; זיי גיבען נאָך געלד אויך, אַבי דו ווילסט אַנ'אָם זיין. היינט איז דאָס אריין אין דער מאָרע.

ניקיטע. זעה, מיטריטש, ווען וואָס, זאָלסטו קיין איבריגעס ניט פּלאַפּלען.

מיטריטש. מיין דאגה. פֿאַרקער דעם סליד ווי דו ווייסט דיר. עך! דער דוך ווי ער געהט פֿון דיר... מע דאַרף געהן שלאָפֿען. (ער געהט אַוועק) אָך טאַטע זיסער, הארציגער גאָט.

## זִיבֶּעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

**נִיקִיטֶע.** (אַליין, ער שווייגט לאַנג, זעצט זיך אויפ'ן שליטען).

ניקיטע. נו, מעשיות!

# אַכְטֶער אַרוֹיסגַאנְג

## נִיקִיטֶע און אַנִיסְיָע.

אניסיע (געהט אַריין) וואו ביסטו דאָרט?
ניקיטע. אָט בין איך.
אניסיע. וואָס זיטצטו? ניטאָ קיין צייט צו זיצען. מע דאַרף עס פּאַטר'ן,
ניקיטע. וואָס ווילט איהר טהון מיט דעם? בעסער וואָלט מען דאָס אין וואָספּיטאַטעלנע.
אניסיע. נעהם, אז דו ווילסט, און טראָג! אָנמאַכען ביסטו א קענער און רוימען דאָס פּאַסקודסטווע ביסטו קראַנק, זעה איך.
ניקיטע. וואָס זאָל איך טהון, זאָג?
אניסיע. איך זאָג דיר, געה אין קעלער, גראָב אַ גריב.
ניקיטע. בעסער וואָלט מען אַזוי ווי סע ניט איז.
אניסיע. (קרימט זיך איהם נאָך) „אַזוי ווי סע ניט איז" ווי סע ניט איז קען מען ט'אַפּנים ניט. וואָלסט פריהר באַדאַרפט טראַכטען, און איצטער געה וואו מע הייסט דיר.
ניקיטע. נו מעשיות, נו מעשיות!

# נַיינְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִיא פְּרִיהָרִיגֶע און אַנְיוּטְקֶע.

אניוטקע. מאַמעניו, די באָבע רופט דאָך. אוי, מאַמעניו! אקולינע האָט געקעהרט א קינדעלע האָבען, כ'זאָל אזוי לעבען, ס'האָט געשריגען!
אניסיע. וואָס ברעשעסטו דאָרטען, דער רוח זאָל דיך

נערטען! קעצלאַך קוויטשען דאָרט! געה אין שטוּב אריין און לעג דיך, ניט וועל איך דיר אַזוינס ווייזען.

**אַניוּטקע.** מאַמעניו, טייערינקע. כ׳זאָל אַזוי לעבען, כ׳זאָל פֿוּנ׳ם אָרט ניט אַוועק געהן..

**אַניסיע.** (הויבט אויף די האַנד) אָט וועל איך דיר!... אוּנ שטוּב געה, זאָג איך, דיין דוּך זאָל דאָ ניט זיין!

**אַניוּטקע.** (אַנטלויפֿט).

**אַניסיע.** (צוּ ניקיטען) געה מזהו וואָס מע הייסט דיר, ניט וועסטוּ זעהן, וואָס ס׳וועט זיין. (זי געהט אַוועק).

## צֶענְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

**ניקִיטֶע** (אליין, ער ויצט לאַנג אוּנ שווייגט).

**ניקיטע.** נוּ, געשעפֿטען!... אָך די ווייבער! אַנ׳אוּמגליק! וואָלסט פֿריהער, זאָגט זי, באַדאַרפֿט טראַכטען... ווען פֿריהר? וואָס טראַכטען? אַ דאָ זוּמער, אַשטייגער, האָט זיך די אַניסיע צוּ געטשעפעט. נוּ, אַ מאָנצַך בין איך, וואָס? דער בעל־הבית איז געשטאָרבען, האָב איך אלע עברות צוּגעדעקט, ווי סע דאַרף צוּ זיין. וואָס בין איך דאָ שוּלדיג? קאָרג מאַכען זיך אַזוינע מעשיות? און דאָ האָט זיך געמאַכט די מעשה מיט די פּראָשקעס. האָב איך זי דען אויף דעם אַרויפֿגעפֿיהרט? ווען איך וויים פֿון אַזוינע פּאַקעסטען וואָלט איך זי מיט מיינע הענד דערשטיקט, כ׳וואָלט דעם הוּנד מיט אַ מעסער דערשטאָכען. זי, די פּאַסקוּדניצע, האָט מיך דאָך אריינגעמישט אין דער מעשה. קוּקען קען איך אויף איהר פנים ניט פֿוּן דעמאָלט אָן. זייט די מאַמע האָט עס מיר דערצעהלט איז זי מיר נמאס

געוואָרען. בעסער וואָלטען מיינע אויגען זי ניט געזעהן די בעסטיע. גענואלט! ווי לעבט מען מיט אזא מענשען!... אָט האָט זיך אָנגעהויבען פון דעמאָלט אָן ביי אונז דאָס גוטע לעבען. אונ דאָ האָט זיך דאָס מיידיל אָנגעטשעפעט. אַלץ איינס. ניט איך איז אַנ'אַנדערער. אונ דאָ איז דאָס גאָר אַזוי אויסגעקומען. נו, וואָס בין איך שולדיג. אָך! געשעפטען! (ער זיצט פאַרטראַכט) ווי נעמט זיך נור דאָס סמיעלעסט צו די ווייבער? הער וואָס זיי ווילען טהון! פונ'ם אָרט וויל איך מיך ניט ריהרען. איך וועל ניט געהן אויף אַזוינע זאַכען!

# עֶלְעֶפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג:

ניקיטע אונ מאטריאנע (זי געהט ארויס מיט א לאמטערען אונ מיט א זאסטוג).

**מאטריאָנע.** וואָס זשע זיצטו, ווי א הון אויף דער סידעלע? וואָס האָט זי דיר געזאָגט? גרייט צו וואָס מע דאַרף.

**ניקיטע.** וואָס ווילט איהר טהון דאָרט?

**מאטריאָנע.** מיר ווייסען שוין וואָס צו טהון. דו טהו דיין זאַך.

**ניקיטע.** אוי, איהר וועט מיך אַריינדרעהען. פאַרפלאָנטען וועט איהר מיך...

**מאַטריאָנע.** ע, זוהניו, דו טראַכסט צוריק קריכען. אז סע געקומען אַזוינס געהסטו צוריק.

**ניקיטע.** ס'איז דאָך, מאַמע, א לעבעדיגע נשמה.

**מאטריאָנע.** נו, א לעבעדיגע נשמה! קוים וואָס די נשמה האלט זיך אין דעם. וואו וועסטו עס אינטהון? טראָג עס אַוועק אין וואָס פיטאַטעלנע, וועט עס סיי ווי שטאַרבען, אונ א שם וועט דער וויל ווערען.

בּאלד וועט מען ציטראָגען אויפ'ן דאָרף, און די
מויד וועט בלייבען זיטצען.

ניקיטע. און אז מע וועט דערוואוסען?

מאטריאָנע. וואָס רעדסטו, זוהנו! ביי זיך אין שטוב
אַזא געשעפט ניט אָפּטהון! מיר וועלען עס אַזוי
אָפּמאַכען, אַז ס'וועט קיין רויך ניט געהן, טהו נור
וואָס איך הייס. פֿאָרט ווייבער, אָהן אַ מאנזביל
איז שווער. געהם, זוהנו, דעם זאַסטופּ, געה
אַראָפּ אין קעלער, טהו וואָס מע דאַרף, איך וועל
דיר צו לאַכטען.

ניקיטע. וואָס זאָל איך טהון וואָס?

מאטריאָנע. (שטילער הייד) גראָב אויס אַ גריביל, מיר וועלען
עס ארויסטראָגען און וועלען גיך מאַכען אַנ'עק.
געה זשע, הערסט, זי רופט ווידער. געה גיבער,
זוהנו!

ניקיטע. מאמע, ס'איז שוין געשטאָרבען?

מאטריאָנע. פֿאַרשטעהט זיך געשטאָרבען. מע דאַרף נור
גיכער ענדיגען. דער עולם שלאָפט נאָך ניט. מע
קען דערזעהן, דערהערען. זי. די פּאָדלע, איז
אַלדינג גוט. נעכטען איז דער אוריאַדניק דאָ געוועזן.
געה, זוהנו, געה. נאַ דיר דעם זאַסטופּ (זי גיט
איהם דעם זאַסטופּ), געה אַראָפּ אין קעלער, דאָרט
אין ווינקיל גראָב אויס אַ גריביל. די ערד איז ווייך.
נאָכדעם וועסטו איינטאַפּטשען, וועסט פֿארגלייכען.
די ערד, ווייסטו, וועט קיינעם ניט דערצעהלען,
ווי א בהמה מיט'ן צונג וועט זי אויסלעקען, געה,
זוהנו, געה.

ניקיטע. אוי איהר וועט מיך פֿארפלאָנטען. געהט אייך צו
אַלדע... אויף מיין וואָרט, איך וועל אוועקגעהן,
טהוט אייך וואָס איהר ווילט.

# צווועלפטער אַרויסגאַנג.

## די פריהריגע און אַניסיע.

אַניסיע. נו, ער האָט שוין דאָ אויסגעגראָבען?
מאַטריאָנע. וואָס ביסטו אַוועקגעגאַנגען, וואו האָסטו עס אהין געטהון.
אניסיע. כ'האָב עס מיט א ראַגאָזשע צו גערעקט, מע זאָל ניט הערען. נו, און ער וואָס? אויסגעגראָבען?
מאַטריאָנע. ער וויל ניט געהן.
אניסיע. (טהוט אַ שפרונג מיט כעס) ער וויל ניט! און אין אָסטראָג לייז האָרעווען וויל ער! צום אוריאַדניק וועל איך געהן, אינגאַנצען וועל איך דערצעהלען. סיי ווי בין איך פאַרפאַלען. באַלד דער צעהל איך, באלד, אַלדינג.
ניקיטע (דערשראָקען) וואָס דערצעהלען?
אַניסיע. וואָס? אַלדינג וועל איך אויסזאָגען. ווער האָט דאָס געלט גענומען? דו! (ניקיטע שווייגט) ווער האָט סם געגעבען? איך האָב געגעבען, און דו האָסט געוואוסט! געוואוסט, געוואוסט האָסטו. אינאיינעם געטהון האָבען מיר, אינאיינעם.
מאַטריאָנע. גענוג שוין, זוהנו, וואָס האָסטו דיך אַיינגעשפּאַרט. מע דאַרף זיך מטרח זיין, וואָס זאָל מען טהון? געה ליובינקע, געה טייערינקער.
אַניסיע. זעהסט א צדיק האָט זיך געפונען, א ריינע נשמה! ער וויל ניט! טהו אַ קוק אויף איהם. ניין, גענוג האָסטו מיך געמוטשעט ביז אַהער. גענוג, גאַנץ גענוג. ביסט געפאָהרען אויף מיר רייטענדיג, אַצונד איז מיין צייט געקומען. געה זאָג איך דיר, ניט וועל איך אַזוינס טהון!... נאָ דיר דעם זאָסטוף, געה!

ניקיטע. וואָס האָסטו דיך צוגעטשעפּיט וואָס? (ער נעהמט דעם זאַסטופ אונ בלייבט שטעהן אויף'ן אָרט). כ'וועל ניט וועלען, וועל איך ניט געהן.

אניסיע. אַ, דו וועסט ניט געהן? (זי שרייט) גוואלד מענשען, גוואַלד, גוואַלד!

מאַטריאָנע. (פֿאַרמאַכט איהר דאָס מויל) משוגע ביסטו געוואָרען צו וואָס! ער וועט געהן... געה זוהנו, געה ליובּינקע.

אניסיע. דאָס גאַנצע דאָרף וועל איך אויפֿוועקען.

ניקיטע. גענוג וועט זיין, נו מענשען! גיכער אַביסעל, ריהרט זיך... טהוט וואָס איהר ווילט דאָרטען, אַלציינס... (ער געהט צום קעלער).

מאַטריאָנע. פֿאַרשטעהט זיך, זוהנו, אַזוי איז בעסער, מע מוז דאָך עפּיס טהון, צו דעקען די זינד...

אניסיע. (אַליץ אין כּעס) גענוג האָסטו מיך מיט דיין בעסטיע געמוטשעט, גענוג געליטען, ער אַצינד לאָז וויסען וואָס הייסט זיין אַ דושעהוּביץ, ניט איך נור אליין; ער וועט אַליין וויסען דעם טעם.

מאַטריאָנע. הער שוין אויף, וואָס האָסטו זיך צוכעס'ט. וואַרף אוועק, ווייבעלע, דעם כּעס, טהו שטילער־הייט פּאַמעליך, ווי בעסער. געה ווייבעלע צום מיידעל, געה. ער וועט שוין דאָ אַליין..(זי געהט צום קעלער מיט'ן לאַמטערען • ניקיטע קריכט אין קעלער).

אניסיע. ער וועט נאָך ביי מיר אַליין דעם ממזר זיינעם דעם פּאַגאַנעם דערשטיקען (אַליץ מיט כּעס). אויסגעמוטשעט האָב איך מיך פֿון פּיאָטר'ן די נשמה ביסליבֿווייס שלעפּענדיג! לאָז ער אַצינד וויסען, לאָז ער דעם טעם דערפֿיהלען! איך וועל אויף זיך ניט קוקען, איך וועל מיך מפֿקיר זיין, אונ ער זאָל וויסען!

ניקיטע. (פֿונ'ם קעלער) לייכט צו, צי וואָס.

מאַטריאָנע. (לייכט צו, צו אַניסיען) געה ברינג עס. ער גראָבט שוין.
אניסיע. שטעה דאָ, ניט וועט ער אנטלויפֿען, דער ליידאַק. איך געה, די רגע ברענג איך עס.
מאַטריאָנע, זעה נור, מע דאַרף עס הייליגען, פֿאַרגעס ניט ... אַז ניט לאָז מיך. אַ צלמ׳ל האָסטו?
אניסיע. איך וועל געפֿינען ... איך וויים ווי אַזוי (זי געהט אַוועק).

# דְרַייצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג :

## מַאטְרְיָאנֶע אַלֵיין, נִיקִיטֶע אִין קֶעלֶער.

מאַטריאָנע. אַרוים פֿון די כלים דאָס וויביל, אַ וויטיג איז דאָס טאַקי. נו, אַ דאַנק גאָט. לאָמיר דאָס געשעפֿט צו דעקען וועט עס נעהמען אַנ׳עק. מיר וועלען פּטר׳ן די מויד, ווי גאָט האָט געבאָטען, וועט זיך אָנהויבען אַ נייע לעבען. רוהיג, פֿיין. אַ שטוב, ניט פֿאַרזינדיגען, אַפֿולער בעכער. אַוודאי וועט ער מיך אויך ניט פֿאַרגעסען, דאָס זיהנדעל טאַקע... וואָס וואָלטען זיי געמאַכט אָהן מאַטריאָנען? צו וואָלטען זיי עפּעס אויסגע- קלעהרט? אָהן מיר גאָר ניט. (אין קעלער) פֿאַרטיג דאָרטען, זוהנו?
ניקיטע. (קריכט אַרוים, מע זעהט זיין קאָפּ). נו, וואָס שטעהט איהר דאָרט? טראָגט עס צו וואָס. טהון איז טהון.

# פִירְצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִי פְרִיהְרִיגֶע אוּנ אַנִיסְיֶע (מאַטריאָנע געהט צום הויז אונ באַגעגענט אַניסיען, אַניסיע געהט אַרויס מיט'ן קינד, ס'איז איינגעוויקעלט אין טריאַפּקעס).

מאַטריאָנע. נו האָסט עס געהיילעגט?

אַניסיע. יאָ, וואָסזשע? קוים האָב איך עס פון איהרע הענד אַרויסגעריסען. זי גיט עס ניט. (זי געהט צו צום קעלער אונ גיט עס אַז ניקיטען) נאַ!

ניקיטע. (וויל ניט נעהמען) טראָג עס אַליין.

אַניסיע. נעהם. זאָג איך דיר! (זי וואַרפט איהם דאָס קינד אין די הענד).

ניקיטע. (חאַפּט עס אונטער). אוי, מאַמעניו! אַ לעבעדיגס! מאַמעניו האַרציגע, סע ריהרט זיך אַ לעבעדיגס! וואָס וועל איך טהון מיט דעם?

אַניסיע. (חאַפּט אַוועק דאָס קינד פון זיינע הענד און וואַרפט עס אין קעלער) דערשטיק אים צו אַלדע שווארציאָהר, וועט עס ניט זיין לעבעדיג (זי טהוט אים אַ שטופּ אין קעלער) דיין ממזר, דערשטיק איהם!

מאַטריאָנע. (זעצט זיך אויף די טרעפּ) ס'איז איהם שווער נעבאַך אַ ווייך האַרץ ביי איהם אַ גוואַלד. נור וואָס זאָל מען טהון, אַליין שולדיג. (אַניסיע שטעהט ביים קעלער, מאַטריאָנע זיצט אויף די טרעפּ, קוקט אויף אַניסיען אונ שמועסט). ווי ער האָט זיך נעבאַך דערשראָקען. אוודאי שווער, נאָר וועסט גאָר ניט מאַכען, מע מוז. וואו וועסטו זיך אַ הין טהון? איך באַראָוועט שוין, אַ מאָל בעט אַ מענש קינדער אונ גאָט גיט ניט, טויטינקע ווערען זיי געבוירען. כּדומה די גלאַטע... אונ דאָ דאַרף מען עס ניט, איז אויף צולהכעיס לעבעדיג. (זי קוקט אויפ'ן קעלער) שוין געקעהרט אַ סוף מאַכען. (צו אַניסיען) נו, וואָס טהוט ער?

אַ נ י ס י ע. (קוקט אין קעלער) ער האָט עס מיט אַ ברעטעל צוּ־געדעקט און זיצט אויף דעם. אַוודאי אַנ׳עק.

מ אַ ט ר י אָ נ ע. אָך־אָך־אָך! אַוודאי ווילט זיך ניט זינדיגען, נור וואָס זאָל מען טהון.

נ י ק י ט ע. (קריכט אַרויס פונ׳ם קעלער, ער ציטערט, בלייך ווי די וואַנד) סע לעבט, מאַמעניו, סע לעבט. איך קען מעהר ניט, סע לעבט!

אַ נ י ס י ע. וואוהין זשע געהסטו, אַז סע לעבט? (זי וויל איהם אָפּשטעלען).

נ י ק י ט ע (וואַרפט זיך אויף איהר) אַוועק! איך וועל דיך קוילען! (ער חאַפּט זי פאַר דער האַנד, זי רייסט זיך אויס, ער לויפט איהר נאָך מיט׳ן זאַסטופּ. מאַטריאָנע לויפט איהם אַנטקעגען און שטעלט איהם אָפּ. אַניסיע אַנטלויפט אויפ׳ן דעם גאַניק, מאַטריאָנע וויל צוּנעהמען דעם זאַסטופּ).

נ י ק י ט ע. (אויף דער מאַמע) אַוועק! איך וועל דיך אויך הרג׳נען, אַוועק! (מאַטריאָנע אַנטלויפט צוּ אַניסיען אויפ׳ן גאַניק, ניקיטע שטעלט זיך אָפּ) אַוועקט! איך וועל אייך קוילען.

מ אַ ט ר י אָ נ ע. ס׳איז פון דער שרעק. נישקשה, ער וועט קומען צוּ זיך.

נ י ק י ט ע. גוואַלד! וואָס האָבען זיי עס געטהון מיט מיר, וואָס האָבען זיי געמאַכט פון מיר?! גוואַלד! ווי אַזוי סע האָט געקוויטשעט... די ביינדעלאַך האָבען געטרעשטשיט... וואָס האָבען זיי געטהון מיט מיר... סע לעבט, אויף מיין וואָרט סע לעבט (ער שווייגט און הערט זיך צוּ) סע קוויטשעט, הערסט, סע שרייט (ער לויפט צוּם קעלער).

מ אַ ט ר י אָ נ ע. (צוּ אַניסיען) ער געהט, ער וויל דאָס ט׳אַ פנים באַגראָבען, ניקיטע! טאָמער דיר צוּ לאַכטען?

נ י ק י ט ע. (ענטפערט ניט, שטעהט ביים קעלער און הערט זיך צוּ) מע הערט ניט, ס׳האָט זיך מיר אויס געוויזען (ער געהט אַוועק און שטעלט זיך אָפּ) גוואַלט! ווי אַזוי די ביינדעליך האָבין געטרעשטשעט... קר־קר... וואָס האָבען זיי עס

געמאַכט פֿון מיר (ער הערט זיך ווידער צו). הער, סע קוויטשעט ווידער... כ'זאָל אַזוי לעבען סע קוויטשעט. וואָסזשע איז דאָס, גוואַלד!... מאַמעניו, טייערינקע! (ער געהט צו צו מאַטריאָנען).

מאַטריאָנע. וואָס איז זוהנו?

ניקיטע. מאַמעלע, האַרציגע, ליובינקע, איך קען מעהר ניט! איך קען ניט לעבען אויף דער וועלט, מאַמעניו, האָב רחמנות אויף מיר. איך בין פֿאַרפֿאַלען.

מאַטריאָנע. אַך טייערינקער, האָסט זיך דערשראָקען. געה, געה, טרינק אוים אַ גלעזעל בראַנפֿען, נעהם אַביסילע פֿון היימישקייט וועגען.

ניקיטע. מאַמעניו האַרציגע, ס'איז מיר דערגאַנגען! וואָס האָט איהר מיט מיר געטהון! גוואַלד ווי אַזוי די ביינדעליך האָבען געטרעשטעט! ווי אַזוי סע האָט געקוויטשעט! מאַמעניו, האַרץ מיינס, וואָס האָט איהר מיט מיר געטהון? (ער פֿאַלט אַנידער אויפ'ן שליטען).

מאַטריאָנע. געה זוהנו, נעהם אַביסילע בראָנפֿען, ביינאַכט פֿאַרשטעהט זיך איז שמראַשנע. וואַרט, זוהנו, סע וועט אָפּגעהן, אין עטליכע טעג אַרום וועסטו אפילו ניט קלעהרען. האָב צייט. מיר וועלען דאָס מיידיל פּטר'ן, וועסטו פֿאַרגעסען אין אַלץ. געה טרינק עפּיס אוים, געה זוהנו, געה. איך וועל דאָ שוין אַליין אין קעלער ענדיגען.

ניקיטע. בראָנפֿען איז דאָרט געבליבען? טאָמער וועט ער מיר די געדאַנקען צושלאָגען, (ער געהט אין שטוב, אַניסיע שווייגט אונ טריט איהם אָפּ דעם וועג).

## פּוּפּצֶעטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

### מַאטְרַיָאנֶע אוּנ אַנִיסְיֶע.

מאַטריאָנע. געה, געה, טייערינקער, געה איך וועל דאָ

אַליין אָפּ אַרבייטען. איך וועל זיך אראָפּלאָזען, כ'וועל באַגראָבען. וואו האָט ער דאָ דעם זאַסטופּ אַ וואָרף געטהון? (זי זוכט אָפּ דעם זאַסטופּ אין לאָזט זיך אַראָפּ אין קעלער ביז האַלב), געה קעהר אַהער, אַניסיע, לאַכט צו.

אניסיע. אונ ער וואָס וועט טהון?

מאַטריאָנע. טשעפּע איהם ניט, ער האָט זיך דערשראָקען זעהר. ביסט צו איהם צו שטאַרק צוגעטרעטען, טשעפּע איהם ניט. ער וועט צו זיך קומען, איך וועל שוין אַליין ענדיגען. שטעל דאָ אַנידער דעם לאַמטערען, איך וועל שוין זעהן (מאַטריאָנע געהט אַראָפּ אין קעלער אין גאַנצען).

אניסיע. (קוקט אויף דער טהיר וואו ניקיטע איז אַוועק געגאַנגען) אַ! האָסט זיך דערשפּילט. ביסט געוועזען געציל, ברייט ביסטו געוועזען, אַצינד וואַרט, וועסט אַליין דער־פּיהלען דעם טעם. וועסט ווערען אַביסעל שמעלער.

## זעכצעטער אַרויסגאַנג.

### די פריהריגע אונ ניקיטע.

(שפּרינגט אַרויס פון'ם שטוב צום קעלער):

ניקיטע. מאַמעניו, מאַמעניו!

מאַטריאָנע. (שטעלט אַרויס דעם קאָפּ) וואָס איז, זוהנו?

ניקיטע. (הערט זיך צו) טשעפּע עס ניט, ס'איז לעבעדיג. דו הערסט ניט? סע לעבט, הער!.. סע קוויטשעט, הער!

מאַטריאָנע. וואָס קוויטשעט. דו האָסט דאָך דערפון אַ קאַשע געמאַכט. דאָס גאַנצע קעפּילע צוקוועטשט.

ניקיטע. וואָסזשע איז דאָס אַזוינס, גוואַלד, סע קוויטשעט! פאַרפאַלען מיין לעבען, פערפאַלען מיין וועלט! וואָס האָבען זיי געמאַכט פון מיר. וואו טהוט מען זיך אַהין? גוואַלד! (ער זעצט זיך אויף די טרעפּ).

דער פאָרהאַנג פאַלט.

# וואַריאַנט צום פֿירטען אַקט.

---

אויפ'ן אָרט פֿון דעם דרייצעטען, פֿערצעטען, פֿופֿצענטען און זעכזענטען ארויסגאַנג פֿונ'ם פֿירטען אַקט קען מען לייענען און שפּיעלען אויף דער סצענע דעם דאָזיגען וואַריאַנט.

נאָך דעם צוועלפֿטען אַרויסגאַנג, אַז ניקיטע איז שוין אין קעלער און אַניסיע געהט אַוועק אין שטוב נאָכ'ן צלמ'ל, לאָזט זיך אַראָפּ דער פֿאָרהאַנג. אַז ער הויבט זיך ווידער אויף שטעלט די סצענע פֿאָר פּיאָטר'ס שטוב פֿון דעם ערשטען אַקט. אַניוטקע אויסגעטהון ליגט אויפ'ן בעט צוגעדעקט מיט אַ פּעלץ. מיטריטש זיצט אויפ'ן פּיל אין ריעבערט ליולקע-ציבעך.

מיטריטש. אָך טאַטע זיסער! וואָסער אַ דוך זיי האָבען דאָ געלאָזט, עסען זאָלען זיי פּיסנע העלזליך מיט יוך. אומזיסט דעם בראָנפֿען געגאָסען. מיט טאַבאַק ניט צו פֿאַרשלאָגען. ער דרעהט אין נאָז האָטש טהו איהם אַ קריינק! אָך טאַטע זיסער, האַרציגער גאָט. מע דאַרף ט'אַפּנים געהן שלאָפֿען. (ער געהט צו צום לעמפּעל אין וויל פֿאַרדרעהען).

אַניוטקע. (טהוט אַ שפּרונג) זיידעניו, טייערינקער, פֿאַרלעש ניט, איך בעט דיך!

מיטריטש. אַ נייעס. וואָס איז עפּיס ניט פֿאַרלעשען?

אַניוטקע. מע דרעהט זיך דאָרטען אין הויף (זי הערט זיך צו); דו הערסט? מע געהט ווייטער אין אַמבאַר.

מיטריטש. אויך דיין געשעפֿט. מע פֿרעגט דיך ניט, ליג

אונ שלאָף. איך וועל פֿאַרדרעהן דאָס לעמפּיל. ווער אנשלאָפֿען.

אַניוטקע. זיידעניו, טייערער! פֿאַרלעש ניט אינגאַנצען. לאָז איבער אַ קאַפּיטשקע, איך האָב מוראָ.

מיטריטש. (מיט אַ שמייכיל) נו, גוט גוט (ער זעצט זיך נעבען איהר אויפ'ן בעט) וואָס האָסטו, נאַרעניו, מוראָ! זאָג, וואָס, פֿאַר א מורא איז קליין טיפּישעל.

אַניוטקע. אוי איך האָב מורא זיידעניו, זאָלסט געוועהן זעהן ווי אַזוי אַקולינע האָט זיך געשלאָגען מיט'ן קאָפּ אין קאַסטען. זיידעניו (שטילערהייד) דו מיינסט איך וויים ניט... ביי איהר וויל אַ קינדערלע געבאָרען ווערען. זי האָט שוין אַוודאי געהאַט.

מיטריטש. זעהסט אַ קונדעס, ציגען זאָלען דיך לעקען. אַלדינג דאַרף זי וויסען. לייג זיך און שלאָף (אַניוטקע לייגט זיך) אָט אַזוי (ער דעקט זי איין) אָט אַזוי נאַרעסיו. וועסט גיך אַלט ווערען, אַז דו וועסט אַסך וויסען. שלאָף.

אַניוטקע. אונ דו וועסט דיך לייגען אויפ'ן אויווען?

מיטריטש. ניט וואו דען? פֿאַרשטעהט זיך. נו, שלאָף שלאָף. אַ קליין מיידעלע דאַרף שלאָפֿען (ער דעקט זי נאָך אַ מאָל אַיין און הויבט זיך אויף) אָט אַזוי, ליעג'און שלאָף. (ער געהט צו צום אויוועןן).

אַניוטקע. ס'האָט איין מאָל אַ געשריי געטהון, אצינד הערט מען ניט.

מיטריש. אָך טאַטע זיסער, גאָט האַרציגער! וואָס הערט מען ניט, זאָגסטו?

אַניוטקע. דאָס קינדערלע הערט מען ניט.

מיטריטש. סע ניטאָ, הערט מען ניט.

אַניוטקע. אונ איך האָב געהערט, כ'זאָל אַזוי לעבען, כ'האָב געהערט. ס'האָט אַ געשריי געטהון, אַזוי דין־דין.

מיטריטש. אַסך זאַכען האָסטו געהערט. אונ אז געהערט איז וואָס? אַזא מיידילע ווי דו, וויסטו, אָט אַ קאָ

א בעטלער, אַ קינדער־שמייסער, אין טאָרבע גענומען
אונ הוטיו מיט איהר.

**אניוטקע.** וואָסער אַ קינדער־שמייסער, זיידע?

**מיטריטש.** אָט אַזוינער. (ער קריכט אוי פֿ'ן אויווען) אַ וואַרעמער
אויוועֶן היינט אַ מחיה. אָך, טאטע זיסער, האַרציגער
פֿאָטער!

**אניוטקע.** זיידעניו, דו וועסט ווערען אַנשלאָפֿען?

**מיטריטש.** וואודען טראַכסטו, לידלעך וועל איך זינגען?

**אניוטקע.** זיידעניו, הער זיידעניו! מע גראָבט. אויף מיין
וואָרט מע גראָבט, הערסט?

**מיטריטש.** וואָס קלעהרסטו אוים נאַרישקייט? מע גראָבט.
באַנאַכט גראָבט מען. ווער גראָבט? אַ בהמה קראַצט
זיך, אונ דו — מע גראָבט. שלאָף, זאָג איך, אַז
ניט וועל איך דעם קוניץ פֿאַרלעשען.

**אניוטקע.** האַלובטשיק, זיידעניו. פֿאַרלעש ניט, מעהר וועל
איך ניט, איך זאָל אַזוי לעבען... אַז איך וועל מעהר
ניט רעדען, סע שרעקט מיך עפּיס אַלץ.

**מיטריטש.** סע שרעק דיך. האָב קיין מורא ניט, וועט דיך
קיינער ניט שרעקען. אַז דו האָסט אליין מורא וועט
דיך אַלדינג שרעקען; ס'פֿאַרשטעהט זיך, אַזוי זאָל
דיך ניט שרעקען אַז דו האָסט מורא. אַ נאַרעניו
פֿון אַ מיידעל דו ביסט. (ס'איז שטיל, מע הערט אַ טשירקון).

**אניוטקע.** (שטילערהייט) זיידעניו! זיידעניו! דו שלאָפֿסט?

**מיטריטש.** וואָס איז ווידער?

**אניוטקע.** וואָס האָסטו געזאָגט אַ קינדער־שמייסער!

**מיטריטש.** אָט אַזוינע. אַז סע פּאָפּאַדיט זיך אַזוינער ווי דו
וואָס שלאָפֿט ניט קומט ער צוגעהן מיט אַ זאק אונ חאַפּט
זי אַריין אין זאַק אַריין. אונ אַליין קריכט ער אויך אַריין
אַ הינצו מיט'ן קאָפּ אונ הויבט אויף דאָס העמדעלע
אונ פּיצקעט אונ פּיצקעט וויפֿיעל סע קריכט אַריין.

**אניוטקע.** מיט וואָסושע שמייסט ער דאָרט?

**מיטריטש.** אונ מיט אַ בעזעם ווילסטו ניט?

אַניוטקע. אין זאַק איז דאָך פֿינסטער. ווי וועט ער זעהן?
מיטריטש. האָב ניט מורא, ער זעהט.
אַניוטקע. און איך וועל איהם אָנהויבען בייסען, אַז ער וועט מיך שמייסען.
מיטריטש. ניין, שוועסטער, איהם וועסטו ניט איינבייסען.
אַניוטקע. זיידעניו, אָט געהט עמיצער! אוי! זיידע, ווער איז דאָס? גוואַלד, מאַמע! ווער געהט דאָס?
מיטריטש. מע געהט, לאָז מען געהן. וואָס האָסטו מורא, נאַר, די מאַמע מסתמא געהט.

# צווייטער אַרויסגאַנג.

## די פֿריהריגע און אַניסיע (געהט אריין).

אַניסיע. אַניוטקע! (אַניוטקע ענטפֿערט ניט) מיטריטש.
מיטריטש. וואָס איז?
אַניסיע. וואָס ברענט איהר די נאַפֿט? מיר וועלען שלאָפֿען אין האָלאָדנע, פאַרלעש.
מיטריטש. איך האָב מיך ערשט אָבגעבריהט. אָט וועל איך פֿאַרלעשען.
אַניסיע. (זוכט אין קאַסטען און וואָרטשעט) אַז מע דאַרף, וועסטו קיין מאָל ניט געפֿינען.
מיטריטש. וואָס זוכסטו, זאָג, טאָמער ווייס איך?
אַניסיע. אַ צלם זוך איך, מע דאַרף עס הייליגען. סע קען נאָך שטאַרבען, גאָט בעוואַר, ניט קיין געהייליגטעס. ס'אַנ'עברה, מע טאָר ניט.
מיטריטש. ס'פֿאַרשטעהט זיך אָהן אַ פאָריאַדעק געהט עס ניט. נו, האָסט געפֿונען?
אַניסיע. יאָ, אָט איז ער, כ'האָב געפֿונען. (זי געהט אַרויס).

# דְרִיטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## מִיטְרִיטְשׁ אוּנ אַנְיוּטְקֶע.

מיטריטש. נו גוט, אַז ניט וואָלט איך מיינעם געגעבען. אָך, טאַטע זיסער!

אַניוטקע. (שפּרינגט אויף, ציטערט) אוי, זיידעניו! ווער ניט אנשלאָפֿען, טייערינקער. האָב אויף מיר רחמנות, איך האָב מורא.

מיטריטש. וואָס האָסטו מורא, נאַר איינע?

אַניוטקע. דאָס קינדערלע וועט שטאַרבען. ביי דער מוהמע מאריען האָט אויך די באָבע מאַטריאָנע געהייליגט, איז דאָס אויך געשטאָרבען.

מיטריטש. ס'וועט שטאַרבען, וועט מען עס באגראָבען.

אַניוטקע. אפשר וואָלט עס ניט געשטאָרבען, נור די באָבע איז דאָ. איך האָב געהערט וואָס זי האָט געזאָגט, כ'זאָל אַזוי לעבען. געהערט.

מיטריטש. וואָס האָסטו געהערט? שלאָף זאָג איך דיר, דעק צו דעם קאָפּ אונ שלאַף.

אַניוטקע. איך וואָלט זיך געשפּיעלט מיט דעם ווען סע זאָל לעבען, איך וואָלט עס געניאַנטשיעט.

מיטריטש. (ברומט) אָך טאַטע זיסער, גאָט האַרציגער!

אַניוטקע. זיידעניו! געדענקסט דאָס מיידעלע, וואָס דו האָסט דערצעהלט, האָט מען דאָך ניט יגעהרג'ט.

מיטריטש. וואָסער מיידעלע? אַ! יענס? יאָ. פֿון איהר איז אַרויס אַ לייט.

אַניוטקע. ווי אַזוי האָט מען זי געפֿונען?

מיטריטש. אַזוי פּראָסט געפֿונען.

אַניוטקע. דערצעהל, זיידעניו, ווען האָט מען עס געפֿונען.

מיטריטש. ביי זיי אין שטוב האָט מען עס געפֿינען. מיר זענען געקומען אין אַ דאָרף. הייבען אָן די סאָלדאַטען שאַרעווען אין די שטיבער. מע טהוט

אַ קוק, דאָס מיידעלע ליגט אויפ'ן בוך, מע האָט געוואָלט מיט דעם ענדיגען, נור מיר איז אַזוי שלעכט געוואָרען. איך נעהם עס אויף די הענט און זי לאָזט זיך ניט. שווער ווי פינף פוד און מיט די נעגעל דראַפּעט זי וואָס זי פּאַטאַפּעט. קוים האָבען מיר זי אָבגעריסען. איך נעהם זי אויף די הענד און גלעט זי אַזוי איבערן קעפּעלע, די האָר ווי ביי אַ יאָזשיק, זי קוקט-קוקט און איז אַנשוויגען געוואָרען, איך האָב איהר אַיינגעוויקעט אַ סוכאַר און גיב איהר, זי האָט זיך בעטראַכט און הויבט אָן מיט די ציינדלעך הרעזען, וואָס טהוט מען מיט איהר? אָט האָבען מיר זי מיט זיך גענומען, געהאָדעוועט. אַזוי האָט זי זיך אַיינגעוואָנט מיט די סאָלדאַטען. אין פּאַחאָד האָבען מיר זי אויך מיט גענומען, אַ וואוילינקע מיידעל געוועזן.

אַ נ י ו ט ק ע. וואָסזשע? ניט קיין קריסטליכעס?

מ י ט ר י ט ש. איך וויים ניט. מענשען שמועסען אַז ניט אינ־גאַנצען. דער נאַראָד איז ניט אונזערער.

אַ נ י ו ט ק ע. דייטשען אוודאי.

מ י ט ר י ט ש. ע־הע, זאָגסט עס דייטשען. ניין שוועסטער, ניט דייטשען. נו, אַלצאיינס ווי יודען, נור ניט קיין יודען אויך פּאָליאַקען ט'אַפּנים, פון אַזיע. קרודליז... קרוגלע רופט מען זיי. איך האָב שוין פארגעסען. סאָשקע האָט מען איהר אַ נאָמען געגעבען. אַ וואויל מיידעל געוועזן. זעהסט דאָך אָט אַלדינג האָב איך פאַרגעסען און דאָס מיידעל, עסען זאָל זי פיסנע העלוליך מיט יוך, ווי אָט שטעהט זי פאַר מיינע אויגען, דאָס נור איז מיר געבליבען פון דער גאַנצער סלוזשבע. ווי מע האָט מיך געשמיסען געדיינק איך און דאָס מיידעל. אַ מאָל פלעגט זיך מאַכען, זי העגנט זיך אָן אויפ'ן האַלז און דו טראָגסט זי. אַוואוילינקע מיידעל,

וואָס קען בעסער ניט זיין. נאָכדעם האָט מען עס אָפּגעגעבן דעם פֿאָלקאָווניקס ווייב האָט זי איהר צו זיך גענומען פֿאַר אַ טאָכטער. פֿון איהר איז געוואָרען אַ מענש, יאָ, די סאָלדאַטען האָבען אַזוי גע־זשאַלקיוועט אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען.

אַניוטקע. איך געדענק, זיידעניו, דער טאַטע מיינער, אַז ער האָט אָנגעהויבען שטאַרבען, דו ביסט נאָך דעמאָלט ביי אונז ניט געווען, געדענק איך, האָט אַרוף געטהון ניקיטען און זאָגט: זיי מיר מוחל זאָגט ער, ניקיטע... און העט זיך צוויינט (זי טהוט אַ קרעכץ) אַזא רחמנות געווען, אַ גוואַלט!

מיטריטש. הערסטו, וואָס רעד איך?

אַניוטקע. זיידעניו, הערסט, זיידעניו, מע געהט ווידער אין קעלער. אוי מאַמעניו האַרציגע! איך האָב מוראָ, זיידע, זיי זאָלען עפּיס ניט טהון מיט'ן קינדעלע. אוי, זיי וועלען עס אומברענגען, זיידעניו ס'אַפּיצילע, זיידעניו. אוי־אוי־אוי! (זי באַדעקט די קאָפּ און וויינט).

מיטריטש. (הערט זיך צו) דאַכט זיך זיי טהוען דאָרט אויף דר'אָמת דער רוח ווייסט וואָס, דער טייוועל זאָל זיי נעהמען. אָך פֿאַסקודניצעס אָ די ווייבער. די גוים זענען פֿיינע לייט, נור די ווייבער דאָס איז גאָר ווילדע חיות פֿון וואַלד. פֿאַר קיין זאַך האָט עס קיין מורא ניט. אָך, טאַטע זיסער!

אַניוטקע. (זעצט זיך) זיידעניו!

מיטריטש. וואָס איז ווידער?

אַניוטקע. אַ דאָ האָט ביי אונז גענעכטיגט איין אורח האָט ער געזאָגט, אַז אַ קינד שטאַרבט געהט די נשמה גלייך אין גן עדן. ס'אַנ'אמת?

מיטריטש. איך ווייס ניט, מסתּמא אַזוי, וואָס איז דען?

אַניוטקע. בעסער וואָלט איך שוין אויך געשטאָרבען. (זי וויינט).

מיטריטש. וואָס מיינסטו? ווּעסט שטאַרבען וועט מען דיך באַגראָבען. אויסגעמעקט פֿונ'ם בוך, מיט אַנ'עק.
אניוטקע. ביז צעהן יאָהר הייסט פֿאָרט אַ קינד. טאָמער וועט די נשמה נאָך טרעפֿען צו גאָט. אונ שפּעטער זאָגט מען ווערט זי שוואַרץ, ווי די בלאָטע.
מיטריטש. נאָך ווי אַזוי שוואַרץ מיינסטו, ווי זאָל בּיי איך דאָרפֿסווייבער די נשמה ניט פֿאַרפֿאַשטקעט ווערען. איך פֿרעג דיך, ווער לערענט אייך? וואָס זעהט איהר, וואָס הערט איהר. פּאַסקודסטווע, בלאָטע, אָט דאָס זעהט איהר. אָט נעהם מיך; אַ שטייגער וואָס? דאַכט זיך אַ קליינער געלעהרענטער, נור טהו אַ קוק, ווייס איך פֿאָרט מעהר ווי אייערע שוועסטער דאָרפֿסבאָבעס. מיליאָנען זענט איהר אין ראָסיע, מיליאָנען, אונ אַלע געהט איהר אַרום ווי קראָטעס בלינדע, גאָר ניט ווייסט איהר ניט. ווי אַזוי אַ גוט־אויג אָפּשפּרעכען, ווי אַזוי די קינדער צו דער סידעלע טראָגען, אָט דאָס ווייסט איהר.
אניוטקע. די מאַמע האָט טאַקי געטראָגען.
מיטריטש. הערסטו וואָס זאָג איך? מיליאָנען ווייבער אונ מיידליך זענט איהר, אונ אַלע געהט איהר אַרום ווי ווילדע חיות. אַזוי אויסגעוואַקסען, אַזוי געשטאָרבען, גאָר ניט געזעהן, גאָר ניט געהערט. אַ גוי, נעהם, זעהט עפּעס אין שענק האָטש, צו אין הויף בּיים פּריץ, ניט איז ער אַ סאלדאַט זעהט ער עפּיס, הערט ער עפּיס. אונ אייער שוועסטער טהוט אַ חאַפּ. ניט נאָר פֿון גאָט ווייסט זי ניט, פֿרעג זי, וואָס דאָנערשטאַג הייסט, וועט זי דיר אויך ניט דערצעהלען מיט אַ טאָלק. דאָנערשטאַג, דאָנערשטאַג אין וואָס ווייסט זי ניט, ווי די בלינדע הינטליך געהט איהר אַרום מיט די קעפּ אין הנוי קריכט איהר. לידלעך נאַרישע, אָ דאָס קענען זיי.

האָ-האָ-האָ-האָ. און וואָס, פרעג, האָ-האָ וויסען זיי אַליין ניט.

אניוטקע. און איך זיידעניו קען ביז האַלב מודה אני.

מיטריטש. פיל זאַכען קענסטו. און וואָסער אַ טענה קען מען צו אייך האָבען? ווער לערענט אייך סיידען אַ מאָל אַ שכר'ער גוי ווייזט אייך מיט די ווישקעס, אָט דאס איז די גאַנצע נאַוקע. איך וויים שוין אַליין ניט, ווער וועט פאַר אייך אָבגעבען דין וחשבון, פאַר אַ רעקרוט ענפערט דער דיאַדקע, צו דער סטאַרשע. און פאַר אייך ווער וועט ענפערען? ווי שאָף אָהן אַ פאַסטוך געהט איהר אַרום, און אַזוי וואַקסט איהר אויס דער רוח ווייסט וואָס, פאָפליערני מענשען מיט אַנ'עק.

אניוטקע. וואָס זשע טהוט מען, זיידעניו?

מיטריטש. אַדאָס טהוט מען... דעק איין דעם קאָפּ און שלאף. אָך, טאַטע זיסער! (סע שטיל מע הערט אַ טשירקון).

אניוטקע. (שפרינגט אויף) זיידעניו, עמיצער שרייט, הער מע שרייט עמיצער, זיידעניו טייערער מע געהט אַ הער, מע געהט!

מיטריטש. דעק דיך איין, זאָג איך דיר, און שלאָף.

# פערטע אַרויסגאַנג.

## די פריהעריגע, ניקיטע און מאַטרינאַנע.

ניקיטע. (געהט אריין) גוואַלד! וואָס האָבען זיי עס געטהון מיט מיר! וואָס האָבען זיי געמאַכט פון מיר, גוואַלד!

מאַטריאָנע. נו, נו, זוהנו, בארוהיג דיך, טרינק אויס, זוהנו, אַ ביסעל בראַנפען, וואס איז מיט דיר? (זי נעהמט אַרויס בראָנפען און שטעלט אויף'ן טיש).

נ יקי טע. אוי, גיב אַהער, טאָמער וועל איך פֿאַרטרינקען.
מאַטריאָנע. שטילער, זוהנו, שטילער, מע שלאָפֿט נאָך ניט. נא טרינק אוים אַ גלעזעלע.
נ יקי טע. וואָס זשע איז דאָס אַזוינס? וואָס האָט איהר עס בעדאַרפֿט? איהר האָט עס ניט געקענט ערגיץ אַוועקפֿיהרען?
מאַטריאָנע. זיטץ אַביסילע דאָ, נעהם נאָך אביסעלע, רייבער אוים אַ ציגאַר ס'וועט דיר צושלאָגען די געדאַנקען.
נ יקי טע. מאַמעניו האַרצעניו! ס'איז מיר דערגאַנגען, טייערע. גוואַלד, וואו טהוט מען זיך הין? אוי ווי ס'האָט געפּישטשעט, ווי אַזוי די ביינדעלעך האָבען געטרעשטשעט קר־קר... פֿערפֿאַלען בין איך, מאַמעניו, איך בין שוין קיין מענש ניט, אַנ'עק.
מאַטריאָנע. רעד ניט זוהנו קיין נאַרישקייט. ביי נאַכט, פֿאַרשטעהט זיך, איז סטראַשנע. לאָז איבערגעהן אַ טאָג צוויי וועסטו פֿאַרגעסען קלעהרען. (זי לעגט אַנידער די דאַנד צו ניקיטען אויף די פּלייצעס).
נ יקי טע. געה אַוועק פֿון מיר! וואָס האָט איהר געמאַכט פֿון מיר, גוואַלד,
מאַטריאָנע. וואָס איז דאָס, אַנ'אמת טאַקי זוהנו? (זי, נעהמט איהם פאַר דער האַנד).
נ יקי טע. געה אַוועק פֿון מיר מאַמע! איך וועל דיך קוילען, געה אַוועק! מיר איז איצט אלץ אֵיינס, געה בעסער אַוועק!
מאַטריאָנע. אַך־אַך, ווי ער האָט זיך איבערגעשראָקען! געה שלאָפֿען זונעניו, געה ליובינקע.
נ יקי טע. איך האָב ניט וואו צוגעהן! פֿארפֿאַלען מיין לעבען, פֿאַרפֿאַלען מיין וועלט!
מאַטריאָנע. (קאַטשעט מיט'ן קאָפּ) אָך־אָך! מע דאַרף געהן אויפֿרוימען, לאָז ער דאָ אַביסעל זיטצען, טאָמער וועט ער צו זיך קומען (זי געהט אַוועק).

# פִינְפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## נִיקִיטֶע, מִיטְרִיטְש, אוּנ אַנְיוּטְקֶע.

ניקיטע. (זיצט, די אויגען פארמאַכט. מיטריטש אונ אַניוטקע שווייגען) הער! סע פּישטשעט, אויף מיין וואָרט, הער... אָבּ קוויטשעט עס אֶ... אָ... הער! זיי וועלען עס באַגראָבען! גוואַלד, אַ! עבּעדיגם! (ער לויפט צו דער טהיר) מאַמעניו טשעפּע ניט, סע לעבט, מאַמעניו!

# זֶעקְסְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

## דִי פְרִיהֶרִיגֶע אוּנ מַאטְרְיָאנֶע.

מאַטריאָנע. (שטילערהייט) וואָס רעדסטו. גאָט איז מיט דיר. סע ווייזט זיך דיר אויס. וואָס לעבעדיג? די ביינדעלעך אַלע צוקוועטשט.

ניקיטע. אוי, גיב אַהער נאָך בראַנפּען (ער טרינקט).

מאַטריאָנע. געה, זוהניו. לעג זיך, וועט אַנשלאָפּען.

ניקיטע. (שטעהט און הערט זיך צו). לעבעדיג. מאַמע! הער סע פּישטשעט. אַ, הערסט ניט? אָ...

מאַטריאָנע. (שטילערהייט) הער אויף, איך זאָג דיר, ניין.

ניקיטע. מאַמעניו, האַרץ מיינס! פאַרפאַלען מיין לעבען פאַרפאַלען מיין וועלט. גוואַלד וואָס האָט איהר געמאַכט פון מיר. וואוהין וועל איך מיך אַהינטהון, גוואַלד! (ער לויפט אַרויס פונ'ם שטוב מאַטריאָנע נאָך איהם).

# זיבּעטער אַרויסגאַנג:

## מיטריש אונ אַניוטקע.

אַניוטקע. זיידעניו, גאָלדענער. טייערינקער, זיי האָבּען דאָס דערשטיקט!

מיטריטש. (ברוגז) שלאָף, זאָג איך דיר, אַ דו אַזוינע אונ אַזוינע, ציגען זאָלען דיך לעגען. אָט נעהם איך אַ בּעזעם. שלאָף זאָג איך!

אַניוטקע. אוי! זיידעניו האַרציגער! עמיצער האַפּט מיך פאַר די פּלייצעס. זיידעניו מע האַפּט מיך. לאָפּעס שלעפּען מיך. זיידעניו, טייערער, איך וועל אַוועק געהן, זיידעניו, איך קען דאָ ניט ליעגען לאָז מיך, זיידעניו, אויפ׳ן אויוועז, לאָז מיך האַרצעניו צו זיך. מע האַפּט, מע האַפּט, אַ-אַ (זי קוויטשעט פון פּחד אונ לויפט צום אויוועז).

מיטריטש. זעהסטו, ווי זיי האָבּען דאָס קינד איבּער־געשראָקען. אָך, פּאַסקודניצעס, דער רוח זאָל זיי האַפּען. נו, קריך שוין קריך אַ הער, צו וואָס.

אַניוטקע. (קריכט אויפ׳ן אויוועז) זיידעניו, געה ניט אַוועק פון־דאַנען.

מיטריטש. וואוהין וועל איך געהן? קריך שוין קריך. אָ גאָט האַרציגער, טאַטע זיסער, דאָס קינד איבּער־געשראָקען (ער דעקט זיך צו) אָט אַזוי נאַרעסיו, אָט אַזוי טפּשיל קליינס. שלאָף, אויף טויט דאָס קינד איבּערגעשראָקען פּאַסקודניצעס, עסען זאָלען זיי פיסגע העלזלעך מיט יוך!

דער פאָרהאַנג פאַלט:

# פינפטער אקט.

ניקיטע·
אַניסיע·
אַקולינע.
אקום.
מאַטריאָנע.
אַניוטקע·
מארינע·
מאַרינעס מאַן.
דאָס ערשטע מיידעל.
דאָס צווייטע מיידעל.
דער אוריאדניק.
אַאיזוואָשטשיק·
אַשאַפערקע·
אַמחותנעסטע·
מחותן אַקולינעס.
זייער סטאַרעסטע.
געסט, ווייבער, מיידלעך, אַנ'עולם, ווי אויף אַ חתונה.

# פינפטער אקט.

די סצענע שטעלט פאָר לינקס אַ טייך, רעכטס אַ סאראַי. דער טויער פונ'ם סאַראַי איז אָפען ביים טויער שטרוי, מע זעהט דעם הויף־סע הערט זיך לידער, מע שפּיעלט אויף אַ באַלאַלייקע־ צוויי מיידלעך. געהן אויף דער סטעשוקע לעבען סאַראַי אין שטוב.

## ערשטער אַרויסגאַנג.

### צוויי מיידלעך.

דאָס ערשטע מיידעל. זעהסטו, אַט זענען מיר געקומען, אפילו די שטיוועלעטען נישט אַיינגעריכט. מיט דער סלאָבאָדקע געהן איז בלאָטיג אַ גוואַלד (זיי שטעלען זיך אָפּ אוןווישען אָפּ די שיך מיט שטרוי.

דאָס ערשטע מיידעל. (קוקט אויף דעם שטרוי און זעהט עפּיס) טהו אַקוק וואָס ליגט דאָ?

דאָס צווייטע מיידעל. (קוקט זיך צו) אַ! סע מיטריטש, ער אַרבייט ביי זיי. זעהסט ווי ער האָט זיך אָנגעשיכורט.

דאָס ערשטע מיידעל. ער פלעגט, דאַכט זיך, ניט טרינקען?

דאָס צווייטע מיידעל. יאָ, ניט געטרונקען, געוואַרט אַוודאי ביז מע וועט איהם אונטער טראָגען.

דאָס ערשטע מיידעל. זעה נור, נאָך שטרוי איז ער

אַוודאי געגאַנגען . די שטריק אין דער האַנט אונ שלאָפּט .

דאָס צווייטע מיידעל. (הערט זיך צו) מע זינגט נאָך . אַוודאי פאַר דער ברכה נאָך . אַקולינע, זאָגט מען, האָט אפילו ניט געוויינט.

דאָס ערשטע מיידעל. די מאַמע דערצעהלט , זי וויל ניט חתונה האָבען; דער שטיפּטאַטע האָט איהר געהייסען . ניט , וואָלט זי אויך לעבען ניט חתונה געהאַט. האָסט געהערט וואָס מע האָט פון איהר גערעדט ?

# צווייטער אַרויסגאַנג.

## די פריהריגע אונ מאַרינע (רעריאנט די מיידליך);

מאַרינע. אַ גוטער אָוונד אייך , מיידלעך.

די מיידלעך. אַ גוטער יאָהר, מוהמינקע.

מאַרינע. אויף דער חתונה, טייערינקע?

דאָס ערשטע מיידעל, אַוודאי שוין נאָך אלעמען. מיר ווילען נור אַ קוק טהון.

מאַרינע. טהוט אַרופ , טייערינקע, מיין אַלמען, סעמיאָנען פון זויעווקע. איהר קענט איהם אַוודאי!

דאָס ערשטע מיידעל. וואָדען? דאָכט זיך אַ קרוב דעם חתן?

מאַרינע. נו יאָ, אַן׳אייגענער פעטער.

דאָס צווייטע מיידעל. אונ אַליין וואָס געהסטו ניט? אויף אַ חתונה ניט געהן!

מאַרינע. ס׳ווילט זיך עפּעס ניט , קיין צייט ניטאָ. מע דאַרף שוין פאָהרען. מיר זענען גאָר ניט געקומען אויף דער חתונה. אין שטאָדט זענען מיר געפאָהרען מיט האָבער, מיר האָבען זיך אָפּ־געשטעלט

פּאָפּאַסען, האָט מען מיין אַלטען אַריינגעשלעפּט אַ הער.

דאָס ערשטע מיידעל. צו פּיאָרערטשען זענט איהר פאַרפאָהרען?

מאַרינע. יאָ, צו איהם. איך וועל שוין דאָ וואַרטען; אונ דו, ליובינקע, שיק מיין אַלטען, רוף איהם אַרויס, טייערינקע. זאָג: דיין אַלטע וואַרט, מאַרינע, זאָג וואַרט. מע דאַרף פאָהרען. די גוים שפּאַנען שוין.

דאָס ערשטע מיידעל. נו-נו, כ'וועל איהם שיקען. אונ אַליין ווילסטו טאַקע ניט אַריינגעהן? (די מיידלעך געהן אַוועק, מע הערט אַ געזאַנג אונ באַלאַלייקעס).

# דריטער אַרויסגאַנג.

## מאַרינע אַליין.

מאַרינע. (פאַרטראַכט) אַריינגעהן וואָלט נישקשה געווען. נור ס'ווילט זיך עפּים ניט. איך האָב איהם ניט געזעהן פון דעמאָלט אָן, זינט ער האָט זיך אָבגעזאָגט. דאָס אַנדערע יאָהר שוין. חאָטש מיט איין אויג וואָלט איך געוואָלט אַ בליק טהון, ווי ער לעבט דאָרט מיט זיין אַניסיען. לייט זאָגען, סע ביי זיי ניט מיט אַלעמען. זי איז טאַקי ניט פון די גוטע מענשען, אַ ווייבעל מיט אַ גיפּט. ניט איין מאָל, מיין איך, האָט ער מיך דערמאָנט דער וואהלטיג האָט איהם געצויגען, מיך האָט ער פאַרגעסען, אַוועק געוואָרפען. נור לאָז איהם גאָט העלפען. איך האָב אויף איהם קיין האַרץ ניט. דעמאָלט איז אַוודאי אַבידנע געווען. אוי וואָסער אַ וועהטאָג אין האַרצען. אַצינד האָט זיך איבערגעמאָלט, איבער געריבען, אונ גאָר ניט... אַ בליק טהון ציהט

מיך אויף איהם (זי דערזעהט ניקיטען געהענדיג) זעהסט, ווי־
קומט ער אַהער? די מיידליך האָבען איהם געזאָגט,
צו וואָס? די געסט אַוועק געוואָרפֿען. מע דאַרף
אַוועקגעהן.

# פֶערְטֶער אַרוֹיסגַאנְג:

מארינע און ניקיטע (געהט דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזען
מאַכט מיט די הענד און באַרמאָטשעט מיט זיך).

מארינע. טהו אַ קוק ווי אומעטיג ער געהט.

ניקיטע. (דערזעהט מאַרינען און דערקענט זי) מאַרינע! פֿריינד
מיינע האַרציגע, מארינושקע, וואָס טהוסטו דאָ?

מארינע. איך בין געקומען רופֿען מיין אַלטען.

ניקיטע. און אויף דער חתונה וואָס געהסטו ניט? וואָלסט
אַ קוק געטהון, וואָלסט חאָטש אַביסעל געלאַכט
פֿון מיר.

מאַרינע. וואָס איז פֿאַר אַ געלעכטער? איך בין נאָך מיין בעל־
הבית געקומען.

ניקיטע. עך, מאַרינושקע טייערע! (ער וויל זי אַרומנעהמען).

מאַרינע. (רייסט זיך אַרוים ברוגז) דו, מיקיטע, וואַרף אַוועק
די שטיק. דאָס איז אַ מאָל געוועזן. איך בין נאָך
מיין בעל־הבית געקומען. ער איז דאָרטען?

ניקיטע. פֿאַרגעסען הייסטו, וואָס אַ מאָל איז געוועזן?

מאַרינע. וואָס סע געוועזן איז מיט ערד בעוואַקסען. פֿאַרגעס
בעסער.

ניקיטע. און אומקעהרען, הייסט, דאָס קען מען ניט?

מאַרינע. ניין, ניקיטע, וועסט ניט אומקעהרען. וואָס ביסטו
אַוועקגעגאַנגען? אַ בעל־הבית האָט די געסט
געלאָזט.

ניקיטע. (זעצט זיך אויף דעם שטרוי) וואָס בין איך אַוועק
געגאַנגען? עך, מאַרינושקע, זאָלסט אַלץ וויסען,

זאָלסט אַלץ פֿאַרשטעהן. סקוטשנע איז מיר. פריינד האַרציגער, אוי סקוטשנע. בעסער וואָלטען מיינע אויגען ניט געקוקט! איך בין אַרויס געגאַנגען פֿונ'ם טיש, כ'האָב מיך אַרויסגעדרעהט, איך בין פֿון מענשען אַנטלאָפֿען, אַבי קיינעם ניט זעהן, קיינעם ניט הערען.

**מאַרינע.** (געהט צו איהם צו נעהנטער). וואָס זשע איז מיט דיר אַזוינס געשעהן, ניקיטע?

**ניקיטע.** מאַרינושקע! ס' האָט זיך אַזוינס געטראָפֿען, וואָס לאָזט מיך ניט עסען, סע לאָזט מיך ניט טרינקען, סע לאָזט מיך ניט שלאָפֿען. אוי, שלעכט איז מיר, האַרץ מיינס, שלעכט איז מיר, ביז'ן... עך שלעכט. אונ ערגער פֿון אַלץ איז מיר, ליבער פריינד מיינער, וואָס איך בין איינער אַליין, ניטאָ וועמען דאָס האַרץ דערצעהלען, ניטאָ מיט וועמען די צרות צוטהיילען!

**מאַרינע.** אָהן צרות, ניקיטושקע, וועסטו די וועלט ניט איבערלעבען. מיינע צרות האָב איך אויסגעוויינט, ס'איז מיר אַסך גרינגער.

**ניקיטע.** דאָס רעדסטו פֿון דעם וואָס איז אַמאָל געווען, דעמאָלט? אָך, האַרץ מיינס, טייערס, דו האָסט אויסגעוויינט אונ מיך האָבען די צרות בייגעקומען.

**מאַרינע.** וואָס זשע איז, נוקיטושקע, אַזוינס געשעהען.

**ניקיטע.** דאָס לעבען, מאַרינושקע. דאָס גאַנצע לעבען איז מיר נמאָס, איך בין זיך אַליין נמאָס, עך! ליובע מיינע, האָסט מיך ניט געקענט אין די הענט האַלטען, האָסט מיך אומגעבראַכט אונ זיך אַליין אויך! זאָג, הייסטאָס אַ לעבען?

**מאַרינע.** (שטעהט ביים כאַראַי, וויינט אונ האַלט זיך אַיין) אויף מיין לעבען, ניקיטע, זשאַלעווע איך מיך ניט, לאָז גאָט געבען יעדערען אַזאַ לעבען. דעמאָלט האָב איך מיך מתוודה געווען פֿאַר מיין אַלטען. ער

האָט מיר מוחל געווען, ער דערמאָנט מיר ניט. איך קען מיך ניקיטע אויף מיין לעבען ניט זשאַלעווען. מיין אלטער איז צו מיר גוט, איך האָדעווע, איך צוואָג זיינע קינדער, אונ ער זשאַלעוועט מיך אויך. איך האָב צו מיין לעבען קיין טעות ניט. מסתמא האָט גאָט אַזוי געהייסען. נו און דו? לעבסט אין רייכקייט?

ניקיטע. מיין לעבען? דו פֿרעגסט פֿון מיין לעבען? איך וויל נור די חתונה ניט פֿאַרשטערען, ניט וואָלט איך גענומען אָט די שטריק אָ (ער הויבט אויף די שטריק פֿון דעם שטרוי), איך וואָלט זיי גענומען, אַריבער-געוואָרפֿען איבער דער באַלקע, געמאַכט אַ גוטע פעטלי, איך וואָלט ארויפֿגעקראָכען אויף דער באַלקע אונ פֿון דאָרטען מיט'ן קאָפּ אַ שפּרונג געטהון אַ הין-צו-אָ. אָ דאָס איז מיין לעבען.

מאַרינע. רעד ניט אַזוינס, גאָט איז מיט דיר, ניקיטע!

ניקיטע. דו מיינסט, מאַרינע, סע ווערטליך. דו מיינסט איך בין שיכּר. ניין איך בין ניט שיכּר. מיך נעהמט היינט אפילו דער בראַנפֿען ניט. שלעכט איז מיר, מאַרינע, שלעכט! די צרות האָבען מיר דאָס האַרץ צוגעקלעמט, סע עסט מיך, סע לאָזט מיך ניט לעבען. מאַרינושקע, האַרץ מיינס, מיט דער נור האָב איך אָבגעלעבט אַ זיסען טאָג. געדיינקסט די נעכט אויפ'ן באַן?

מאַרינע. ניקיטע די אַלטע וואונדען טשעפּע ניט. מיין עברה איז פֿאַרגעסען. דערמאָן ניט וואָס אַ מאָל איז געווען, שיט ניט קיין זאַלץ אויף די ווייטיגען.

ניקיטע. וואָסזשע זאָל איך מיט מיין האַרץ מאַכען? וואו זאָל איך מיך אַ הינטהון?

מאַרינע. וואָס זאָלסטו טהון? האָסט אַ ווייב, קוק ניט אויף פֿרעמדע, אונ דיינע היט אָפּ. האָסט ליב געהאַט אַניסיען, טאָ האָב זי ווייטער ליעב.

ניקיטע. אָך, די אניסיע! ערגער איז זי מיר פֿון פולען פֿון ביטער'ן. זי האָט מיר די פֿיס פֿאַרפּלאָנטעט.

מאַרינע. וואָסערע זי איז דאָרטען, פֿאָרט אַנ'אֵייגען ווייב. ווייסטו, ניקיטע, גענוג שוין שמועסען. געה בעסער צו די געסט און שיק מיר אַלטען.

ניקיטע. עך, האַרצעניו, וואָלסט אַלץ וויסען קענען... ניטאָ וואָס צו רעדען.

## פֿינפֿטע אַרויסגאַנג.

### ניקיטע, מאַרינע, איהר מאַן און אַניוטקע.

מאַרינעס מאַן. (געהט אַרויס פֿונ'ם שטוב רויט, שיכור) מאַרינע, בעלה'ביתה, אַלטע, וואו ביסטו?

ניקיטע. אָט רופֿט דיך דער אַלטער דיינער, געה.

מאַרינע. נו און דו?

ניקיטע. איך? איך וויל דאָ אַ ביסעל ליגען (ער לעגט זיך אויף דעם שטרוי).

מאַרינעס מאַן. וואו-זשע איז זי?

אַניוטקע. אָט שטעהט זי, פֿעטער, נעבען סאַראַי אָן.

מאַרינעס מאַן. וואָס שטעהסטו, מארינע דאָ? קום אויף דער התונה, זאָג איך, די בעל-הבתים בעטען אַריינגעהן. באַלד וועט די חתונה פֿאָהרען, וועלען מיר אויך פֿאָהרען.

מאַרינע. סע גלוסט זיך עפּעס ניט.

מאַרינעס מאַן. קום, זאָג איך וועסט נעהמען אַ ביסעל בראַנפֿען, פֿעטרינקען דעם פֿאָדליעץ פֿאָזדראָווען. קום, די בעל-הבתים וועלען פֿאַראִיבעל האָבען. מיר וועלען נאָך אונזערע געשעפֿטען אָפּטהון. קום. (מאַרינעס מאַן נעהמט זי אַרום און געהט מיט איהר אַוועק).

# זעקסטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע און אַניוטקע.

ניקיטע. (הויבט זיך אויף און זעצט זיך אויף דעם שטרוי) אָך! דער זעהען האָב איך זי, איז מיר נאָך ערגער געוואָרען. מיט איהר נור האָב איך געוואוסט וואָס הייסט לעבען אויף דער וועלט. פאַר וואָס פאַר ווען האָב איך מיין וועלט איבערגעפיהרט! (ער לעגט זיך ווידער). גוואַלד! וואו זאָל איך מיך אַהינטהון? אוי פאַר וואָס עפּענט זיך די ערד ניט, טאָמער וואָלט זי מיינע וועהטאָגען פאַרדעקט.

אניוטקע. (זעהט ניקיטען און לויפט צו איהם) טאַטעניו, הער טאַטעניו! מע זוכט דיך, אַלע האָבען שוין חתן כלה געבענשט. אויף מיינע נאמנות.

ניקיטע. (צו זיך) וואו זאָל איך מיך אַהינטהון?

אניוטקע. וואָס זאָגסטו, טאַטע, וואָס רעדסטו?

ניקיטע. גאָר ניט! וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט?

אניוטקע. קום טאַטע (ניקיטע שווייגט, אַניוטקע שלעפּט איהם פאַר דער האַנד) קום שוין, מע דאַרף די ברכה געבען. די מחותנים זענען ברוגז, אויף מיין וואָרט זיי שעלטען.

ניקיטע. (רייסט אַרויס די האַנד) טשעפּע זיך אָפּ.

אניוטקע. קום שוין טאַטע, קום. נו.

ניקיטע. (ווייזט איהר די ווישקעס) געה, זאָג איך דיר... ניט וועל איך דיך...

אניוטקע. אָט שיק איך די מאַמע.

# זיבּעטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע אַליין. (ער הויבּט זיך אויף).

ניקיטע. נו, ווי אַזוי געהט מען אַהין? ווי אַזוי נעהמט מען דעם אָבּראַז? ווי אַזוי קוקט מען איהר אין די אויגען? (ער לעגט זיך ווידער). אָך, וואו נעהמט מען אַגרוב! איך וואָלט קיינעם ניט געזעהן, קיינער וואָלט מיך ניט געזעהן (ער הויבּט זיך ווידער אויף), ניין, איך וועל ניט געהן אַהינצו, לאָז דאָס אינגאַנצען געהן אין דר'ערד. איך וועל ניט געהן! (ער שלעפּט אַראָפּ די שטיוועל אונ בּעהבּט די שטריק אין דער האַנד, מאַכט אַפּעטלי אין טהוט אָן אויפ'ן האַלז) אָט אַזוי.

# אַכטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע אונ מאַטריאָנע. (ניקיטע זעהט די מאַמע, ער נעהמט אַראָפּ די שטריק פונ'ם האלז אונ לעגט זיך אַנידער).

מאַטריאָנע. (געהט היילענדיג) ניקיטע, הערסטו ניקיטע. זעהסט, ער ענפּערט אפילו ניט. ניקיטע! וואָס איז מיט דיר? דער בּראַנפען האָט דיך פריטשמעלעט צו וואָס? געה זוהנו, געה, טייערער, דער עולם וואַרט.

ניקיטע. גוואַלט! וואָס האָט איהר געמאַכט פון מיר. קיין מענש בּין איך שוין ניט.

מאַטריאָנע. וואָס איז אַזוינס? געה, טייערינקער, גיבּ די בּרכה, לאָז זיין אַנ'עק. דער עולם וואַרט. געה, זוהנו!

ניקיטע ווי אַזוי זאָל איך איהר די ברכה געבּען?

מאַטריאָנע. וואָס הייסט ווי אַזוי? ווי מענשען טהוען אַזוי

טהו אויך. דו ווייסט ניט ווי אַזוי?

ניקיטע. איך ווייס, איך ווייס ווי מענשען טהוען. נור ווערמען דאַרף איך די ברכה געבען? וואָס האָב איך מיט איהר געטהון?

מאַטריאָנע. וואָס האָסטו געטהון? אָט האָסטו דיר אומיטען דערינגען, קיינער ווייסט ניט, קיינער שמעקט ניט, ניט דער קאָטער ניט די קאַץ ניט דער שענקער באַראַבאַץ, דאָס מיידעל געהט אַליין.

ניקיטע. יאָ, זי געהט. ווי אַזוי געהט זי?

מאַטריאָנע. סע פֿאַרשטעהט זיך מע הייסט איהר געהט זי, נור זי געהט דאָך. זי האָט געזאָלט דעמאָלט קלעהרען, אַצינד איז שוין שפּעט חאפּען צוריק. די מחותּנים זענען אויך קאָנטעט, צוויי מאָל אָנגעקוקט די כּלה. געלט האָט מען זיי אָפּגעגעבען, אַלס ווי גאָט האָט געבאָטען, וואָס ווילסטו?

ניקיטע. נו, אונ אין קעלער וואָס ליגט?

מאַטריאָנע. (לאַכט) אין קעלער? וואָס ליגט אין אַ קעלער? קרויט ליגט, קאַרטאָפֿלעס, אוגערקעס, צו וואָס נוטצט קלערען פֿון אַלטע מעשׂיות.

ניקיטע. אוי, מאַמעניו, איך וואָלט אַוודאי ניט געוואָלט קלעהרען, נור איך קען גאָר מיט זיך ניט מאַכען. סע הויבט מיר אָן קלעמען דאָס האַרץ, פֿאַרליב איך מיך, איך הער אַלץ... אוי, גוואלד געשריען! וואָס האָט איהר פֿון מיר געמאַכט?

מאַטריאָנע. וואָס מאַכסטו זיך משוגע, זוהנע, איך מיין טאַקע אויף דר׳אמת?

ניקיטע. אוי מאַמעניו, טשעפּע מיך ניט. סע דערגעהט מיר צום האַרצען.

מאַטריאָנע. נו, זוהנו מע מוזט דאָך. דער עולם רעדט אַזוי אויך, אונ דאָ איז דער טאַטע אומיטען אַוועק־געגאַנגען אונ איז ניטאָ, האָט מורא די ברכה

געבען. מע וועט זיך באַלד שטויסען. דו בעסער
געה גלייך וועט מען אויף דיר ניט זאָגען קיין זאַך.
אונ פריוו אַנטלויפען פונ'ם וואָלף אַליין פאַלסטו
צום בער אין די צעהן. דו ווייז גאָר קיין פנים ניט
אז דו האָסט מורא. אַז ניט וועט ערגער זיין.

ניקיטע. אוי האָט איהר מיך פאַרפּלאָנטעט!

מאַטריאָנע. געהנוג שוין, קום. גיב די ברכה, ווי סע דאַרף
צו זיין, אונ אַנ'עק.

ניקיטע. מאַמע, איך קען ניט, טשעפּע מיך ניט, מאַמע!

מאַטריאָנע. (צו זיך) אונ וואָס אי דאָס מיט איהם אַזוינס,
וויים איך ניט. די גאַנצע צייט נישקשה געווען אונ
אַצינד אומיטען דרינען... צו האָט מען איהם
חלילה ניט אָפּגעטהון. ניקיטע! שטעה אויף. זעה
אָט געהט אַניסיע אויך, די געסט אַוועקגעוואָרפען.

## ניינטער אַרויסגאַנג.

### ניקיטע מאַטריאָנע אונ אַניסיע.

אַניסיע. (אויסגעפּוצט, רויט, שכור). ווי פיין אַלרינג געהט.
מאַמעניו! אַזוי שיין, פיין. דער עולם איז קאָנטעט,
וואו זשע איז ער?

מאַטריאָנע. ער ליגט דאָ. האָט זיך אַריינגעלעגט אין שטרוי
אין ליעגט. ער וויל ניט געהן.

ניקיטע. (קוקט אויפ'ן ווייב). זעהסט, זי האט זיך אויך אָנגעשכורט.
גוואַלד! איך קוק אויף איהר אין ס'קריכט מיר
פונ'ם האַלז. ווי לעבט מען מיט אַזא מאוסען
מענשען (קערעוועט זיך אויס אויפ'ן פנים). איך וועל זי
אַמאָל מיט מיינע הענד דערשטיקען. ס'וועט
ערגער זיין.

אניסיע. זעהסט וואו. אין שטרוי זיך אריינגעלעגט. דער בראנפען האט דיך אזוי דורכגענומען צו וואס? (זי לאכט) איך וואלט אויך מיט דיר דא אביסעל געלעגען נור כ'האב קיין צייט ניט. קום, איך וויל דיך אונטערהאלטען. אך! ווי אזוי סע פיין אין שטוב, א פארגעניגען צו קוקען. די הארמאניע שפילט, די ווייבער זינגען, אלע זענען שכור. אך אזוי פיין, אזוי שיין.

ניקיטע. וואס פיין, וואס שיין?

אניסיע. די חתונה איז פיין, א פריילינע חתונה. לייט זאגען אז מע דארף לאנג ווארטען אויף אזא חתונה. אלדינג שיין, אזוי פיין. קום־זשע. לאמיר געהן אינאיינעם, אוים געטרונקען האב איך טאקע, נור דיך וועל איך נאך אונטערהאלטען. (זי נעהמט איהם פאר דער האנד).

ניקיטע. (טהוט זיך אריס) געה אליין, איך וועל נאכדעם קומען. געה.

אניסיע. וואס רייסטו זיך. אלע צרות האבען מיר געפטרט, פון דער מויד פטור געווארען. מיר זענען ערשט צום לעבען געקומען. אלדינג פיין, ווי גאט האט געבאטען. איך קען צו מיר ניט קומען פון פרייד. עפעס ווי איך זאל דאס אנדערע מאל מיט דיר אונטער דער חופה שטעהן. דער עולם איז אזוי קאנטעט. אלע דענקען. די געסט אזוינע פיינע. איוואן מאסיעיטש איז דא, דער אוריאדניק אויך. אלע אזוי צופרידען.

ניקיטע. נו, האסטו געזאלט מיט זיי זיצען. וואס ביסטו געקומען?

אניסיע. מע דארף טאקי געהן. די בעל־הבתים זענען אוועקגענאנגען, די געסט איבערגעלאזט. אזוינע שיינע געסט.

**ניקיטע.** (שטעהט אויף אונ נעהמט פון זיך אַראָפּ די שטרוי) נו, געהט. באַלד קום איך.

**מאַטריאָנע.** זעהסט, דאָס נאַכט פויגעלע האָט דאָס טאָג־פויגעלע איבערגעזונגען. מיך וויל ער ניט הערען, אונ נאָכ'ן ווייב געהט ער באַלד. (מאַטריאָנע אונ אַניסיע געהען אַוועק).

**מאַטריאָנע.** נו, דו געהסט, צו וואָס?

**ניקיטע.** באַלד קום איך. געהט, געהט. איך קום באַלד. אָט באַלד געה איך געבען די ברכה (די ווייבער שטעלען זיך אָפּ) נו, וואָס שטעהט איהר? געהט... איך געה באַלד, זאָג איך, געהט. (ניקיטע שטעהט אונ קוקט זיי נאָך).

# צעהנטער אַרויסגאַנג.

## ניקיטע אַליין, נאָכדעם מיטריטש.

**ניקיטע.** (זעצט זיך און טהוט אויס די שטיוועל) יאָ, באַלד געה איך, תיכּף ומיד. טהוט בעסער אַ קוק אויף דער באַלקע, צו בין איך דאָרט ניטאָ? אָנגעטהון די פּעטלע? אַ שפּרונג געטהון פון דער באַלקע, נאָך דעם זיך מיך, די ווישקעס זענען דאָ אַ דאַנק. (ער פאַרטראַכט זיך) אַנ'אַנדער צרה וואָלט איך אַרויס־געריסען פונ'ם האַרצען, איך וואָלט זי מיט גוואַלט אַרויסגענומען. אונ דער אומגליק איז צו־טיעף אַריין אינווייניג. איך קען גאָר ניט מאַכען, גאָר ניט. (ער קוקט זיך צו) מע געהט דאַכט זיך ווידער. (קרימט זיך נאָך אַניסיען): „שיין אַזוי, פיין, איך וואָלט מיט דיר געלעגען". אוי־אוי פּאָדלע פּנים! נאַ זשע דיר, געה נעהם זיך מיט מיר אַרום אַז מע וועט מיך פון דער פּעטלי אַרויסנעהמען. איין עק! (ער פּריט אויס די שטריק).

מיטריטש. (הויבט זיך אויף און לאָזט ניט די שטריק). ניין, ברודער, ביי מיר נעהמט מען ניט. ניין קיינעם גיב איך ניט. איך וועל אַליין ברענגען. איך האָב געזאָגט, איך וועל ברענגען שטרוי, וועל איך ברענגען. ניקיטע! דאָס ביסטו? (ער לאכט) אך, טמזרוק איינער! נאָך שטרוי ביסטו געקומען?

ניקיטע. די שטריק לאָז.

מיטריטש. ניין, ברודער, וואַרט. די גוים האָבען מיך געשיקט, דאַרף איך אַליין ברענגען (ער הויבט זיך אויף און נעהמט צונויף די שטרוי, נור ער קען לאַנג ניט שטעהן און פאַלט װידער). זעהסט! ביינעקומען טאַקי! דער בראַנפֿען האָט גיבער געוועזען.

ניקיטע. גיב אהער די ווישקעס.

מיטריטש. ניין, איך גיב ניט, איין מאָל ניין. אַך, מיקישקע, ביסטו קלוג ווי דעם רבּ'ס ציג. ביסט אַ טיפּש מיקישקע, וואָס איך האָב דיך פֿאָרט ליעב. דו קוקסט, וואָס איך האָב מיך אָנגעשכּר'ט, דו מיינסט אַוודאי איך האָב פֿאַר דיר מורא, הא? און פֿון מיינטוועגען מעגסטו געהן צו אַלדע רוחות. איך דאַרף דיך האָבען מיינסטו? אויף כּפּרות דאַרף איך דיך. טהו אויף מיר אַ קוק. איך בין אַ אונטער אָפֿיציער. פֿערד איינער דו ביסט. קענסט ניט זאָגען: אונטעראָפֿיצער פֿון גרענאַדערען פּאָלק. דעם קיסר געדינט, מיט'ן טערק מלחמה געהאַלטען!... און פֿרעג ווער בין איך? דו מיינסט אַ מענש בין איך, אַ יָוָן? ניין איך בין ניט קיין יָוָן, פֿאַסליעדנע מענשעלע בין איך, מיקישקע, אַ יתום, מיקישקע, אַ פֿאַרבלאָנזעטע שאָף... איך האָב געגעבען אַ נדר ניט טרינקען, אַצינד האָב איך מיך אָנגעשכּר'ט... נו, מיינסטו, איך האָב פֿאַר דיר מורא. יאָ, טאַקי, געפֿונען דאָס יונגעלע! פֿאַר קיינעם האָב

איך קיין מורא ניט. שכּר איז שכּר. איצטער וועל
איך צוויי וואָכען דורכאַנאַנד סמאַלען אַ וועלט די
העמד פאַרטרינקען, די פלודער׳ן פאַרטרינקען, דעם
צלם פונ׳ם האַלז פאַרטרינקען, די היטעל פאַר-
טרינקען, דעם בילעט פאַרזעצען, און הער אַלעמען
ווי דעם פאַר אַ יאָהריגען שניי. אין פאָלק אַז איך
האָב געדינט, האָט מען מיך געשמיעסען איך זאָל
ניט טרינקען. געפּיצקעט, געפּיצקעט, „וואָס,
מאַכען זיי, דו וועסט טרינקען?“ יאָ, זאָג איך,
אַוודאי. סע דאָ פאַר וועמען צו מורא האָבען אָט
אַזוינער בין איך מיט אַנ׳עק. אַזוי האָט מיך גאָט
באַשאַפען, אַזוי האָט מיך די מאַמע געהאַט, און
טהו מיר וואָס דו ווילסט. איך האָב מיר אַ נדר
געגעבען ניט טרינקען, האָב איך ניט געטרונקען.
אַצ׳נד בין איך שכּר. נו וואָס-זשע ווילסטו?
מיינסט איך האָב פאַר דיר מורא? ניין, פאַרקיינעם
האָב איך קיין מורא ניט, גאָר לא מיט איין אלף.
און ווייסטו פאַר וואָס איך האָב קיין מורא ניט?
האַ? אָט דערפאַר האָב איך קיין מורא ניט, ברודער
וואָס איך זאָג קיין ליגען ניט. אָט דאָס בין איך,
ווי דו זעהסט מיך, קוק אויף מיר. מיר האָט
אַ גלח איינער געזאָגט: דער שטן, זאָגט ער איז
אַ באַרימער, אַ חוואַסטון. נור וואָס דו הויבסט דיך
אָן באַרימען הייבסטו אָן מורא האָבען. און ווי
דו האָסט דיך דערשראָקען פאַר מענשען, באַלד
טאַקי נעהמט ער, דער שטן הייסטאָס, דיך אין
זאַק אַריין און הוטיו אין אַ גוט אָרט. אין אַז איך
האָב קיין מורא ניט פאַר קיינעם איז מיר גרינג,
פאַרשטעהסטו. איך שפּיי איהם אָן און דער
לאַפּאָטע באָרד זיינער, איך גיב איהם אַ פייג
אונטער דער נאָז, ביים אַז דו ווילסט, וואָס וועט
ער מיר טהון? האַ?

ניקיטע. (צלם'ט זיך) וואָס איז דאָס מיט מיר? וואָס טהו איך עם (ער ווארפט אַוועק די שטריק).

מיטריטש. וואָס זאָגסטו?

ניקיטע. (הויבט זיך אויף) מע דאַרף זאָגסטו קיין מורא ניט האָבען פֿאַר מענשען?

מיטריטש. מורא האָבען? יאָ, סע דאָ פֿאַר וועמען! דו טהו אויף זיי אין באָד אַ קוק. אַלע פֿון איין טייג ביי איינעם אַ פֿעטערער ביך, ביים אַנדערען אַ מאָגערער. אָט האָסטו דיר דעם גאַנצען חלק, אוודאי דאָ פֿאַר וועמען צו מורא האָבען, עסען זאָלען זיי פּיסנע העלזליך מיט יויך.

## עֶלְפְטֶער אַרוֹיסגַאנְג.

נִיקִיטֶע, מִיטְרִיטְשׁ, מַאטְרְיָאנֶע. (געהט אַרויס פֿונ'ם הויף).

מאַטריאָנע. (רופֿט) ניקיטע! דו געהסט, צו ניין?

ניקיטע. אוף־ף־ף! יאָ, אַזוי איז בעסער! איך געה! (ער געהט צום הויף) אָט געה איך.

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

# די צווייטע סצענע פונ׳ם פינפטען אַקט.

די [illegible] גייט זיך איבער. די סצענע שטעלט פאָר די [illegible] ווען ערשטען אַקט, זי איז פול מיט געסט, [illegible] איינגע שטעהען, אויבענאָן זיטצט אַקולינע מיט [illegible]. [illegible] טיש שטעהען איקאָנעס. סע ליגט אַ ברויט [illegible] [illegible] זיטצט מארינע, איהר מאַן דער [illegible], די [illegible] לידער. אניסיע [illegible] [illegible]. [illegible] הערען אויף צו זינגען.

## ערשטער אַרויסגאַנג.

אַניסיע, מאַרינע, איהר מאַן, אַקולינע, דער מהותן, אַפורמאַן, דער אוריאַדניק די מחותנסטע, אַ שאַפערקע, מאַטריאָנע, נעכט, איין עולם.

**דער פורמאַן.** פאָהרען איז פאָהרען. דער קלויסטער איז נאָהענט.

**די [illegible]ערקע.** וואַרט אַ ביסעל. לאָז דער שטיפטאַטע [illegible]געבען די ברכה, וואַ[illegible]?

אניסיע. באַלד קומט ער, אָט תּיכּף וועט ער זיין, טייערינקע, טרינקט נאָך צו גלעזלעך, האָט קיין פֿאַראיבעל ניט.
די מחותּנסטע. וואָס איז אַזוי לאַנג. וויפֿיעל מע וואַרט שוין.
אניסיע. אָט קומט ער, באַלד קומט ער, ליובינקע. אַנ'אָפּ־געשוירען מיידעל וועט דעם צאָפּ ניט פֿאַרפֿלעכטען טרינקט, טייערינקע. טרינקט. (זי גיסט זיי אָן בראַנפֿען) באַלד וועט ער זיין. זינגט נאָך עפּעס ביז וואָס.
דער איזוואָשטשיק. שוין אַלע ליעדער אויסגעזונגען וואַרטענדיג. (די ווייבער זינגען, אומיטען דער ליעד געהן אַריין ניקיטע אונ אָקים),

# צווייטער אַרויסגאַנג.

## די פֿריהריגע, ניקיטע אונ אָקים.

ניקיטע. (האַלט אָקימען פֿאַר דער האַנד אונ שטופּט אויפֿצופֿריהער) געה זעה, טאַטעניו, אָהן דיר טאָר מען ניט.
אקים. איך האָב פֿיינט דאָס דאָזיגע. איך האָב פֿיינט, זאָג איך.
ניקיטע. (צו די ווייבער). געענוג שוין, ווערט אַנשוויעגען (ער קוקט זיך אַרום אויף וואָס אין שטוב) מאַרינע דו ביסט דאָ?
די מחותּנסטע. געה נעהם די איקאָנע, גיעב שוין די ברכה.
ניקיטע. האָב צייט (ער קוקט זיך אַרום) אַקולינע דו ביסט דאָ?
די מחותּנסטע. וואָס רופֿט ער איבער דעם עולם? וואו־זשע זאָל זי זיין? וואָס איז מיט איהם אַזוינס געשעהען?
אַניסיע. טאַטעניו מיינער, וואָס איז דאָס, וואָס איז ער באָרוועס?

ניקיטע. טאַטע! דו ביסט אויך דאָ? קום אַהער, טאַטע! הערט, מענשען! איהר זענט אַלע דאָ. אונ איך בין אויך דאָ. אַט שטעה איך פֿאר אַייך (ער פֿאַלט אויף די קניע).

אניסיע. מיקיטושקע! וואָס איז דאָס מיט דיר אזוינס? אַ וועהטאָג איז מיר.

די מחותנסטע. אַט האָסטו דיר.

מאַטריאָנע. איך זאָג אַייך קינדער דער ווײַן האָט איהם פֿאַרשאָט. וואָס איז מיט דיר, זוהנו? שטעה אויף.

ניקיטע. הערט מענשען, הערט! איך בין זינדיג, איך וויל תשובה טהון.

מאַטריאָנע. וואָס ביסטו משוגע געוואָרען! פֿיהרט איהם אַוועק, טייערינקע, ער איז צומישט.

ניקיטע. (טהוט זי אַ שטופּ מיט׳ן עלענבויגען) לאָז מיך, מאַמע. אונ דו טאַטעניו, הער וואָס איך וועל זאָגען. די ערשטע זאַך. מארינקע קום אַהער (ער טהוט זיך אַ בוק צו די פֿיס אין הויבט זיך אויף) איך בין זינדיג אַ קעגען דיר, איך האָב דיר צו געזאָגט חתונה האָבען, איך האָב דיך פֿאַרפֿיהרט, איך האָב דיך אָפּגענאַרט איך האָב דיך אַוועקגעוואָרפֿען. זיי מיר מוחל. טאָמער וועט מיר גאָט אויך מוחל זיין. (ער טהוט זיך ווידער אַ בוק).

אניסיע. וואָס האָסטו דיך צוּרעדט, קיינער פֿרעגט דיך ניט. שטעה אויף. גענוג זיך משוגע מאַכען.

מאַטריאָנע. אַ וועהטאָג איז מיר, וואָס איז דאָס מיט איהם אַזוינס? אוי ס׳איז אָפּגעטהון. שטעה אויף וואָס איז דאָס פֿאַר נאַרישקייט! (זי שלעפּט איהם פֿאַר דער האַנד).

ניקיטע. (מאַכט מיט׳ן קאָפּ) טשעפּע מיך ניט, מאַמע. מארינע! איך בעט דיך מחוילה, פֿאַרגעס מיין זינד אַ קעגען דיר. (מאַרינע פֿאַרשטעלט זיך מיט די הענד).

**אניסיע.** ניקיטע! שטעה אויף, זאָג איך דיר. סע בזיון. אוי, אַ צרה מיר אַ גרויסע. ער איז צו מישט.

**ניקיטע.** (שטופּט אָפּ דאָס ווייב און קערעוועט זיך אויס צו אַקולינען) אַקולינע! הער דו אַצינד וואָס איך וויל זאָגען. הערט, מענשען, הערט מיינע זינד. אַקולינע. איך בין זינדיג אַקעגען דאָס. דיין טאַטע איז ניט מיט זיין טויט געשטאָרבען. מיט סם האָט מען איהם געטויט.

**אניסיע.** (מיט אַ געשריי) גוואַלד, אַ צרה מיר אַ גרויסע! וואָס איז דאָס מיט איהם!

**מאטריאָנע.** קינדער, איהר זעהט ניט, דער מענש איז ניט ביי די געדאַנקען. פֿיהרט איהם אַוועק (דער עולם וויל נעהמען ניקיטען).

**אקים.** וואַרט, קינדער. וואַרט, דאָס דאָזיגע, וואַרט צו. זאָג איך.

**ניקיטע.** אַקולינע! איך. איך האָב איהם מיט סם געטויט. זיי מיר מוחל טאָמער וועט מיר גאָט מוחל זיין.

**אקולינע.** ס'אַ ליגען! ער זאָגט אַ ליגען, איך וויים ווער.

**די מחותנסטע.** דו כּלהניו זיטץ אויף דיין אָרט.

**אקים.** אָ! רבונו של עולם. וויפֿיל זינד, אַזוינע זינד!

**דער אוריאַדניק.** הע! נעהמט איהם. שיקט נאָכען סטאַרעסטע. מע דאַרף מאַכען אַנ'אַקט. שטעה נור יונגער מאַן אויף, קום אַהער.

**אקים.** (צום אוריאַדניק) דו, מעשענע קנעפּליך, וואַרט צו אַביסעל, דאָס דאָזיגע, דו וואַרט צו, זאָג איך, הייל זיך ניט. לאָז איהם, דאָס דאָזיגע, לאָז איהם רעדען, זאָג איך.

**דער אוריאַדניק.** (צו אָקימען). דו, אַלטער, זעה נור מיש דיך ניט. איך דאַרף אַנ'אַקט מאַכען.

**אקים.** עך, מענש איינער, וואַרט, זאָג איך. אַ מענש דינט

גאָט. ער טהוט תשובה פֿאַר'ן אויבערשטען, אונ
דו, דאָס דאָזיגע, מיט'ן אַקט.

**דער אוריאַדניק.** וואַרט, זאָג איך, לאָז צופֿריהער דער
אויבערשטער זיין צופֿרידען אונ נאָכדעם, דאָס
דאָזיגע, ספּראַווע דיר דיינס.

**ניקיטע.** אַקולינע! נאָך האָב איך אַקעגען דיר אַזינד
אַ גרויסע. איך האָב דיך פֿאַרפֿיהרט איך האָב דיך
אָבגענאַרט. זיי מיר מוחל, טאָמער וועט מיר גאָט
מוחל זיין. (ער טהוט זיך אַ בוק צו די פֿיס).

**אַקולינע.** (געהט אַרויס פֿונ'ם טיש) לאָז מיך, איך וויל ניט
חתונה האָבען. ער האָט מיר געהייסען, אַצינד וויל
איך ניט!

**דער אוריאַדניק.** חזר איבער, וואָס האָסטו געזאָגט?

**ניקיטע.** וואַרט, גאָספּאָדין אוריאַדניק, לאָזט מיך ענדיגען.

**אַקים.** (אויסער זיך פֿון פֿרייד). דערצעהל, קינד מיינס טייערס,
אינגאַנצען זאָג אויס. וואַרף אַראָפּ דאָס שווערקייט
פֿונ'ם האַרצען. טהו תשובה צו גאָט, האָב קיין
מורא ניט פֿאַר מענשען. גאָט, גאָט, ער הערט
דיך, זוהנו, ער זעהט אַלדינג!

**ניקיטע.** דעם טאַטען האָב איך געטויט, די טאָכטער האָב
איך אומגליקליך געמאַכט. זי איז אין מיין רשות
געווען, זי האָט געמוזט פֿאָלגען, וואָס איך האָב
געהייסען. אונ דאָס קינד איהר'ס האָב איך אויך
אומגעבראַכט.

**אַקולינע.** יאָ, אמת, אמת.

**ניקיטע.** אין קעלער בין איך געזעסען, מיט אַ ברעט האָב
איך איהר קינד צוגעקוועטשט. איך בין געזעסען
אויף דעם. איך האָב עס געשטיקט... אונ די
ביינדעלעך האָבען געטרעשטשעט (ער וויינט). אונ
נאָכדעם האָב איך עס אין דר'ערד באַגראָבען. איך
האָב דאָס געטהון, איך אַליין.

אקולינע. ס'א ליגען. איך האָב געהייסען.

ניקיטע. פארטהיידיג מיך ניט, אקולינע, איך האָב אצינד פאר קיינעם קיין מורא ניט. זייט מיר מוחל, גאָטס מענשען. טאָמער וועט אויף מיר גאָט רחמנות האָבען (ער בוקט זיך צו דר'ערד, אַלע שווייגען).

דער אוריאדניק. בינט איהם. פארשטערט טאָ'אַפּנים אייער חתונה (דער עולם געהט צו מיט גאַרטלען).

ניקיטע. וואַרט צו, האָט צייט. (ער שהוט זיך אָקימען אַ ביק צו די פיס) טאַטעניו מיינער אייגענער! אונ דו זיי אויך מוחל מיין זינדיגע נשמה. דו האָסט מיר געזאָגט אויפ'ן אָנהויב, ווען איך בין נור פארפיהרט געוואָרען אינ'ם פּאָהאַנע זנות, האָסט מיר געזאָגט: דאָס נאָגעלע איז אריין, איז דאָס גאַנצע פויגעלע פארפאַלען. איך האָב דעמאָלט ניט געוואָלט פאָלגען הערען וואָס דו האָסט געזאָגט, טאַטעניו. אצינד איז אויף דיינס אויסגעקומען. זיי מיר מוחל אונ בעט גאָט פאַר מיר.

אקים. (אויסער זיך פאַר פרייד) ער וועט דיר מוחל זיין, קינד מיינס הארציגס! (ער נעהמט איהם אַרום) דו האָסט אויף זיך קיין רחמנות ניט געהאַט, וועט ער זיך אויף דיר דערבאַרעמען. גאָט, גאָט. אָט איז ער, ער זעהט אַלדינג.

---

# צוועלפטער אַרויסגאַנג.

## די פריהריגע און דער סטאַראסטע.

**דער סטאַראָסטע.** (געהט אַריין אַ עדות איז דאָ אויך גענוג, דער אוריאַדניק. באַלד וועלען מיר מאַכען אַ דאָזנאַניע (מע בינט ניקיטען).

**אַקולינע.** (שטעלט זיך נעבען ניקיטען). פרעגט מיך אויך, איך וועל אויך דערצעהלען.

**ניקיטע.** (פאַרבונדען) ניטאָ זיי וואָס צו פרעגען. אַלעס האָב איך אַליין געטהון. מיט מיינע הענט. פיהרט מיך וואו איהר ווילט. מעהר האָב איך גאָר נים וואָס צו זאָגען.

דער פאָרהאַנג פאַלט.

